שמחה פּאָליאַקעוויטש




פארלאג
י. ל. פרץ
ישראל
1963

# פון מחבר

מיט דעם בוך „טעג אָן ליכט״ ווערן פאַרענדיקט די זכרונות־פאַרצייכענונגען וועגן מיינע איבערלעבענישן בעת דער היטלער־תקופה.

דאָס בוך „טעג אָן ליכט״, כראָנאָלאָגיש אַ המשך פון מיינע פריערדיקע דריי ביכער („אַ טאָג אין טרעבלינקע״, „אין שאָטן פון טרעבלינקע״, „אין אַ פרעמדער הויט״) — איז גלייכצייטיק אַ טעמע פאַר זיך, ווייל די געשעענישן און דאָס לעבן פון די מענטשן קומען דאָ צום אויסדרוק נישט אין די אָקופּירטע דורך די דייטשן געביטן, נאָר אין „דריטן רייך״ גופא, אין דייטשלאַנד.

די שילדערונגען, פאַקטן און שטימונגען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין דעם בוך, וועלן אפשר קאָנען צו נוץ קומען די פאָרשער פון דער חורבן־תקופה ביים זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: ווי אַזוי האָבן די דייטשן אויף זייער ערד זיך באַצויגן צום נאַצי־רעזשים און וואָס פאַר אַ מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט טראָגט דאָס דייטשישע פאָלק פאַר די אַכזריותדיקע מעשים פון דער היטלעריסטישער הערשאַפט.

פאַרשטענדלעך, אַז ביי דער גרעסטער גענויקייט און פּינקטלעכקייט, איז שווער איבערצוגעבן דאָס געשעענע פון יענער תקופה אין דער זעלבער שטימונג, אין וועלכער עס האָט געלעבט דער מענטש אין יענער צייט — אין די טעג אָן ליכט.

דאָס בוך איז נישט בלויז אַ שילדערונג פון מיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען, נאָר אויך די געשיכטע פון די געפּלאָגטע און פאַרפאָלגטע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אַלס אַריער, אָבער זיי קענען דאָס נישט איבערגעבן אויפן פּאַפּיר. ווי אַזוי האָבן אַזעלכע געפּייניקטע מענטשן דורכגעזעצט זייער ווילן צום לעבן און נישט אויפגעגעבן אים? ווי אַזוי האָט די כסדרדיקע טויט־געפאַר נישט פאַרפלייצט די נשמה מיט יאוש און נישט דערשטיקט דעם דראַנג צום ווייטערדיקן געראַנגל?

עס איז צו פּשוט צו טראַכטן, אַז ביי זיי האָט דעצידירט בלויז דער רויער אינסטינקט, בלויז דער ווילן אויסצומיידן דעם טויט.

אויף דער אַרישער זייט איז מיר אויסגעקומען צו אָבסערווירן דאָס לעבן פון די פּוילישע פּליטים. מיט זיי בין איך דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן וועג פון היימלאָזי־קייט, געפאַנגענשאַפט און קנעכטשאַפט. אויף די אַלע עטאַפּן האָב איך געזען דעם

**פוילישן פויער און אינטעליגענט אַן אויסגעוואָרצלטן פון זיין היים. אָן אַ העכערן גלויבן — איז דער דאָזיקער פּליט געשטאַנען אומבאַהאָלפן אַנטקעגן זיינע טאָג־טעגלעכע ליידן. ער איז נישט בכוח געווען זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם צעפרע־סנדיקן יאוש. זיין ביטערניש האָט ער אויסגעלאָדן אין קעגנזייטיקע קריגערייען און געשלעגן און אין קאָרטן־שפּיל.**

**ווי אַנדערש האָט אויסגעזען דער יידישער פּליט אין דער זעלבער סביבה, נישט געקוקט אויף דער פּילפּאַך גרעסערער געפאַר פאַרן טויט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. ביי אים האָט דער דראַנג צו דערהאַלטן דאָס לעבן געהאַט אַ טיפערן זין. דעם יידישן פּליט האָט תמיד באַגלייט ווי אַ העכערע השגחה — דער גייסט, וועלכן ער האָט מיטגענומען פון זיין צעשטערטער היים, דער בטחון פון זיינע אבות אין משך פון דורות־לאַנגן גלותדיקן לעבן. דערפאַר איז אַזוי שווער געווען אויסצולעשן זיין אמונה אין דער קומענדיקער באַפרייונג.**

שמחה פּאָליאַקעוויטש

תל־אביב, יולי 1963

## קאַפּיטל איינס

וועסטפאַליע, וואַטענשייד, פּאָלען־לאַגער, לייטען־שטראַסע נומער 2 — אָט דעם אַדרעס האָבן די נאָר וואָס אָנגעקומענע לאַגעריסטן פאַר־נאָטירט, כדי צו וויסן ווו זיי געפינען זיך.

אונדזער לאַגער, אַ געדיכט אַרומגעצוימטער, מיט אַ הויכן דראָטענעם פּאַרקן, האָט זיך געפונען אויף אַ פריי פעלד לעבן אַ ספּאָרט־פּלאַץ, צווישן די שטעט וואַטענשייד און געלזענקירכען.

אין רוקן פון לאַגער, באַרג אַרויף, זעט מען בולט די הייזער־שפּיצן פון דער גרויס־אינדוסטריעלער שטאָט — עסען.

אַן אומעטיק געפיל דערוועקט ביי די געפאַנגענע דער ערשטער בליק אַרום לאַגער: פון דער רעכטער זייט — די שטאָט וואַטענשייד מיט די טונקל־גרויע מויערן־ווענט אונטערן פאַררייכערטן הימל פון די שטענדיק טליענ־דיקע הויכע בערג־קייטן מיט ברענענדיקן קוילן־אָפּפאַל אויף די פעלדער אַרום די שאַכטעס, און פון דער לינקער זייט — די שטאָט געלזענקירכען. מיט די אויסגעצויגענע רויטע פאַבריק־קוימענס פון די אייזן־ און שטאָל־גיסערייען, וואָס רייכערן אָן איבעררייס טאָג און נאַכט.

אין אָט די צוויי אינדוסטריעלע שטעט האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער שקלאַפן־לעבן אונטער דער הערשאַפט פון דייטשישן לאַגער־פירער, דעם געוועזענעם פייערלעשער־קאָמענדאַנט ביי די וואַטענשיידער קוילנגרעבער.

באַלד אין ערשטן טאָג נאָך אונדזער אָנקומען אין לאַגער האָט ער, בעת אַן אינספּעקציע איבער אַלע באַראַקן, זיך פאָרגעשטעלט פאַר אונדז: אַ מיטליאָריקער דיקער דייטש מיט אַ פול רויטלעך פּנים, אָנגעטאָן אין אַ טונקל־בלויען מונדיר געפּוצט מיט רויטע איינגענייטע קאַנטן; אויף די אַקסלען — גאָלדפאַרביקע שליפעס; פון פאָרנט — אַ גלייכע שורה

גאָלדקאָליריקע קנעפּ; אַ לאַנגע גלאַנציקע שווערד קלאַפּט אויף זיין לינקן שטיוול ביים מיליטערישן גאַנג.

דאָס דערשיינען פון קאָמענדאַנט אין אַזאַ אויסזען פּאַרויס פון זיינע באַגלייטערס האָט געדאַרפט וועקן רעספּעקט און גרוזאַמקייט צו זיין פּערזאָן.

נאָך איין טאָג רו האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע רעגיסטראַציעס און איינמעלדונגען אין די ביוראָ־צימערן. דאָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אונטערשרייבן אַ פּאָליצייאישן בויגן פּאַפּיר — אַ התחייבות, אונטער דער דראָונג פון טויטשטראָף, נישט צו האָבן קיין געשלעכטלעכע באַציונגען מיט אַ פרוי פון דער דייטשישער ראַסע.

נאָכן פונאַנדערטיילן די אַרבעטס־פּלעצער בין איך, צוזאַמען מיט וואַצעקן און באָלעקן, צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער קוילנשאַכט „האָלאַנד״ אין דער שטאָט וואַטענשייד, בערך דריי קילאָמעטער גאַנג פון לאַגער.

איבערגעטוענע אין די צוגעטיילטע אַרבעטס־מלבושים זענען מיר, אַ פּאָר צענדליק מאַן, געשיקט געוואָרן אויסהערן אַ פאָרטראָג פון אַ דייטשישן גרובן־אינזשיניער וועגן דעם, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די אַרבעט אין קוילנגרובן. דאָס איינציקע וואָס איז געבליבן ביי אַלע צוהערער אין זכרון, נאָך די טעאָרעטישע אויפקלערונגען, איז געווען די שטרענגע מעלדונג פאַר וואָס מען טאָר נישט רייכערן אין קוילנגרובן.

נאָך דעם פאָרטראָג פירט אונדז אַ טעכניקער אין קוילנגרובן, כדי פּראַקטיש צו באַקענען זיך מיט די וועגן, וואָס פירן צו דער אַרבעט.

די ערשטע טריט אויף דעם וועג מאַכן מיר דורך לאַנגע קאָרידאָרן אין אַ ריזיק גרויסע האַלע. מעכטיקע שטאָלענע זיילן האַלטן אונטער מיט זייערע שפּיצן דעם הויכן שיפּועדיקן דאַך פון אייזערנע שטאַנגען. אַ ברייטע נעץ פון שמאָלע באַן־רעלסן, אויף וועלכע עס באַוועגן זיך מיט גערויש און טראַסקעריי לאַנגע שורות אייזערנע וואַגאָנדלעך, אָנגעפילטע מיט שטיקער קוילן. איבער אייזערנע טרעפּ, ווי זיי וואָלטן געהאָנגען אין דער לופטן, קלעטערן מיר צו אַ דריישטאָקיקער ווינדע, וואָס לאָזט זיך מיט אונדז אַראָפּ אין אַ פינצטערן תהום מיט אַזאַ געשווינדקייט, אַז מיר

האָבן דאָס געפיל פון פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס. נאָך פיר מינוטן שטייגן מיר אויס טויזנט מיט צוואַנציק מעטער אונטער דער ערד.

אַ נייע וועלט אַנטפּלעקט זיך פאַר מיינע אויגן. לאַנגע רייען שוואַרץ־פאַרשטויבטע קוילנגרעבער שטייען מידע נאָך דער נאַכט־שיכט און וואַרטן אויף דער דריישטאָקיקער ווינדע. נאָך יעדע צען מינוט באַוועגט זי זיך מיט איר לייכטער באַוועגונג, פירנדיק פון אויבן קוילנגרעבער מיט זויבערע פנימער צו דער אַרבעט, בעת אין דער אונטערשטער טייל ווינדע שטייגן איין קוילנגרעבער מיט שוואַרצע פנימער, כדי אַרויסצופאָרן פון קוילנגרובן. 60—70 מאַן ווערן מיט אַ מאָל פאַרשלונגען אַזוי שנעל, אַז עס איז קוים צו באַמערקן ווי זיי ווערן פאַרשווונדן. אויף דעם זעלבן אופן ווערן איבערטראַנספּאָרטירט די ליידיקע און פולע וואַגאָנדלעך מיט קוילן.

נאָכן אַרויסגיין פון דער ווינדע פירט מען אונדז איבער לאַנגע שוואַך־באַלויכטענע קאָרידאָרן, ענלעכע צו באַן־טונעלן אונטער שטיינערנע בערג. מיר גייען לענג־אויס די שמאָלע באַן־רעלסן. דער וועג־פירער קלערט אונדז אויף, אַז מיט יאָרן צוריק איז דער גאַנצער שטח דאָ פול געווען מיט קוילן. אין לויף פון דער צייט איז דער שטיינערנער באָדן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טראַנספּאָרט־וועגן, וואָס פירן צו די ווייטע קוילן־שאַכטן. מיר זעען טאַקע אָנלויפן קליינע עלעקטרישע לאָקאָמאָטיוון מיט לאַנגע צוגן וואַגאָנדלעך, וואָס זעען אויס ווי דרייקאַנטיקע קאַסטנס, פולע מיט בלישטשענדיקע קוילנשטיקער.

מיר גייען אָפּגערוקט פון די באַן־ליניעס, לענג־אויס די שטיינערנע ווענט, אויף שמאָלע פייכטע סטעזשקעס. מען שטעלט פאָרזיכטיק די טריט ביים ראַנד פון ריזלדיקע שמאָלע וואַסער־אָפּפלוסן אונטער די נאַסע ווענט, וועלכע מען טאָר נישט באַרירן צוליב די נישט אָנזעעוודיקע לעבנס־געפערלעכע עלעקטרישע קנופּן.

אַריינקומענדיק אין די פינצטערע קאָרידאָרן צינדן מיר אָן אונדזערע לאָמפּן, וואָס זעען אויס, ווי שמאָלע לאַנגע פלעשער מיט דיקע גלעזערנע קעפּ אונטער שיטערע אייזערנע שאַטקעס.

אויף די שמאָלע סטעזשקעס מיידן מיר זיך אויס מיט שוואַרץ־פאַר־

שטויבטע פּנימער, וואָס קוקן אויף אונדז מיט בלישטשענדיקע ווייסלען און זאָגן מיט גרינגשעצונג אַרויס דאָס וואָרט — „אָוסלענדער".

וואַצעק און באַלעק גייען פֿאַר מיר. זיי זענען אויס צו זיין דורכגעגנ־מען מיט אַן אומאַנגענעם געפֿיל פֿאַר דעם אונטערערדיש־ווילדן תהום, וואָס וויקלט זיך אויס מיט באַוועגלעכע שוואַרצע שאָטנס. זיי לייגן נישט קיין אַכט אויף די רייד פֿון וועגפֿירער, וואָס מאַכט אויפֿמערקזאַם אויף די דורכגייענדיקע געפֿערלעכע ערטער, באַצייכנטע מיט ווייסן קרייד אַרום בלעכענע „טויטקעפּלעך".

— אָט ווי מיר זענען אַריינגעפֿאַלן — זאָגט וואַצעק צו באַלעקס באַוועגלעכע פּלייצעס פֿאַר זיינע אויגן.

— אַ שאָד וואָס איך בין נישט געשפּרונגען פֿון צוג — ענטפֿערט באַלעק, אויסדרייענדיק אַ ווײַלע זיין פּנים אויף הינטן.

מיר בלייבן שטיין. דער וועגפֿירער הייסט אונדז זיך איינקוקן אין אַן אויסטערליש בילד: פֿון דער פֿינצטער קומט אָן צו לויפֿן אַ שווער סאָ־פּענדיק פֿערד, וואָס שלעפּט מיט זיך אַ שורה וואַגאָנדלעך קוילן. פּלוצלינג שפּרינגט דאָס פֿערד אַרויס פֿון די באַן־ליניעס און די לויפֿנדיקע וואַ־גאָנדלעך קלאַפּן זיך אָן אין די שטייענדיקע. דער וועגווייזער וויל אונדז געבן דערמיט צו פֿאַרשטיין, אַז אַפֿילו אַ בלינד פֿערד דערפֿילט מיט זיין אינסטינקט אין קוילנגרובן, ווי אַזוי אויסצומיידן אַ געפֿאַר פֿאַר זיין לעבן. פֿאַרויסגייענדיק זאָגט וואַצעק:

— אויב דאָס בלינדע פֿערד דאַרף זיין פֿאַר אונדז אַ ביישפּיל, וועלן מיר דאָ פֿאַרלוירנגיין.

וואַצעקס נידערגעשלאָגנקייט ווירקט אויפֿרייצנדיק אויף באַלעקן. ער גייט אַ נערוועזער, ציקט מיט די אַקסלען און שעלט מיט ביטערע קללות. איך גיי נאָך זייביידן און האָב נישט קיין מוט אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

די לאַנגע שורה לאָמפּן אין אונדזערע הענט קרימט זיך אויס אין אַ זייט. מיר קומען אַריין אין אַ ברייטן קאָרידאָר, ווו עס שטייען לאַנגע רייען אָנגעפֿילטע וואַגאָנדלעך מיט קוילן. עלעקטרישע לאָקאָמאָטיוולעך

שלעפּן זיי אַוועק און פון דער טיפער פינצטערניש הילכט אַ געוויש פון די לויפנדיקע רעדער איבער די שמאָלע באַן־רעלסן.

— אָט דאָ — ווייזט אָן דער גרופּן־פירער מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט אַנטקעגן אַ פינצטערן לאָך — וועט זיין אייער אַרבעטס־פּלאַץ.

אין באַגינען אויפן צווייטן טאָג פאָרן מיר אַראָפּ אין קוילנגרובן שוין איבערגעטוענע אין טונקל־בלויע לייוונטענע אָנצוגן מיט האַרטע לעדערנע העלמען אויף די קעפּ; די פיס — אין שווערע שיך, מיט אייזערנע טשוועקעס אויף די זוילן. מיר גייען צוזאַמען מיט דייטשישע קוילנגרעבער. אַ סך פון זיי, אָפּשטאַמיקע פון פּויזן, רעדן צו אונדז אויף פּויליש. אויך דער אַרבעטס־מייסטער קען מיט אונדז זיך פאַרשטענדיקן.

נאָך אַ קאַרגער שעה גאַנג קומען מיר אָן צו אַ פאַרשטויבטער שטיינערנער וואַנט. איינער נאָכן צווייטן הייבן מיר אָן אַרויפקלעטערן אויף אַ שמאָלן אייזערנעם לייטער און ווי קעץ קריכן מיר אַריין דורך אַ פינצטערן לאָך אין אַ לאַנגן חושכדיקן קאָרידאָר. איך שפּאַן מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן נאָך די שוואַרצע שאָטנס מיט די לייכטנדיקע לאַמ־טערנעס ביי די פיס, איבער אַ שמאָלן אויסגעקרימטן שטיינערנעם וועג, לענג־אויס אַ ברייטן גומי־פּאַס, וואָס ליגט געשפּאַנט איבער קיילעכדיקע וואַלצן. דער דורכגאַנג איז נידעריק און שמאָל. נאָך יעדן מאָל אָנרייבן זיך אין די שטיינערנע ווענט דערפילט מען איבערן פּנים אַ געדיכטן אַש־שטויב, וואָס קריכט אַריין אין די נאָזלעכער, ברענט אין די אויגן. מען קען אָבער נישט בלייבן שטיין, ווייל פון הינטן גייען אַנדערע. זיי שרייען, אַז מען זאָל פאָרויסגיין און נישט אויפרודערן דעם שטויב.

נאָך דעם קורצן פאַרמאַטערנדיקן גאַנג קומען מיר אָן צו אַ ברייטער עפענונג, פון וואַנען עס שטעקט אַרויס אַן עק פון עפּעס אַ מעכאַנישער איינריכטונג, ענלעך צו אַ שמאָלן אייזערנעם קאַסטן, וואָס הענגט אויף דיקע קייטן איבערן גומי־פּאַס. דורך אַ זייטיקן לאָך קריכט מען אַריין אין אַ פינצטערן רוים און די פיס הייבן אָן צו טרעטן איבער קליינע צע־ברעקלטע שטיקלעך קוילן. אַלע בלייבן שטיין. דער טעכנישער לייטער (רוטשע־מייסטער) פירט דאָס ליכט פון זיין לאָמפּ איבער די פּנימער

פון די בלאַסע קוילנגרעבער אַרום אים. ער פּאַרט אונדז, די פּאָליאַקן, צוזאַמען מיט דייטשן און טיילט פונאַנדער די אַרבעט. פּאַרלעכוויז הייבן מיר אָן קלעטערן באַרג־אַראָפּ לענג־אויס אייזערנע קייטן מיט שטאַפּלען ווי ביי אַ לייטער. זיי ליגן שטייף אָנגעצויגן אין שמאָלע לאַנגע אָפענע קאַריטעס פון דיקע בלעכן, וואָס ציען זיך אין אַ גלייכער ליניע באַרג־אַראָפּ פאַרביי אַ קוילנוואַנט פון אַ מעטער זעכציק די הויך. מיר דראַפּען זיך מיט איינגעבויגענע קעפּ וואָס אַ מאָל העכער, אָנכאַפּנדיק זיך נאָך יעדע פּאָר טריט אין די גראָבע הילצערנע קלעצער, פאַרפּעסטיקטע צווישן שטיינערנעם באָדן און סופיט. אַ פאַרסאַפּעטער פאַרהאַלט איך זיך לעבן דייטש, וואָס איז געבליבן שטיין און אויפגעהאָנגען די לאָמפּ אויף אַ קלאָץ, ווו דער רוטשע־מייסטער שרייבט אויף מיט קרייד זיין אַרבעטס־נומער.

דער דייטשישער קוילנגרעבער, פערדינאַנד, אַ ברייטער פעסטגע־בויטער יונג מיט אַ בלאַס קנאָכיק־לענגלעך פּנים, ציט אַראָפּ דאָס רעקל פון זיינע אָדערדיקע האַרט־מוסקולירטע הענט. אַ דין שוואַרץ טריקאָ־העמדל הענגט אויף זיינע אַקסלען, ווי אויסגעהאַקטע פון שטיין. ער רעדט צו מיר פריינדלעך און ער איז צופרידן וואָס איך פאַרשטיי אים אין זיין שפּראַך ביים אויפקלערן מיר מיין אויפגאַבע אַלס זיין געהילף אין דער אַרבעט. ער הייסט מיר גוט איינקוקן זיך ווי אַזוי ער פאַרזעצט דעם שטאָ־לענעם שאַרפן שפּיז (פּין) אין דער בויער־מאַשין, אַ פאַראייניקטע צו אַ לאַנגער גומי־קישקע (שלאַוך), וואָס ווערט צוגעשרויפט צו אַ דינער רער, אַ פּולע מיט פּרעסלופט. איך באַוויז נאָר צו כאַפּן אַ קוק אַראָפּ צו דער לאַנגער שורה אויסגעהאָנגענע לאָמפּן — און זע, אַז איך געפין זיך אויפן שפּיץ פון אַ שיפּועדיקן תהום. און שוין דערהערט זיך אַ גערויש פון מאָטאָרן. די קייטן הייבן זיך אָן שאַרן אין די רוטשעס (בלעכן), מיטנע־מענדיק צו דער לויפנדיקער גומי־באַנד שטיקער קוילן, וואָס פאַלן פון דער קוילנוואַנט אונטער די טראַסקענדיקע לופט־האַמערס. דער טומל צעגייט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון „שטרייב״ (קוילן־רוים). עס ציטערט די אונטערערדישע פאַרשטויבטע לופט. מיר דאַכט זיך, אַז אָט־אָט פאַלט איין די קוילנוואַנט און דעקט צו מיט די אויפגעפּלאַצטע שטי־

קער די אַלע מענטשלעכע שאָטנס, וואָס שטייען מיט צעוואָרפענע הענט און פיס אונטער די לאָמפּן.

פערדינאַנד שטייט מיט אַ פינף מעטער העכער פון מיר. ער זעט זיך קוים אַרויס פון שטויב־וואָלקן, וואָס הילט אים אַרום ווען די קוילנ־וואַנט פּלאַצט אונטער זיין לופט־האַמער און שטיקער קוילן קאָלערן זיך אַראָפּ. איך שליידער זיי אויף דער לויפנדיקער קייט.

פערדינאַנד אַרבעט מיט אַ גוואַלדיקן כוח און מיט גרויס באַהאַוונטקייט. די קופּע קוילן ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער און איך באַוויז נישט צו דעריאָגן פערדינאַנדן אין זיין אַרבעט. ער לייגט אַוועק דעם לופט־האַמער און לערנט מיך, ווי אַזוי אַוועקצורוימען מיט דער לאָפּאַטע די צעבראָקלטע שטיקלעך קוילן.

מיט אַ צעווייטיקטן רוקן שטיי איך איינגעבויגן ביים שעפּן די קוילן. די צייט ציט זיך שרעקלעך לאַנגזאַם. איך דערוואַרט זיך ביז פערדינאַנד גראָבט אויס אין דער קוילנוואַנט אַ ברייטן לאָך און רופט מיך שניידן די קלעצער, מיט וועלכע ער פאַרבויט דעם שטיינערנעם סופיט, כדי ער זאָל זיך נישט איינברעכן.

פערדינאַנד, וואָס האָט זיינע אַרבעטס־קענטעניש געלערנט צוויי יאָר אין דער גרובן־שול, ווייזט מיר, ווי אַזוי אויסצומיידן אין דער אַרבעט אומגליקס־פאַלן, וואָס טרעפן אָפט ביי אָנפאַנגער. ער ראָט מיר דאָס אַלץ גוט צו געדענקען, אויב איך וויל נישט שנעל „קאַפּוטגיין".

איבער אָנגעוואָרפענע בערגער קוילן דראַפּעט זיך צו אונדז אַרויף דער רוטשע־מייסטער אַדאָלף. ער שטעלט אָן די לאָמפּ אַנטקעגן דער קוילנוואַנט און באַטראַכט דעם שטח פון אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ. צעווייגנדיק זיינע פאַרשטויבטע הענט שרייט ער צו מיר: „שעפּן! שעפּן!".

אַדאָלף דער רוטשע־מייסטער, אַן אָפּשטאַמיקער פון פוילישע עלטערן, איז אַ מיטלוווקסיקער מיט אַ פאַרריסן שפּיציק פּנים, שפּילעוודיקע בלאָע אייגעלעך, אַ שנעל לשון און פלינקע באַוועגונגען. צו די ניי אָנגעקומענע „אויסלענדער" איז ער אומברחמנותדיק שטרענג; אָך און ווי איז געווען דעם פּאָליאַק, וועמען אַדאָלף האָט געקרוינט מיטן נאָמען „פאַולער". צו אַזעלכן פלעגט ער זיך אָפּט באַווייזן אין משך פון דער שיכט, שטיין

איבער אים מיט בלישטשענדיקע ווייסלען און אָנוואָרפן אַ פּחד.

אַנדערש איז ער געווען צו די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געקענט נאָכ־קומען זיין פאַרלאַנג ביי דער אַרבעט. צו אַזעלכן פלעגט אַדאָלף זיך צושאַרן מיט אַ חניפה־שמייכעלע אין מויל־ווינקל, אַ באַוועג טאָן מיט די ליפּן „גליקאָוף״ (אַזוי באַגריסן זיך די דייטשישע קוילנגרעבער), זיך אָוועקזעצן אויף אַ שטיק קויל און מיט אַ פאַרקוועטשט אויג אויסמעסטן די מעטערס אויסגעגראָבענע קוילן. נאָכן אַריינציען אין די נאָזלעכער אַ שמעק טאַבאַק, פלעגט ער אָן אַ וואָרט אַוועקדראַפּען זיך צו אַ צווייטן. און אַז אַדאָלף איז אַוועק אָן אַ בייז וואָרט, איז מען געווען זיכער, אַז דאָס מאָל וועט מען קענען בשלום אָפּאַרבעטן די שיכט און אַרויספאָרן צו דער צייט פון קוילנגרוב.

אַדאָלף איז אַוועק העכער און פון אונטן איז אָנגעקומען דער שטייגער ברייטענשטיין. אַ לאַנגער ליכטפּאַס פון זיין בליצלאָמפּ האָט טאַנצנדיק איבער די הויפנס קוילן זיך דערנענטערט צו אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ און כ׳האָב אויף מיין איינגעבויגענעם רוקן דערפילט אַ שפּיץ פון אַ שטעקן. איך דריי האַסטיק אויס דעם קאָפּ און דערזע פאַר זיך אַ מאָגערע לאַנגע פיגור מיט אַ טונקל גרוי פּנים. מיט אַ כאָרכלענדיקער שטים שרייט ער צו מיר:

— דו קערל! מאַך דאָס שנעלער! שעפּען! שעפּען!

פערדינאַנד זאָגט צו מיר נאָך זיין אַוועקגיין:

— דער איזט אַ שלימער מאַן.

בוטאָן!!!

דאָס וואָרט הילכט אָפּ מיט אַן עכאָ פון איין אַרבעטס־פּלאַץ צום צווייטן איבער דער גאַנצער לענג פון דער „שטרייב״. די מאַשינען שטעלן זיך אָפּ, דער גערויש ווערט אויף אַ פערטל שעה איינגעשטילט. אַלע קוילנגרעבער זעצן זיך אויס אונטער די לאָמפּן, לייגן אויס צווישן די אויסגעצויגענע פיס פעקלעך עסן און בלעכענע באַנקעס קאַווע, בלאָזן אויס די פאַרשטאָפּטע נאָזלעכער און צעשווענקען די מיילער מיטן ערשטן שלונג קאַווע.

צופוסנס, לעבן דער קוילנוואַנט, זיצן די פּוילישע שקלאַפן־אַר־בעטער און קוקן מיט הונגעריקע אויגן אויף די שוואַרצע באַוועגלעכע מיילער, וואָס קייען דאָס עסן. די דייטשן דרייען אַוועק אין אַ זייט די פּנימער:

— יאָ, הונגער טוט ווייַ...

ווען פערדינאַנד האָט אויפגעוויקלט דאָס פּאַפּיר און אָנגעהויבן עסן, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין „שווער־פּאַרציאָן״ פון 400 גראַם ברויט, וואָס איך האָב פּאַר איין מאָל אויפגעגעסן אָן אַ חשבון. איך באַשליס, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועל איך יעדן טאָג איבערלאָזן אַ טייל פון דעם ברויט אויף מיטצונעמען מיט זיך אין קוילנגרובן.

אויף אַ בערגל קוילן ליג איך אָן איינגעדרייטער. פערדינאַנד רופט מיך צו זיך. זיין אויסגעשטרעקטע האַנט מיט אַ פּאָר פּענעצלעך ברויט רייסט מיך אָפּ פון דעם אָרט. איך דאַנק אים און וויל צוריקגיין, פאַר־האַלט ער מיך און זאָגט מיט אַ צעשאָקלטן פינגער:

— אָבער סטאַניס! ניכט זאָגען, דאָס דו מיין בוטאָן־בראָט גע־פרעסן האַסט. ווירר דאַרפן ניכט גוט זיין צו אייך אויסלענדער...

נאָך די פופצן מינוט הייבן די קייטן אָן זיך צו שאַרן אין דער רוטשע. די קוילנגרעבער פאַרענדיקן זייער הפסקה מיט אַ שמעק טאַבאַק. זיי ניסן און רייבן די נעז; זיי דערנענטערן זיך צו דער קוילנוואַנט און די צווייטע העלפט שיכט הייבט זיך אָן מיט דעם זעלבן מאָטאָרן־געריוש און טראַסקערייַ פון די לופט־האַמערס. די אונטערערדישע פאַרשטויבטע לופט הייבט ווידער אָן ציטערן.

אַדאָלף קריכט איבער דער „שטרייב״. ער קאָנטראָלירט די אויס־געגראָבענע מעטערס קוילן, און דאָרט ווי ער געפינט נישט גענוג אָפּ־געטוענער אַרבעט, שטעלט ער אָן זיין שוואַרצן פינגער אויף דעם פאַר־געלטן טאַשן־זייגער, וואָס ער ציט אַרויס פון אַ לייוונטן טאָרבעלע און זאָגט מיט אַן אויפגעהויבן פּנים צו דער קוילנוואַנט:

— דאָס מוז וועק צו ענדע שיכט!

ווען אַדאָלף דראַפּעט זיך אַרויף צו אונדז לאָזט פערדינאַנד שטעקן

אין דער קוילנוואַנט דעם לופט־האַמער, כדי לייכטער צו דערהערן די רייד פון רוטשע־מייסטער.

— ווערסט הויטע שווער פערטיק — זאָגט אַדאָלף צו פערדינאַנדן מיט פאָרוואורף.

— יאַ־יאַ — ווערט פערדינאַנד בייז — האַסט מיר נאָך צוויי מעטער געצייכנט, אָבער דיזער פּאָלע קען נאָך פיל נישט באַוויזן.

אַדאָלף לאָזט זיך אַראָפּ צו דעם אָרט, ווו איך שטיי איינגעבויגן ביים שעפּן די קוילן.

— הער מאַל, דו פּאָלע — שטרעקט ער אויס זיין שוואַרץ פּנים צו מיר — היר אים גרובע מוזטו פעסט אַרבייטן, ענטוועדער קאַפּוטגיין. שעפּען! שעפּען!

איך בלייב שטיין ווי אַ געהאָרכזאַמער סאָלדאַט אַנטקעגן זיין באַ־פעלגעבער. אַדאָלפן געפעלט אָבער נישט מיין שטילשווייגנדיקע פּאָזע, רייסט ער אַרויס פון מיינע הענט די לאָפּאַטע, בייגט זיך אַראָפּ און הייבט אָן שמייסן פולע לאָפּאַטעס קוילן אויף דער לויפענדיקער קייט אין דער רוטשע.

— זאָ מוז מאַן שעפּען!...

אַדאָלף גיט מיר צוריק די לאָפּאַטע, בלייבט שטיין איבער מיר און קוקט זיך איין צי מיינע הענט באַוועגן זיך מיט דער זעלבער שנעל־קייט. ווען ער גייט ענדלעך פון מיר אַוועק, גלייך איך אויף אַ ווײַלע אויס דעם רוקן.

פערדינאַנד שטייט מיט צעוואָרפענע פיס. זיין אויסגעצויגענע האַנט ציטערט אויפן הענטל פון דעם לופט־האַמער, וואָס קלאַפּט אָן אויפ־הער. דאָרט ווו די קוילנוואַנט שטעלט זיך אים קעגן מיט איר האַרט־קייט, שפּייט ער אויס און פון זיין אויסגעקרימט מויל רייסן זיך אַרויס צאָרנדיקע קללות: „דאָנערוועטער! צום טויפעל! פערפלוכטע קאָלע־שייסע״!...

אַ הויכער באַרג אָנגעוואָרפענע קוילנשטיקער טיילט אונדז ביידע פונאַנדער. איך קוק אָן דעם פינצטערן באַרג און מיך באַהערשט אַ פּחד ווען איך טראַכט, אַז דאָס וועל איך מוזן ביז צום סוף שיכט אָפּריינִיקן. צי

וועט מיר סטייען כוחות, אָדער איך וועל פאַלן אַ דערשעפּטער? און וואָס וועט דאַן מיט מיר זיין?

פון שיפּועדיקן תהום דערנענטערט זיך דער בליצלאָמפּ. איך נעם זיך גלייך צום שעפּן, שטרענג אָן אַלע כוחות, אַז די לאָפּאַטע אין מיינע הענט זאָל זיך שנעל באַוועגן.

אַ שאַרפער ליכט־פּאַס פאַלט פון אונטן אויף מיר און שפּרינגט איבער אויף דער קוילנוואַנט, אויף דעם באַרג קוילן און פאַלט ווידער אויף מיר, אויף מיין פּנים.

— איין שטונדע, אונד די גאַנצע קאָלע מוז וועק! — שרייט צו מיר דער שטייגער ברייטענשטיין.

איך בייג זיך איין און נעם זיך ווידער צום שעפּן. פאַר אים, דעם שטייגער, וואָס בלייבט שטיין איבער מיר, איז נאָך צו ווייניק די שנעל־קייט. וואַרטשעט ער, ווי אַ בייזער הונט, און הייבט אָן קאָמאַנדעווען מיט מיר. ער שטעלט אָן די שיין פון זיין בליצלאָמפּ אויף אַ גרויס שטיק קויל. ער ווייזט מיר מיטן שטעקן צו דער רוטשע:

— אַריינשמייסן! אַריינשמייסן! — גרילצט אין מיינע אויערן זיין הייזעריקע שטים.

איך קריך איבערן באַרג און קאָלער אַראָפּ שטיקער קוילן. נאָך יעדן מאָל אַריינשליידערן די קוילן אין דער רוטשע וואַרט שוין ביי מיינע פיס דער ליכט־פּאַס, וואָס פירט מיר אַוועק צו די צעשפּרייטע קוילנשטיקער אויפן באַרג. דאָס טעמפּע הייזעריקע קול: „שנעלער, שנעלער!" יאָגט מיך אַרויף און אַראָפּ. פּאַרטיק געוואָרן מיט די גרויסע שטיקער, ווייזט מיר דער ליכט־פּאַס אָן אויף דעם אָרט, ווו איך האָב פריער געשעפּט מיט דער לאָפּאַטע.

— היר שעפּען! — שרייט איבער מיין איינגעבויגענעם רוקן דאָס טעמפּע קול.

דער שטייגער לעשט אויס זיין לאָמפּ און שטעלט זיך אַנטקעגן מיין אַראָפּגעלאָזטן פּנים. איך זע בלויז זיינע צוויי לאַנגע פיס אין די לייוונ־טענע בעזש־הויזן, וואָס זעען אויס, ווי צוויי דיקע קלעצער איינגעגראָבן אין די קוילן. פאַר מיינע אויגן שווינדלט דער עק פון זיין שטעקן, וועלכן

ער פירט הין און צוריק אין דער זעלבער ליניע וואָס איך באַוועג מיט דער לאָפּאַטע: „איינס, צוויי! איינס, צוויי!“ביידע ציפּערן, וואָס ער רופט אויס מיט אַ באַפעלערישן טאָן, פאַלן ווי בייטשן אויף מיין איינגעבויגענעם רוקן: „איינס, צוויי! איינס, צוויי!“ און ווען די לאָפּאַטע אין מיינע הענט דעריאָגט די באַוועגונגען פון זיין שטעקן הין און צוריק, פון מיר ביז דער רוטשע, ברומט זיגעריש דער שטייגער ברייטענשטיין:

— זאָ בראַוכט מאַן שעפּען!

דאָס לייכטע אַרבעטס־העמדל און די דינע לייוונטענע הויזן זענען צו־געקלעפּט צו מיין לייב. פון דער שפּיץ נאָז רינען שוואַרצע שוויס־טראָפּנס; פון די האָר ציט זיך איבערן פּנים אַ געדיכטע פליסיקייט און פאַרקריכט אין מיין מויל, וואָס איז צעעפנט פון שווערן אָטעמען. איך שטרענג אָן אַלע כוחות, אַז מיין פּנים זאָל זיך נישט אַראָפּלאָזן נידעריקער און אַוועקפאַלן אויף דעם באַרג קוילן, וואָס פינצטערט פאַר מיינע אויגן.

פּלוצלינג בלייבט די רוטשע שטיין. דער שטייגער דרייט זיך אויס מיטן רוקן צו מיין פּנים, ווי ער וואָלט אין מיר פאַרגעסן. אַ ווײַלע קוקט ער בייז אויף דער שטיינגעבליבענער „רוטשע“ און לאָזט זיך מיט אימפּעט אַראָפּ טיפער אין דער שטרייב.

איך גלייך לאַנגזאַם אויס דעם איינגעבויגענעם רוקן און בלייב שטיין, ווי נאָך אַן אַראָפּלאָזן פון זיך אַ שווערע משא.

נישט באַוויזן נאָך אָפּצואָטעמען, רופט מיך פערדינאַנד צו זיך. ער שטייט איבער דער פּרעסלופט־רער און הערט זיך איין אין די אויסגע־קלאַפּטע סיגנאַלן. אַוועקנעמענדיק דאָס אויער פון דער רער זאָגט מיר פערדינאַנד, אַז די רוטשע איז געבליבן שטיין צוליב אַ פאַרשטאָפּונג אין די דורכגאַנגס־וועגן פאַר די קוילן. ער דערקלערט מיר, אַז אויב די מאַ־שינען בלייבן צוליב וועלכער עס איז סיבה שטיין, דאַרף אַ קוילנגרעבער טאָן אַזאַ אַרבעט, וואָס נייטיקט זיך נישט אין דער לויפנדיקער רו־טשע. קודם־כל דאַרף מען פאַרבויען די לײַדיק געוואָרענע ערטער נאָך די אויסגעגראָבענע קוילן.

איך העלף פערדינאַנדן שניידן מיט אַ זעג דיקע דעמבענע קלעצער לויט דער מאָס פון דער הייך צווישן שטיינערנעם דיל און סופיט. פער־

דינאַנד לערנט מיר מיט געדולד די קענטעניש פון אונטערבויען. ער באַווייזט מיר מיט זיין אופן פון אַרבעטן, אַז וואָס מער מען נוצט דעם קאָפּ צו דער אַרבעט, אַלץ ווייניקער איז נייטיק פיזישע אָנשטרענגונג.

פערדינאַנדס מענטשלעכע רייד גיבן מיר צו מוט צו פאַרקלאָגן זיך פאַר אים איבער דעם שטייגערס ברוטאַלער באַציונג צו מיר. פערדינאַנד ווערט אָבער פון דעם נישט איבערראַשט. ער פאַרטרויט מיר, אַז אויך די דייטשישע קוילנגרעבער האָבן פאַר אים מורא, ווייל דער שטייגער איז נישט מער ווי אַן אַגענט פון די קוילן־מאַגנאַטן. פערדינאַנד ראָט מיר, אַז איך זאָל וואָס גיכער זיך אויסלערנען אַרבעטן מיטן לופט־האַמער ביי דער קוילנוואַנט. דאַן וועט אויך דער בייזער שטייגער קוקן אויף מיר ווי אויף אַ פאַכמאַן און נישט ווי אויף אַ „שלעפּער" (די נידעריקסטע אַרבעטס־קאַטעגאָריע אין קוילנגרובן).

שוין מער ווי אַ האַלבע שעה ווי די רוטשע שטייט. אין שטרייב איז שטיל, די קוילנגרעבער זיצן אין די פינצטערע לעכער און זיי זעען אויס ווי אָפּגעריסענע שטיקער קוילן צווישן די נאַר וואָס אונטערגעבויטע קלעצער. עס ווערט זיי לאַנגווייליק, קריכן זיי זיך צוזאַמען אויף איין אָרט און שמעקן טאַבאַק, שמועסן, גענעצן פון מידקייט, און ווילן, אַז די צייט זאָל אַזוי אָפּלויפן ביז צום סוף שיכט.

פערדינאַנד בלייבט זיצן מיט מיר. איך שמעק פון זיין טאַבאַק־פּושקעלע און צעניס זיך שטאַרק ביים אַריינזופּן דעם טאַבאַק אין די נאָזלעכער. ער וויצלט זיך, אַז כל־זמן איך וויל נישט ווערן קיין זעלבשטענדיקער קוילנגרעבער וועל איך נישט קענען שמעקן קיין טאַבאַק.

פערדינאַנד איז צופרידן וואָס מיר רועו אַ ביסל אויפן חשבון פון די פאַרהאַסטע קוילן־מאַגנאַטן. ער דערציילט מיר וועגן זיינע שווערע אַרבעטס־יאָרן אין גרובן, אַז זיין זיידע איז געשטאָרבן מיט פאַרשטויבטע לונגען און זיין טאַטע איז געהרגעט געוואָרן אין קוילנגרובן ביי דער אַרבעט. אָבער ער האָפט נאָך ענדיקן דאָס לעבן נישט ווי קיין קוילנגרעבער. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, זאָגט ער, וועלן מיר, „אַוסלענדער", בלייבן דאָ אין דייטשלאַנד אַלס גרובן־אַרבעטער, און זיי, די דייטשן, וועלן אַוועק אין די אָקופּירטע געביטן און לעבן דאָרט ווי פּריצים.

פערדינאַנד איז נייגעריק צו וויסן פון וועלכער שטאָט אין פּוילן איך שטאַם און מיט וואָס איך האָב זיך באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה. ווען איך דערצייל אים, אַז איך בין געווען אַ רעסטאָראַטאָר, באַדויערט ער מיך שטאַרק, וואָס איך וועל מוזן זיך צוגעוווינען צו דעם קנאַפּן און מאָגערן עסן אין לאַגער. אָבער פערדינאַנד טרייסט מיך. ער פאַרזיכערט מיר, אַז כל־זמן איך וועל אַרבעטן מיט אים צוזאַמען, וועט ער אויך פאַר מיר מיט־ברענגען אַ פּאָר ברויט־שניטקעס.

פון פערדינאַנדן דערוויס איך זיך, אַז די דייטשישע קוילנגרעבער קוקן אויף אונדז, פּאָליאַקן, מיט שנאה, ווייל מיר האָבן פרייוויליק נישט געוואָלט אָפּגעבן דאַנציק און צוליב דעם איז אויסגעבראָכן די מלחמה. איצט וועלן מיר, פּאָליאַקן, דאַרפן פאַרנעמען זייערע אַרבעטס־ערטער אין קוילנגרובן און זיי, די דייטשישע קוילנגרעבער, וועלן מאָביליזירט ווערן אין דער אַרמיי. בלייבן דאַרפן נאָר די שטייגערס און הויפּט־טעכניקער, ווען די „אויסלענדער״ וועלן נישט קענען פאַרטרעטן.

אָפּגערוקטע באַזונדער אין די פינצטערע ווינקלען זיצן די פּאָליאַקן און הערן זיך איין אין דייטשישן לשון, וואָס קלינגט פאַר זיי פרעמד און פיינטלעך.

— איין שטונדע לענגער מאַכען!

אָט דעם רוף שרייען אויס די קוילנגרעבער פון איין אַרבעטס־פּלאַץ צום צווייטן, לענג־אויס דער שטרייב הייבט זיך לאַנגזאַם אָן שאַרן די קייט אין דער איבערפולטער רוטשע קוילן.

ווען דער רוף דערגייט צו אונדז, שפּרינגט פערדינאַנד אויף, שטעלט אָן די צוויי האַנטפלאַכן איבערביידע זייטן מויל און שרייט אויס אין פוסטן שוואַרצן חלל:

— איין שטונדע לענגער מאַכען!

נאָכן איבערגעבן ווייטער דעם רוף, דרייט ער זיך אויס מיט אַ פאַר־צאָרנט פּנים און זאָגט מיט אויפרעגונג:

— לעקן זי מיר אַם אַרש! איך מאַך קיין שטונדע!

פערדינאַנד הייסט מיך נעמען שעפּן די קוילן. אַליין פאַרקריכט ער

אין דער פינצטער און קערט זיך אום פון דאָרט מיט זיין אַרבעטס־רעקל. ער שטעלט זיך מיטן זייגער אַנטקעגן דער שיין פון זיין לאָמפּ און זאָגט אַנטשלאָסן:

— איך מאַך שיכט! (איך פאַרענדיק די אַרבעט).

נאָכן צואַרבעטן דאָס ביסל צייט ביז דעם סוף שיכט, וויקלט פערדי־נאַנד איין די גומי־קישקע אַרום דער בויער־מאַשין און מאַכט זיך גרייט צום אַוועקגיין.

הינטער אונדז דערהערט זיך די שטים פון שטייגער, וואָס הילכט אָפּ אין שוואַרצן רוים. איך נעם שעפּן מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ. פערדינאַנד, וואָס איז אַראָפּ מיט אַ פּאָר מעטער נידעריקער, קערט זיך שנעל צוריק אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ, ווו ער בלייבט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזט פּנים צו זיינע נאָכהענגענדיקע הענט. ווען די שיין פון שטייגערס בליצלאָמפּ גיט זיך אַ קער צו אונדז, רייסט פערדינאַנד פון זיך אַראָפּ דאָס אַרבעטס־רעקל, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָנגעטאָן, שליידערט עס אַריין אין אַ פינצטערן לאָך און כאַפּט שנעל די לאָפּאַטע צום שעפּן.

מיט אַ פאַרריסן פּנים קלעטערט דער שטייגער צו אונדז אַרויף. ער שטעלט אָן דעם בליצלאָמפּ אויפן שטיינערנעם סופיט, וואָס הענגט שיפּוע־דיק קרום מיט אויפגעפּלאַצטע שפּליטערן איבער אונדזערע קעפּ. ער קאָנ־טראָלירט יעדן אונטערגעבויטן קלאָץ און דרייט אויס דעם ליכט־פּאַס צום באַרג, וואָס ווערט פון אימפּעטפולן שעפּן נידעריקער, ביז ער הייבט זיך אָן אויסגלייכן מיטן שטיינערנעם באָדן.

— זאַובער מאַכען! זאַובער מאַכען! — באַפעלט דער שטייגער און נעמט ווייטער קלעטערן באַרג־אַרויף.

אַ דערשעפּטער, מיט ברענענדיקע בלאָזן אויף די הענט, האָב איך פאַרענדיקט די ערשטע מאָרגן־שיכט אין קוילנגרובן.

וואַצעקן מיט באַלעקן געפינען איך אָפּ אין דער ריי צו דער ווינדע.ביידע זענען זיי אויס אַזוי פאַרענדערט, אַז איך דערקען זיי קוים. באַלעק שטייט אָן אָנגעלענטער אויף אַ קורץ שמאָל דרענגעלע. ער האָט באַקומען אַ קלאַפּ אין פוס פון אַ שטיק קויל. ביי וואַצעקן ציען זיך פאַרטריקנטע שווייס־פּאַסן פון פאַרסמאָליעטן קאָפּ ביז טיף אין קאָלנער פון העמדל. ער ווייזט

מיר זיינע הענט, צעדראַפּעטע פון קלייבן די שאַרפע שטיקער שטיין צווישן די אויפגעריסענע קוילן.

אין גרויסן וואַש־רוים איז פול מיט טומל און רעש פון די הונדערטער נאַקעטע מענטשן, וועלכע שטייען מיט אָפענע מיילער אונטער די וואַסער־שפּריצערס און וואַשן פון זיך אַראָפּ דעם שוואַרצן קוילן־שטויב. איך מיש זיך אויס אין דער ענגשאַפט צווישן די צעפּאַרעטע לייבער, וואַש זיך אויף גיך אָפּ און וואַרט אַן אָנגעטועגער אויף מיינע צוויי לאַגער־חברים.

איבער צוויי קילאָמעטער איז פון קוילנגרובן ביז צום לאַגער. מיר גייען מיט לאַנגזאַמע מידע טריט און באַלעק שלעפּט זיך נאָך אַ הינ־קענדיקער. מיר רעדן וועגן די איבערלעבונגען ביי אונדזער ערשטער שיכט אין קוילנגרובן.

וואַצעק דערציילט וועגן דעם „ניעמיעץ" (דייטש), וואָס האָט אים גע־יאָגט ביי דער אַרבעט: „שעפּען! שעפּען!" מיט אָנגעשטרענגטע כוחות האָט ער געשעפּט פולע לאָפּאַטעס קוילן. ווען ס'איז געקומען צום אונטערבויען, האָט דער דייטש ביים איבערטראָגן די קלעצער געשריגן: „שלעפּען! שלעפּען!" האָט וואַצעק אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט דעם קלאָץ און געכאַפּט די לאָפּאַטע. דער דייטש איז געוואָרן אין כעס און געשריגן: „דו פאַרפלוכטער פאָלע! דיזען קלאָצע שלעפּען, ניכט קאָלע שעפּען"! איז וואַצעק אַ צעטומלטער געבליבן שטיין און נישט געוווּסט וואָס אייגנטלעך דער דייטש וויל פון אים: „שעפּען — שלעפּען". צי מיינט ער אים סתם צו פייניקן? ווען אַדאָלף, דער רוטשער־מייסטער, איז אָנגעקומען, זענען ביידע געשטאַנען איינער אַנטקעגן צווייטן, גרייטע צום שלאָגן זיך. ערשט ווען וואַצעק האָט זיך דערוווּסט דעם אונטערשיד פון די צוויי ענלעכע ווערטער, האָט ער געטראַכט: דאָס איז אַ שפּראַך פון טייוול...

אויך באַלעק האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. דער דייטש ווילי האָט געשריגן צו אים ווען די שטיקער קוילן זענען געפאַלן באַרג־אַראָפּ: „העי, דו! אַופּפּאַסען!" באַלעק האָט דאַן מיט נאָך מער ענערגיע געטאָן זיין אַרבעט. ערשט נאָך דעם ווען אַ שטיק קויל האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט און אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פוס, האָט ער אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז דאָס וואָרט „אַופּפּאַסען" מיינט צו זיין פאָרזיכטיק...

## קאַפּיטל צוויי

אינעם גרויסן לאַגער־באַראַק שטייען לעבן די ווענט לאַנגע רייען דריישטאָקיקע בעטן, אָפּגעטיילטע מיט צוויי־טיריקע שאַפֿקעס. אין מיטן באַראַק ציט זיך אַ לאַנגע שורה טישן מיט שמאָלע בענק. דאָס גאַנצע מעבל איז געמאַכט פֿון נייע גלאַטע ברעטער, וואָס גיבן פֿון זיך אַרויס אַ ריח פֿון פֿריש־געשניטן האָלץ.

די איינוווינער פֿון לאַגער, זין פֿון פּוילישע שטעט און דערפֿער, וועלכע זענען נאָר וואָס מיט צוואַנג אַוועקגעריסן געוואָרן פֿון זייערע היימען, גייען אַרום אין טונקל־בלויע לייוונטענע בגדים, נייע אַרבעטס־שיך און טראָגן זיך מיט די שיסלען אין די הענט צו דער ריי נאָך עסן — ווי זיי וואָלטן שוין דאָ געווען אַלטע תושבים.

אין באַראַק, ווו מען טיילט דאָס עסן, שטייען הינטער דער וואַנט, ביי אַ קליין קוך־פֿענצטער, צוויי דייטשישע וואַכלייט. איינער נעמט צו די רונדע בלעכענע עסנומערן און טוישט זיי אויס אויף פּירקאַנטיקע, צום נאַכט־עסן; דער צווייטער גיסט אָן אין דער אונטערגעשטעלטער בלעכענער שיסל צוויי קאָכלעפּל מיט געקאָכטע גרינע געוויקסן, וואָס זעען אויס ווי די ווילדע גראָזן אויף פֿאַרלאָזענע פּוילישע פֿעלדער. אויסער דער זופּ באַקומט מען אַ פּאָר דינע פֿענעצלעך בלוט־וווּרשט און 400 גראַם „שווער־פּאָרציאָן“ — ברויט, וואָס דאַרף סטייען אויף 24 שעה.

אַרום די טישן, וואָס שטייען אין גלייכע רייען איבער דער גאַנצער לענג פֿון באַראַק, זיצן די לאַגעריסטן און שלינגען דאָס עסן ווי אויסגע־הונגערטע הינט. זיי רייסן שטיקער פֿון ליימיקן ברויט. פֿון יעדן אָנגע־שעפּטן לעפֿל הענגען אַראָפּ גרינע צויטן, וואָס קאַפּען אין די ברייט־צעעפֿנטע מיילער מיט מאָגערע וואַסער־טראָפּנס. פֿון די פּאָרציעס ברויט בלייבן אויפֿן טיש קליינע קרישקעס בלויז ביי יענע, וואָס האָבן נישט

פאַרשטאַנען צו רייסן דאָס ברויט איבער דער שיסל. נאָכן אויסקראַצן די שיסל זאָגט באַלעק:

— אין דער מאַמען אַריין! איך האָב אַ פולן בויך און כ׳בין הונגעריק...

ביים פענצטערל, ווי מען האָט נאָר וואָס געענדיקט טיילן דאָס מיטאָג, שטייען עטלעכע לאַגעריסטן. זיי האַלטן די נישט געוואַשענע שיסלען און קוקן צום האַלב אַראָפּגעלאָזענעם טירל פון פענצטערל, וואָס הייבט זיך אויף ווען עס קומט אין איילעניש אַ פאַרשפּעטיקטער מיטן רונדן בלעכעלע נעמען זיין מיטאָג. אין דעם מאָמענט רוקט אונטער דער ערשטער פון דער ריי זיין שיסל, שטעלט אָן אַ בעטנדיקן בליק צום וואַכמאַן, און יענער שענקט אים אַ לעפל זופּ. דאָס זעלבע טוען אַנדערע נאָך אים, ביז דער וואַכמאַן ווערט אין כעס, לאָזט האַסטיק אַראָפּ דאָס פענצטער און זאָגט מיט פאַראַכטונג: „דיזע בעטלער האַבען קיינע שאַנדע״...

איך גיי אַוועק פון דער ריי. אויך וואַצעק און באַלעק פילן זיך באַליידיקט. מיר קערן זיך אום אין אונדזער באַראַק און לייגן אַוועק, יעדער אין זיין שאַפקע, די געוואַשענע כלים. מיט דער איבערגעדרייטער שיסל דעק איך צו דאָס שטיקל ברויט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט ביים מיטאָג.

אין גרויסן באַראַק, וואָס זעט אויס ווי אַ קאַזאַרמע, זיצן די „לייכט־אַרבעטער״ ביי די טישן און דערציילן מיט הומאָר וועגן זייערע איינדרוקן ביי פאַרשידענע אַרבעטן אין די מעכאַנישע וואַרשטאַטן פון די קוילנגרובנס. זיי זענען מונטער און זעען אויס צו זיין צופרידן. אָבער די מערהייט אין באַראַק, די „שווער־אַרבעטער״, מיט שוואַרצע רעמלעך אַרום די אויגן, ליגן מידע אויף די בעטן און רוען נאָך דער ערשטער שווערער אַרבעטס־שיכט אין קוילנגרובן.

— העי, אינטעליגענציאַ! אַ ביסל שטילער! — שרייט ווער פון אַ בעט אַראָפּ — איר דאַרפט אַ באַזונדערן באַראַק מיט מוזיק... מיר זענען מיד, און פאַרסוואָנדזשעיעט פון קוילן־שטינקעכץ.

— באַקומט איר דאָך דערפאַר 400 גראַם ברויט, און מיר נאָר 250 גראַם — ענטפערט איינער פון די, וואָס זיצן ביים טיש.

— איך בין גרייט מיט דיר זיך צו טוישן און דיר צולייגן נאָך פופציק גראַם ברויט.

— אַפילו מיט נאָך אַ „שוועראָפּעראַציאָן" — אויך נישט.

דער קורצער דיאַלאָג געפינט אָן אָפּקלאַנג ביי מיין בעט, ווו עס ליגן אונטער מיר וואַצעק און באַלעק.

— איך בין פונקט אַזאַ שלאָסער ווי איגנאַץ און כ׳קען האַלטן אין האַנט אַ ציגל ווי פּיאַטר, וואָס איז זיכער קיין מאָל קיין מויערער נישט געווען — זאָגט וואַצעק מיט קנאה — אָבער זיי זענען דאָך קאָלעגן פון זבישעקן, דעם באַגלייטער פון לאַגער־פירער... און איך? ווער קען מיך דאָ?

— מיך זעסטו — רופט זיך אָן באַלעק — וואָלט גאָרנישט אַנגעגאַנגען ווו און ביי וואָס איך אַרבעט, אָבער, דער עיקר, עסן זאָל מען מיר געבן, זאָט זאָל איך זיין און נישט דאַרפן אָנגיסן דעם בויך מיט די וואַסערדיקע גראָזן, וואָס מען שייסט דאָס אויס, ווי אַ קי...

— און איך בין גרייט ווייניקער עסן און אַרבעטן לייכטער.

— דו רעדסט אַזוי, וואַצעק, ווייל דו האָסט נאָך אויף אָן אמת נישט פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער. אין קוילנגרובן וואָלט איך שוין געפונען אַ פּאָרטל, ווי אַזוי, אין זייער מאַמען אַריין, אָפּצונאַרן די דייטשן ביי דער אַרבעט. אָבער מיין מאָגן וועל איך קיין מאָל נישט וויסן ווי אַזוי אָפּצונאַרן.

— וועסט זיך דאָס מוזן אויסלערנען — וואָרנט וואַצעק באַלעקן, אַראָפּרעדנדיק אונטן, צו זיין בעט.

— דאָס וועט מיך משוגע מאַכן — זאָגט באַלעק.

— אויב משוגע ווערן — שמייכלט וואַצעק פון זיינע רייד — דאַרפסטו שוין משוגע ווערן. באַלד וועט מען טיילן נאַכטעסן, און דו האָסט אַפילו נישט קיין פּיצל ברויט צו דער זופּ.

— און דיר איז בעסער? — רייצט זיך באַלעק — דו האָסט נישט אויפגעפרעסן דאָס גאַנצע ברויט?

— וועסט זען, ווי גאָט איז מיר ליב! — ענדערט וואַצעק דעם טאָן — ביים מאָרגנדיקן מיטאָג מוז איך איבערלאָזן אַ טייל פון ברויט.

— פאַר וואָס האָסטו היינט אַזוי נישט געטאָן?

— ווייל היינט בין איך געווען שטאַרק הונגעריק.

— נו, זעסטו, — זאָגט באָלעק מיט סאַטיספּאַקציע — אַז די קישקעס שפּילן אַ מאַרש, הייבן זיך די ציין...

— גענוג! — זאָגט וואַצעק צוריקציענדיק זיין קאָפּ פון באָלעקס בעט — רעד נישט מער וועגן עסן, ווייל עס הייבט מיר שוין אָן קיצלען אין בויך...

פּאָר נאָכט. מיר שטייען אין דער ריי צום נאַכטעסן. מען טיילט אַ ליטער שיטערע מילך־זופּ, אַ שטיקעלע מאַרגאַרין און צוויי לעפל מאַר־מעלאַדע. באָלעק מישט דאָס אַלץ צוזאַמען, מאַכט דערפון אַ העל־ראָז־לעכע פליסיקייט און טרינקט דאָס גלייך פון דער שיסל. וואַצעקן געפעלט עס און ער טוט דאָס זעלבע. נאָכן עסן בלייבןביידע זיצן ביי די ליידיקע שיסלען מיט זויערע פּנימער.

— ביסט זאַט? — פרעגט באָלעק.

— אַזוי ווי דו — ענטפערט וואַצעק.

— איך בין יאָ זאַט — זאָגט באָלעק שטיפעריש.

— בין איך אויך זאַט! — רופט אויס וואַצעק און קוקט קרום אַוועק אין דער זייט.

— עי — טוט באָלעק וואַצעקן אַ שטאָך מיט אַ פינגער אין דער פלייצע — דו ביסט יאָ הונגעריק. מען זעט דאָס אויף דיין בייז פּנים.

— בין איך הונגעריק, איז וואָס גייט עס דיך אָן? — גיט זיך וואַצעק אַ טרייסל.

— זיכער גייט עס מיך אָן — לאַכט באָלעק — ווייסט פאַר וואָס? ווייל איך אַליין בין אויך הונגעריק.

— דו ווערסט שוין משוגע פון הונגער — באַדויערט וואַצעק און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף באָלעקן — וואָס וועט זיין מיט דיר ווייטער?

— דאָס זעלבע וואָס מיט דיר. ביידע האָבן מיר גלייכע שאַנסן משוגע צו ווערן — שפּאַסט באָלעק.

ביים טיש זיצן נאָך עטערס, שכנים פון אונדזער באַראַק. דער דיאַלאָג צווישן באָלעקן און וואַצעקן רופט ביי זיי אַרויס אַ הייטערקייט. בלויז

פּיאָטר, אַ באַיאָרטער גוי פון לוויוויטש, שאָקלט מיטן קאָפּ באַדויערנדיק. ער ווענדט זיך צו וואַצעקן און באַלעקן:

— כלאָפּצי, דאָס ערשטע, וואָס איר מוזט זיך אויסלערנען, איז צו שניידן דאָס דייטשישע ברויט אויף דינע פּענעצלעך און איינטיילן עס אויף דריי מאָלצייטן. אַנישט וועט איך דאָ די ביעדאַ שנעל אויפפרעסן.

— און אַז דאָס ברויט וועט זיין דין צעשניטן, וועט עפּעס צוקומען צו דעם? — פרעגט עמעצערביים טיש.

— ניין — זאָגט פּיאָטר — אָבער דער הונגער איז ווי אַ בייזער הונט: ווען דו וואַרפסט אים צו שטיקלעכווייז, נעמסטו אים איין.

— לאָזט געמאַך! זאָלן די ייִנגלעך בעסער זיך פריילעך מאַכן, ווערלן זיי פאַרגעסן אין הונגער — רופט זיך אָן ווער ביים טיש.

— נו, נו, קאַצפּער — פאַררייסט פּיאָטר דאָס פּנים — איך וועל זען, ווי אַזוי דו וועסט זיין געשטימט, ווען דו וועסט ענדיקן דיין פּעקל עסנ־וואַרג, וואָס דו האָסט נאָך מיטגעבראַכט פון דער היים.

— איך האָב שוין געשריבן, אַז מען זאָל מיר שיקן נאָך אַ פּעקל — גרייסט זיך קאַצפּער.

— נישט אַלע וועלן דאָס באַקומען אַזוי שנעל — זאָגט פּיאָטר אַ פאַרדאגהטער — איך, למשל, וועל אַ שטיק צייט מוזן לעבן נאָר פון לאַגער־עסן.

— זענט איר, פּאַניע פּיאָטזשע, אַן אויסנאַם, און ווער עס וועט נישט באַקומען קיין פּעקלעך פון דער היים, וועט טאַקע אויסציען די קאָפּיטעס.

— און איך זאָג אייך — האַלט זיך פּיאָטר ביי זיין מיינונג — אַז אַ סך פון אונדז וועלן נישט באַקומען קיין עסנוואַרג פון דער היים, און זיי וועלן דאָך אויסהאַלטן.

— איך גלייב נישט — זאָגט קאַצפּער מיט עקשנות — אַז עס געפינען זיך צווישן אונדז אַ סך אַזעלכע. האָט דען נישט יעדער איינער אַ היים אין פּוילן?

— אָבער נישט יעדער — הייבט זיך פּיאָטר אָן דענערווירן — האָט איבערגעלאָזן אַ זאַטע און גאַנצע היים. ווייניק פון אונדז זענען אַוועק פון צעשטערטע היימען?

— צעשטערטע היימען? — קען קאַצפּער נישט פאַרשטיין — וואָס זענען מיר? יידן?

— דו פערדישער קאָפּ! בין איך אפשר אַ ייד? — שרייט פּיאָטר אויס דורך זיינע ציטערנדיקע ליפּן — אַז די „סקורווי סיני" די דייטשן האָבן מיך פאַרכאַפּט — איז נישט צעשטערט געוואָרן מיין היים? און בין איך דען דער איינציקער? אָט, לאָמיר נעמען די וואָס זיצן דאָ לעבן מיר ביים טיש. פאַר וואָס — ווענדעט זיך פּיאָטר צו וואַצעקן — האָסטו אויך נישט מיטגעבערענגט אַזאַ פּעקל עסן פון דער היים?

— איך — ענטפערט וואַצעק אַ ביסל פאַרשעמט — האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז מען וועט דאָ באַלד אָנהייבן הונגערן.

— און דו? — גייט פּיאָטר איבער מיט זיין בליק אויף באָלעקן.

באָלעק דערפילט זיך באַליידיקט פון דער געשטעלטער פראַגע. ער ציט אַרויס די פיס פון אונטערן טיש, כאַפּט די שיסל און הינקט אַוועק טיפער אין באַראַק. אַלע ביים טיש קוקן אים נאָך. וואַצעק קערט אום דאָס פנים צום טיש און זאָגט מיט גרינגשעצונג: „וואַריאַט" (משוגענער).

איך באַמי זיך אָפּצושוואַכן דעם שלעכטן איינדרוק און פאַרענטפער באָלעקן: ער איז אַ געליטענער, אַ היימלאָזער, שוין יאָרן אָן אַ מוטער. זיין טאַטן האָבן די דייטשן אַרעסטירט און ער האָט אַפילו נישט קיין אַדרעס צו וועמען אַ פּאָר ווערטער אָנצושרייבן, נאָך דעם, ווי ער איז מיט מיר צוזאַמען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אין אַן אַנשטאַלט פאַר היימלאָזע.

— אָט, זעסטו! — גיט פּיאָטר אַ קלאַפּ מיט דער פויסט אין טיש, אַז די שיסלען שפּרינגען אונטער — איך דאַרף ווייט נישט זוכן, כדי צו באַווייזן, אַז אַ סך פון אונדז וועלן זיין אויסגעשטעלט נאָר אויף דעם ברויט, וואָס די דייטשן וועלן אונדז צוטיילן.

נאַכט. די סילועטן פון די באַראַקן זען אויס אין דער אַרומיקער פינצטערניש, ווי הויכע בערג קוילן. אויפן לאַגער־שטח איז פּוסט. מען זעט נאָר אויפבליצן אַ שיין פון אַ האַנט־לעמפּל בעת אַ לאַגערניק לויפט איבער פון איין באַראַק אין צווייטן.

## טעג און ליכט

אין באַראַק זענען די פענצטער פאַרהאַנגען מיט צעוויקלטע ראָלקעס שוואַרץ פּאַפּיר. אַ מאָט ליכט פון עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך דער־גרייכט ביז די פיס־וועגטלעך פון די בעטן. דאָס איבעריקע זינקט אין טונקלקייט.

אין דער מיט פון באַראַק ברענט אַן אייזערן אייוועלע. בלויז די בעטן, וואָס שטייען נאָענט צום אייוועלע, געניסן פון דער וואַרעמקייט.

די איינוווינער פון באַראַק גרופּירן זיך לויט זייער אָפּשטאַם און באַקאַנטשאַפט. דער גרעסטער טייל איז פון לוויוויטשער אומגעגנט. זיי פאַרנעמען מער ווי אַ העלפט פון די בעטן.

וואַצעק און באָלעק זענען נישט צופרידן פאַר וואָס איך האָב אויס־געקליבן פאַר אונדז דאָס ווינקל־בעט, ווו עס דערגייט ווייניק ליכט און וואַרעמקייט. איך רעד זיי איין, אַז דאָ, אין דעם טונקעלן ווינקל, וועט זיין בעסער צו שלאָפן. אָבער זיי ביידע ווילן זיין נענטער צום טומל, צום ליכט, און מיך ציט צו דער טונקלקייט...

די איינוווינער אין באַראַק זוכן מיט עפּעס אויסצופילן די אומעטיקע אָוונט־שעהען. זיי זיצן מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, ווי פאַרבלאָנדזשעטע קינדער אין דער פרעמד, פאַרבענקטע צו די נאָר וואָס פאַרלאָזענע היימען. זיי זענען פול מיט אומהיימלעכע פאָרגעפילן אַנטקעגן די אָנקומענדיקע טעג.

ביסלעכווייז הייבן זיי זיך אָן צונויפזאַמלען אַרום דעם אויוון. מען זעצט זיך אויס אויף די אונטערשטע בעטן און מען רעדט וועגן דער אַרבעט אין קוילנגרובן.

— אַלע, אין דער מאַמען אַריין, האָבן געדאַרפט שפּרינגען פון צוג, וואָס האָט אונדז געפירט קיין דייטשלאַנד — זאָגט פּיעטשאַק, דער צום מיינסטן אויפגערעגטער אין שמועס.

— און וויפל פון אונדז וואָלטן דערשאָסן געוואָרן דורך די זשאַנ־דאַרן? — פרעגט ווער אויף דעם אונטערשטן בעט.

— אָבער קיינער פון אונדז וואָלט אפשר נישט געאַרבעט אין קוילנ־גרובן.

— מיינסטו, אַז די באַראַקן וואָלטן געבליבן שטיין ליידיק?

— וואָס גייען מיך אָן אַנדערע! — זאָגט פּיעטשאַק — אָבער איך וואָלט דאָ נישט געווען!

— נאָר ד ו מאַטערסט זיך? — פרעגט אים דאָס זעלבע קול.

— אַז איך הונגער — גלאָצט פּיעטשאַק אויס זיינע אויגן — דרייט מ י ר אין די געדערים, און אַז איך מאַטער זיך אין קוילנגרובן, אַרבעט א י ך מיט די זייטן.

פון אַ ווינקל טיף אין באַראַק האָט אַ הילך געטאָן אַ גראַמאָפאָן מיט פריילעכע האָפּקענדיקע טענער. דאָס האָט אין דער אומעטיקער שטילקייט אַריינגעריסן זיך אַזוי אומגעריכט, אַז אַלע האָבן מיט פאַרוווּנדערונג אויסגעדרייט די פּנימער און געקוקט צו יענעם ווייטן ווינקל, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט דאָס שפּילן.

— אין זיין מאַמען אַריין! — רייסט זיך פּיעטשאַק אָפּ פון בעט און בלייבט שטיין מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז.

— ווער איז דאָס דער משוגענער? — פרעגט מען מיט בייזקייט.

— דאָס איז יאַן, די פאַרשטונקענע פּאַדלע! — שרייט אויס פּיעטשאַק אַן אויפגעקאָכטער — אַפילו אויף דער באַן, ווען די ייִנגלעך זענען געשפּרונגען פון צוג, איז ער געשטאַנען ביים פענצטער און געשאָקלט זיך פון געלעכטער, ווי אויף אַ זאַבאַווע.

— פון וואַנען איז ער? — פרעגן נייגעריקע.

— פון מיין דאָרף הינטער לוּוּוויטש. אַזש פון דאָרט האָט ער מיטגעשלעפּט דעם גראַמאָפאָן — צעלאַכט זיך גראָב פּיעטשאַק — אַזאַ שטיק דרעק! ווי קומט ער צווישן מענטשן? נאָר די דייטשן האָבן אים מיט אונדז צוזאַמענגעפירט. אין דער היים איז ער געווען אַ פּאַסטעך און געשלאָפן אין שטאַל. אין דאָרף האָט מען זיך געוויצלט, אַז אַ פערד האָט אים געמאַכט און אַ קו האָט אים געבוירן. גייט, קוקט אים אָן, און זאָגט, צי ער איז ענלעך צו אַ מענטש.

אין באַראַק הערן זיך קולות, וואָס רופן יאַנעקן, אַז ער זאָל איבעררייסן דאָס שפּילן. אָבער יאַנעק, ווי נישט אים מיינט מען, דרייט איבער די פּליטע אויף דער צווייטער זייט, און עס דערהערט זיך אַ מאַזורקע. יאַנעק צעשאָקלט זיך און קלאַפּט מיט די שטיוול צום טאַקט.

פּיעטשאַק לאָזט זיך גיין מיט שנעלע טריט. צוקומענדיק צו יאַנעקן אין ווינקל, פאַרהאַלט ער זיך מיט אַ דראָענדיקער פויסט און שרייט אַ צעקאָכטער:

— דו קופּע שטינקעכץ! מיינסט, אַז דו געפינסט זיך איצט אין דאָרף? פּאַק שוין אײַן דיין קאַטערינקע. אויב נישט, פאַרפאָר איך דיר גלייך אין דער מאָרדע אַריין!

יאַנעקס קורצע פיס אין די שווערע שטיוול שטייען ווי צוויי צענומענע קלעצער. זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן אין געפּאַקטן פּנים קוקן הילפלאָז אויף פּיעטשאַקס פויסט. מיט שווערקייט רעדט ער אַרויס.

— פאַר וואָס ווילסטו מיך שלאָגן? האָב איך דיר עפּעס שלעכטס געטאָן?

— קוועטש זיך אַ ביסל וויניקער און לייג אַיין דיין קאַטאַרינקע, האָסט געהערט? — בייזערט זיך פּיעטשאַק און שטעלט נאָך אַ טריט טיפער אין ווינקל אַריין.

— דאַי ספּאָקוי — בעט זיך יאַנעק אַ דערשראָקענער און פאַרשטעלט מיט זיינע הענט פאַר פּיעטשאַקן דעם וועג צום גראַמאָפאָן.

— צום טייוול מיט דיין מוזיק, ווער דאַרף דאָס איצט?

— איך! — רופט יאַנעק אויס און שטעלט אָן אַ שטייפן פינגער אויף זיך.

— דו? נאָך וואָס?

— ווייל כ'בין הונגעריק — רעדט יאַנעק קוים אַרויס די פאָר ווערטער און בלייבט שטיין אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד.

— איז וואָס? וועט דיך די מאַזורקע זאַט מאַכן? — פרעגט פּיעטשאַק שוין מיט אַ נאָכגעלאָזענער שטים.

— ווי גאָט איז מיר ליב! אַז איך הער שפּילן דעם גראַמאָפאָן ציט מיר נישט אַזוי אין בויך. איך האָב קיין מאָל נישט געוווּסט, אַז ווען מ'איז הונגעריק, טוט ווי דער קאָפּ, שניידט אין בויך, און די ציין ווערן שאַרף, אַפילו אַ שטיק האָלץ איינצובייסן.

אָט די שטאַמלדיקע ווערטער האָט יאַנעק אַרויסגעבראַכט פון זיך מיט אַזוי פיל וויטיק, אַז די אַלע, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין

דעם ווינקל, האָבן אויפגעהערט לאַכן און געקוקט אויף יאַנעקן מיט רחמנות.

די אויסגעשפּילטע פּליטע האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַזאַ טאָן, ווי עמעצער וואָלט דאָרט יאָמערלעך געוויינט. יאַנעק איז ווידער געבליבן אַליין אין ווינקל ביים גראַמאָפאָן, געשפּילט אַ פּליטע נאָך אַ פּליטע, און די האָפּקענדיקע טענער האָבן אַלעמען געגרילצט אין די אויערן.

ביז — פון אַ בעט טוט אַ פּלי אַן איינגעוויקלטער קאָץ. יאַנעק גיט זיך אַ טרייסל און באַווייזט קוים צו דערכאַפּן די טרובע פון גראַמאָפאָן, וואָס האָט זיך אַ דריי געטאָן מיט אַן איבערגעהאַקט געשריי, ווי אַן אומפּאַלנ־דיקער מענטש. אין באַראַק הערן זיך צעהירזשעטע געלעכטערס. יאַנעק שעלט, זידלט זיך אין דער זייט פון די בעטן, און לסוף לאָזט ער אויס זיין כעס צום קאָץ, וועלכן ער טרעט און קאָפּעט פון זיך אַוועק. ער צענעמט דעם גראַמאָפאָן און לייגט אַריין די טיילן אין הילצערנעם קאַסטן מיט גרויס פּאָרזיכטיקייט.

אין באַראַק איז געוואָרן שטיל. די טישן שטייען ליידיקע. בלויז ביי איין טיש זיצן נאָך עטלעכע לאַגעריסטן און זיי עסן ווייס ברויט מיט שטיקער גערויכערט פלייש, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די דייטשישע פּויערים, ביי וועלכע זיי האָבן, ביזן קומען אַהער, געאַרבעט אַלס פּאַ־ראָבקעס.

זיצן זיי צוזאַמענגעגערוקט איבער דעם זאַטן עסן און פון אַלע זייטן אין באַראַק ציען זיך צו זיי הונגעריקע אויגן. מען קוקט באַהאַלטענערהייט פון די בעטן, פון טונקעלע ווינקלען, און יעדער שעמט זיך מיט אָט דעם בליק, וואָס רופט אַרויס אַ פּייכטקייט אין מויל.

עס קומט אַריין אַ גראָבער וואַכמאַן מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט. ער שפּאַצירט איבער דער לענג פון באַראַק און דרייענדיק דאָס פּנים צו די לאַנגע שורות בעטן דערמאָנט ער, אַז מען זאָל גיין פריער שלאָפן, ווייל דריי אַזייגער פאַר טאָג וועט ער קומען אונדז וועקן צו דער מאַרגנשיכט.

ס'איז ערשט אין די אָנהייב אָוונט־שעהען, אָבער אין באַראַק זעט אויס, ווי עס וואָלט שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט.

באַלעק ציט פון זיך אַראָפּ די קליידער, וויקלט זיי איין אין אַ קנויל

און פאַרשטופּט זיי צופוסנס פון זיין בעט. ער לייגט זיך אונטערן קאָץ, קוקט אין דעם בעט וואָס איבער אים, ביז ער דרייט אויס זיין בליק צו דער זייט מיט ווייניקער ליכט. ער פּרוּווט צומאַכן די אויגן, אָבער דער שלאָף נעמט אים נישט. פאַרדעקט ער זיך מיטן קאָץ ביז איבערן קאָפּ און פאַר זיינע אויגן האָט ער נאָך אַלץ דעם טיש מיט יענע, וואָס זיצן דאָרט און עסן. מיט אַלע כוחות באַמיט ער זיך צו פאַריאָגן דאָס בילד. ער דרייט זיך איבער מיטן פּנים אַראָפּ, אָבער אויך דאָס העלפט נישט. וואָס מער ער באַמיט זיך צו אַנטלויפן פון די הונגער־מחשבות, אַלץ מער פאַר־פאָלגט אים דאָס בילד מיט די עסנדיקע שכנים ביים טיש. ביז ער רייסט אַרויס דעם קאָפּ פון אונטערן קאָץ און זידלט זיך:

— אין זייער מאַמען אַריין, די חזירים! איך קען צוליב זיי נישט איינשלאָפן!

וואַצעק איז אַרויף אויף זיין געלעגער שטילשווייגנדיק. די מאָדליטוווע פאַרן שלאָפן גיין, וואָס ער האָט אַזוי פּינקטלעך אָפּגעהיט אין משך פון גאַנצן וועג קיין דייטשלאַנד, האָט ער מיט זיין אָנקומען אין לאַגער איבערגעריסן. ער האָט בלויז זיך שנעל איבערגעצלמט אויפן בעט און זיך אָוועקגעלייגט.

וואַצעקס שווער געמיט האָט פאַרלאַנגט רו. איז ער אַזוי געלעגן איינ־גענאָרעט אונטערן קאָץ, ביז באָלעק, אַ צעקאָכטער, האָט ווידער געלאָזט הערן זיין בייזע שטים.

— ליג איין, צום טייוול, און לאָז מיך איינשלאָפן! — גיט זיך וואַצעק אַ וואָרף.

— אין דער מאַמען אַריין, זיי לאָזן מיך נישט איינליגן — פאַר־ענטפערט זיך באָלעק.

— ווער לאָזט דיך נישט? — פרעגט וואַצעק.

— אָט יענע, זיי זיצן דאָרט ביים טיש און פרעסן.

— צום טייוול, דאָס זעלבע איז מיט מיר — באַקלאָגט זיך וואַצעק און לייגט פאָר, אַז מ׳זאָל אויסלעשן דאָס ליכט אין באַראַק.

— דאָס וועט דיר גאָרנישט העלפן — זאָגט באָלעק — איך האָב

שוין פּרובירט זיך איבערצודעקן מיטן קאָץ, און די פּרעסנדיקע מאָרדעס זענען מיר כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן.

— טאָ ווי אַזוי שלאָפט מען דאָך איין? — פרעגט וואַצעק, אַוועק־לייגנדיק דעם קאָפּ אויפן שטרויזעקעלע.

— סטאַניסלאַוו שלאָפט שוין? — דערמאָנט זיך באָלעק אין מיר.

— ביסט טויב? — גיט זיך וואַצעק אַ בייזער — הערסט נישט ווי ער בלאָזט מיט דער נאָז, ווי אַ קו אין שטאַל?

— עפּעס גאָר אַן אַנדערער געוואָרן, דער סטאַניסלאַוו — וויל באָלעק אַנטלויפן פון דער הונגער־טעמע — דאָרט, אין וואַרשע איז ער געווען רירעוודיקער און לעבעדיקער.

— אַזוי זענען זיי, די עלטערע, זיי האָבן מער געדולד צו ליידן. זיי זענען געווען סאָלדאַטן.

— איז דערפאַר קען ער איינשלאָפן אַ הונגעריקער?

— פון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז הונגעריק?

— ווייל אויך מיר זענען הונגעריק!

— ווי אַזוי ווייסטו, אַז איך בין אויך הונגעריק?

— טאָ פאַר וואָס קענסטו נישט איינשלאָפן?

— ווייל דו רעדסט אָן אַן אויפהער און דו לאָזסט נישט רויק איינליגן!

— צוליב דעם? — פרעגט באָלעק מיט אַן אַרויפגעריסן פּנים — צוליב מיין רעדן?

— יאָ! צוליב דעם! — ענטפערט וואַצעק און דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו דער פאַרקערטער זייט.

דאָס געשפּרעך צווישן וואַצעק און באָלעק האָט זיך איבערגעריסן. ביסלעכווייז זענען אַלע אַרויף אויף די בעטן. אין באַראַק איז שטיל געוואָרן.

איך ליג אַ וואַכער. דער הונגער אין מיר ווייטיקט ווי אַן אָפענע וווּנד. איך טראַכט איצט בלויז וועגן דעם שטיקל ברויט, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן ביים מיטאָג. עס ציט מיך צו דער שאַפקע, ווו דאָס שטיקל ברויט ליגט אונטער דער שיסל. איך דאַרף זיך בלויז אַראָפּבייגן פון

איבערשטן בעט און אויסשטרעקן די האַנט צום טירל. אָבער דער געדאַנק, וואָס קאָנטראָלירט טאָג־טעגלעך מיין יעדן שריט, ציט מיך צוריק און לאָזט נישט פּחדנותדיק זיך אונטערגעבן דעם הונגער.

שפּעט אין דער נאַכט וועקט אונדז פון שלאָף אַ געוואָי פון אַליאַרם־סירענעס. וואַכליוט מיט מאַסקירטע לעמפּלעך לויפן אַרום איבער די פינצטער געוואָרענע באַראַקן און יאָגן פון די בעטן אַראָפּ — צו די שוץ־קעלערס.

פון די הימלען טראָגט זיך אַ שווערער גערויש פון זשומענדיקע אַעראָפּלאַנען. ליכט־פּאַסן יאָגן זיך אין די הויכקייטן, פאַרפּלאָנטערן זיך, טאַפּן אויס די וואָלקנס, שפּרינגען אויפן שוואַרצן הימל; זיי כאַפּן אָן אַ שטיק באַלויכטענעם וואָלקן און טראָגן אים אויף זייערע שפּיצן. אַ קאַנאָנאַדע פון זעניט־האַרמאַטן איז געצילט צו די פונקטן ווו די ווייסע ליכט־פלעקן גיסן זיך צוזאַמען. די לופט טוט אַ ציטער, איבערן פינצטערן האָריזאָנט גייען אויף פייער־זיילן. איך זע צום ערשטן מאָל, ווי עס פאַלן באָמבעס אויף דער דייטשישער ערד...

„מאָרגענשיכט אַ־ופ־שטיין!" — שרייט צעצויגן דאָס הייזעריקע קול פון וואַכמאַן. אַלע ליגן ווי צוגעשמידטע צו די געלעגערס. דער וואַכמאַן ווערט בייז, קלאַפּט מיטן שפּיץ שטעקן איבער די ווענטלעך פון די בעטן און שרייט אין איין אָטעם, אַז מען זאָל אויפשטיין צו דער אַרבעט.

מיט האַלב־צעעפנטע אויגן רייסן מיר אָפּ די קעפּ פון די שטרויענע קישעלעך. דער ערשטער פאַרשלאָפענער בליק פאַלט אויף דעם וואַכמאַן, וואָס שטייט נאָך אַלץ אין מיטן פון באַראַק און רייסט די נאַכט־שטילקייט מיט זיין הייזעריק קול.

אין משך פון אַ האַלבער שעה דאַרפן אַלע זיין גרייט צום אָפּמאַרשירן אין שאַכט. איך איַיל זיך מיטן אָנטאָן, כדי עס זאָל מיר נאָך בלייבן צייט אויף צו דערוואַרעמען זיך מיט אַ ביסל קאַווע וואָס מ׳קען פריי אָנפילן אין דער באַנקע. אָבער מיין הונגער לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן מיט אַ פּאָר שלוק ביטערער קאַווע; אים לאָקט דאָס שטיקל ברויט, וואָס ליגט אין דער שאַפּקע. איך טראַכט, ווי אַזוי דאָס צו שפּאַלטן, אַז עס זאָל מיר

נאָך בלייבן אַ פּענעצל ברויט מיטצונעמען אין גרובן. אָבער מיין הונגער וויל נישט וויסן פון קיין פשרות, וויל נישט זאָרגן אויף שפּעטער און פאַרלאַנגט מיט עקשנות דאָס גאַנצע שטיקל ברויט — קיין קרישקעלע זאָל דערפון נישט איבערבלייבן.

אין איילעניש עפן איך די שאַפקע, הייב אונטער די שיסל און טאַפּ אויס מיט אַ פיבערדיקער האַנט דאָס ברעטל. איך שטעל זיך אויף די שפּיצן פינגער, מיט די אויגן איבער דער אויבערשטער פּאָליצקע, און איך דערזע, אַז דאָס שטיקל ברויט איז נישטאָ...

נאָך גוט, וואָס מיינע שכנים געפינען זיך נישט אין דעם מאָמענט לעבן מיר און איך קען צוימען אין זיך דעם כעס.

אינעם צווייטן עק באַראַק ברעכט אויס אַ טומל. דאָס שרייען די געוועזענע פּאַראָבקעס, אַז בעת דעם נאַכט־אַליאַרם האָט מען פון זייערע שאַפקעס אַרויסגעגנבעט אַ טייל פונעם עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון די דייטשישע פויערים. זיי שעלטן, זידלען און ווייסן נישט וועמען צו באַשולדיקן. דער אַריינקומענדיקער וואַכמאַן רייסט איבער דעם טומל מיט אַ שאַרפן פייף און רופט: „מאַר־געג־שיכט, ראַ־וס!"

## קאַפּיטל דריי

ביי אַ שמאָל לאַנג פענצטער באַקומט יעדער קוילנגרעבער — נאָכן אויסרופן זיין אַרבעטס־נומער — אַ געריייניקטע לאָמפּ, אָנגעפילט מיט ברענשטאָף. דערביי זענען באַשעפטיקט אינוואַלידן אין העל־גרויע כאַלאַטן. זיי באַוועגן זיך מיט שנעלע טריט ביים דערלאַנגען די לאָמפּן. דאָס נעמען אָדער אָפּגעבן די לאָמפּ איז גלייכצייטיק אַ באַשטעטיקונג, אַז מען האָט צו דער צייט דורכגעמאַכט די שיכט.

עס קומט מיין ריי פון איינשטייגן אין דער ווינדע. איך טו בלויז אַ נייג מיטן קאָפּ — און ווידער נעמט מיך אַרום אַ פּחד ביים אַראָפּלאָזן זיך אינעם טיפן שוואַרצן תהום. דאָס געפיל פון שרעק האַלט אָן אין מיר ביז איך ווער פאַרשלונגען אינעם גרויסן אונטערערדישן קאָרידאָר מיט די רוישיקע לופט־שטראָמען און מיט דעם דונערדיקן גערודער פון די אַנפאָרנדיקע וואַגאָנדלעך קוילן.

די לאַנגע רייען אויסשטייגנדיקע קוילנגרעבער צעגייען זיך גרופּעס־ווייז אין די זייטיקע קאָרידאָרן. אונדזער גרופּע, וואָס דאַרף דורכמאַכן אַ לאַנגן וועג ביז צום אַרבעטס־פּלאַץ, זעצט זיך אויס אין ליידיקע וואַגאָ־נעטקעס. אַן עלעקטריש לאָקאָמאָטיוול פירט אונדז אַוועק אין דער ריכטונג ווו עס געפינט זיך אונדזער שטרייב.

וואַצעק און באָלעק זעצן זיך אויף זייערע איינגעבויגענע פיס מיט אומעטיקע פּנימער, אַראָפּגעלאָזטע צום דעק פונעם רוישנדיקן וואַגאָנדל. אפשר דערמאָנען זיי זיך איצט אין דעם געשפּרעך, וואָס מיר האָבן געהאַט אויפן וועג צום קוילנגרובן וועגן די פאָרגעזעענע שוועריקייטן ביי דער היינטיקער שיכט: מיר דאַרפן היינט אָנהייבן אַרבעטן ווי זעלבשטענדיקע קוילנגרעבער.

דעם רוטשע־מייסטער אַדאָלף גייט נישט אָן ווער פון אונדז עס איז

זאָט אָדער הונגעריק. ער פאַרלאַנגט בלויז איין זאַך — מיר זאָלן פּינקטלעך אויספירן די אויפגאַבעס, וואָס ער לייגט אויף אונדז אַרויף.

וואַצעק און באַלעק שרעקן זיך פאַר דעם שווערן פיזישן עול. די שוואַרצע פאַרשטיינערטע קוילנוואַנט וואַרפט אויף זיי אָן נאָך אַ גרעסערן פּחד, ווי דער הונגער אין לאַגער.

458. אָט דעם נומער, געצייכנט מיט קרייד, דאַרף איך אויסגעפינען ביים קלעטערן באַרג־אַרויף, אַ באַהאַנגענער מיט די נייע אַרבעטס־מכשירים, וואָס איך האָב באַקומען אין מאַגאַזין ווי אַ זעלבשטענדיקער קוילנגרעבער, נאָך די צוויי וואָכן אַרבעטן צוזאַמען מיט די דייטשן.

אַדאָלף האָט אונדז אויסגעטיילט אַרבעטס־פּלעצער ברייט צעוואָר־פענע צווישן די דייטשישע קוילנגרעבער. ווי פאַר אָנפאַנגער מיט נאָך זייער נידעריקע קוואַליפיקאַציעס, האָט ער אונדז אויסגעמאָסטן אויסצו־גראָבן ווייניקער קוילן אין פאַרגלייך צו אונדזערע דייטשישע שכנים.

איך שטיי אַליין אינעם תהום צווישן די אימהדיקע פינצטערע לעכער. פאַרבאָרגענע געפאַרן קוקן אויף מיר פון יעדן שפּאַלט איבער מיין קאָפּ. מיט פּחד קוק איך אויף אַלץ וואָס רינגלט מיך אַרום. אָבער דאָס דויערט נישט לענגער, ווי דאָס אַראָפּציען פון זיך דאָס רעקל מיטן העמד.

מיין 14־קילאָדיקער לופט־האַמער איז גרייט צו דער אַרבעט. די סענקעוואַטע קוילנוואַנט שטייט פעסט צוזאַמענגעוואַקסן צווישן די שטיי־נערנע שיכטן און מיר דוכט זיך, אַז זי חוזקט פון מיין נישט געוואַגטקייט: „נו, פּרוּוו נאָר צו רירן מיך פונעם אָרט!"

מיין אָרט איז צווישן צוויי דייטשישע קוילנגרעבער. איינער געפינט זיך פון מיר מיט פינף מעטער נידעריקער, און דער צווייטער — מיט פינף מעטער העכער. זיי ווערן גאָרנישט נתפּעל פון דער קוילנוואַנט. רויק זעצן זיי זיך ביים צוגרייטן די אַרבעטס־מכשירים און שמעקן טאַבאַק.

די לופט־האַמערס הייבן אָן קלאַפּן. איך קוק זיך איין אין מיינע דייטשישע שכנים, די דערפאַרענע קוילנגרעבער. ביידע שטייען אין דער זעלבער פּאָזיציע: מיט צעוואָרפענע פיס אויף די ראַנדן פון די אונטער־געבויטע קלעצער. דער בלאַסער שיין פון זייערע לאָמפּן זעט זיך קוים אַרויס אין שוואַרצן שטויב־וואָלקן, וואָס וויקלט זיך אַרום זייערע האַלב־

נאָקעטע אויסגעבויגענע לייבער. שוואַרצע שטיקער רייסן זיך אָפּ פון דער קוילנוואַנט און קאָלערן זיך אַראָפּ ביז דער צוים פון זייער אויס־געמאָסטענעם אַרבעטס־שטח.

איך שטיי אָנגעבויגן מיט דער רעכטער זייט צו דער קוילנוואַנט. מיינע אויגן קוקן אָנגעשטרענגט אויף דעם קלאַפּנדיקן האַמער. דער ציטער פון דער רעכטער האַנט גייט זיך פונאַנדער איבער מיין גאַנצן קערפּער, אָבער די וואַנט איז פאַרעקשנט. דער שפּיז צעטאַנצט זיך אויף דער אויבערפלאַך און פאַלט אַראָפּ צוזאַמען מיט אַן אָפּגעפּלאַצט קליין שטיקל קויל. איך פּרוּוו אויף אַ צווייט אָרט — דער שפּיז צעראַצט די וואַנט און שפּרינגט אַראָפּ צום שטיינערנעם דיל. איך הייב אָן ווערן בייז, ניבול־פּה־קללות רייסן זיך דורך מיינע ציין, ווי זיי וואָלטן מיר געקענט צו הילף קומען ביים גובר זיין די שטיינהאַרטע קוילנוואַנט.

ערשט נעכטן האָב איך געאַרבעט מיטן האַמער בעת דער צווייטער האַלבער שיכט. פּערדינאַנד האָט מיך גערימט, אַז איך האָב שנעל געלערנט די קענטענישן פון אַ „בערגמאַן", פאַר וואָס זשע גייט מיר איצט נישט? וואָס וועט אַדאָלף וועגן מיר זאָגן, ווען מיינע פּוילישע חברים וועלן יאָ באַווייזן אויסצופירן זייער אויפגאַבע? וועל איך זיין פאַר די פּאָליאַקן אַן אָביעקט פון חוזק, און ביי די דייטשן — פון געפאַר?

דער פּחד רופט אין מיר אַרויס יענע פאַרבאָרגענע כוחות, וואָס קומען תמיד אויף בעת איך שטיי פאַר אַ סכנה. איך מוז די קוילנוואַנט בייקומען; איך בין גרייט איינצובייסן זיך מיט ציין און נעגל און די קוילנוואַנט פונאַנדערצורייסן.

איך פּרוּוו אויסנוצן מיין דערפאַרונג פון די לעצטע טעג ביים אָנטרעפן אויף שטיינהאַרטע קוילן. איך הייב אָן אונטערגראָבן די אונטערשטע טייל וואַנט. יעדעס אָפּגעריסענע שטיק פאַרקלענערט די ווידערשטאַנד־קראַפט פון דער קוילנוואַנט. איך לאָז נישט נאָך. דער האַמער פאַרקריכט וואָס אַ מאָל אַלץ טיפער און אַ שטיק וואַנט בלייבט שטיין אָן אַ גרונט. דאַן גרייף איך אָן דעם אַרויסגעזעצטן „בויך". דער שפּיז טרעפט כסדר אין ציל. גרויסע קוילנשטיקער פאַלן מיט אַ קראַך צום שטיינערנעם באָדן.

די שפּאַנונג אין מיר לאָזט נאָך ערשט ווען איך טרעט מיט די פיס איבער די צעריסענע שטיקער פון דער קוילנוואַנט.

דער רוטשע־מייסטער אַדאָלף דראַפּעט זיך באַרג־אַרויף איבער דער שטרייב און פאַרהאַלט זיך אויף אַ ווײַלע לעבן מיר. ער וואַרפט זיינע שפּיזיקע בליקן פון דער קוילנוואַנט אויפן באַרג קוילן, און פאַרקערט. ווי גאָרנישט לויט זיין געוווינהייט רעדט ער צו מיר אויס אַ פּאָר איינגע־האַלטענע רויקע ווערטער און מאַכט מיר אויפמערקזאַם אויף טעכנישע פעלערן, וואָס קענען מיר שטערן אין דער אַרבעט.

ביים צוזאַמענשלעפּן דאָס האָלץ צום אונטערבויען גיי איך אַדורך אַ פינצטערן לאָך און שטויס זיך אָן אויף אַ הענגענדיק אַרבעטס־רעקל מיט אַן אָנגעשוואָלענער קעשענע. גאָרנישט איבערטראַכטנדיק ציִ איך אַרויס פון דער קעשענע אַ ווייך פּעקל. נאָך איידער איך צעוויקל דאָס פּאַפּיר דערפיל איך דעם ריח פון פריש ברויט מיט שמאַלץ. שנעל דער־ווייטער איך זיך פון דעם אָרט, קריך אַריין אין אַן אַנדערן פינצטערן לאָך, לעש אויס מיין לאָמפּ און שלינג דאָס עסן ווי אַן אַנטלאָפענע קאַץ מיט איר געכאַפּטן ביסן.

נאָכן אויפעסן די פעטע ברויט־שניטן האָט מיך אָנגעהויבן פּייניקן אַ חרטה־געפיל. נישט דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל אין מיין לעבן, ווען איך בין געווען געצוווּנגען אויסצושטרעקן די האַנט צו אַ פרעמדער זאַך, נאָר גיכער צוליב די רעזולטאַטן, וואָס קענען קומען פונעם גנבענען ברויט ביי אַ דייטשישן קוילנגרעבער. און הגם איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס ברויט האָט געהערט צו איינעם פון יענע דייטשן וואָס קייען מיט גרויס הנאה זייער פעט עסן אין די אויגן פון די הונגע־ריקע „פאַרפלוכטע" פּאָליאַקן — בין איך דאָך נישט געווען רויק.

אין שטרייב איז שטיל געוואָרן. די רוטשע בלייבט שטיין אויף 15 מינוט. די פאַרשטויבטע קוילנגרעבער זעצן זיך אויס אונטער די לאָמפּן, צעוויקלען זייערע ברויט־פּאַקעטן, עסן מיט פולע מיילער און פאַרטרונקען פון בלעכענע באַנקעס געזיסטע שוואַרצע קאַווע. בלויז דער דייטש ווילי שטייט נאָך אַלץ אַן איינגעבויגענער אין דעם שוואַרצן לאָך ווו עס הענגט זיין אַרבעטס־רעקל. קיינעם גייט נישט אָן וואָס ער דרייט דאָרט די שיין

פון זיין לאָמפּ אַרום זיך. אַלע קוקן זיך אום צו ווילין ווען ער קריכט אַרויס פון לאָך און מיט אַ בייז צעשריגן קול לויפט ער צו זיין פּוילישן שכן, וואָס ליגט אָן אויסגעצויגענער אויף די צעבראָכלטע קוילן־שטיקלעך.

— דו דרעקישער פּאָלע! האָסט מיין בוטאָן־בראָט געשטאָלט!

דער פּאָליאַק זעצט זיך אויף און קוקט אויפן דייטש מיט אַ נישט פאַרשטייענדיקן בליק.

— כלעבאַ! כלעבאַ! געפרעסן! וואַר דאַס גוט? האַ? פערפלוכט!

ווען דער פּאָליאַק האָט זיך ענדלעך געכאַפּט אין וואָס דער דייטש באַשולדיקט אים, איז ער אויפגעשפּרונגען מיט אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן און געשריגן:

— אין דיין מאַמען אַריין!

דער אַלטער דייטשישער קוילנגרעבער היינריך האָט געהאַט מוט צו פאַרטיידיקן דעם פּאָליאַק: ער האָט אים געזען די גאַנצע האַלבע שיכט אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. זעענדיק, אַז זיין דייטשישער „קאַמעראַד" שטעלט זיך אויף דער זייט פון פּוילישן שכן, איז ווילי אָפּגעטראָטן, אָבער ער האָט דעם פאַל נישט געקענט פאַרשווייגן און זיין כעס האָט ער איבער־געטראָגן אויף מיר.

איך זיץ און קיי די פּאָר דינע פּענעצלעך ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַד. ווילי בייגט זיך אַראָפּ און קוקט מיר אַריין אין מויל.

— וואָס זוכסטו היר, ווילי? האָסטו וואָס פערשטעקט צווישן מיינע ציינער?

ווילי ענטפערט נישט אויף מיין פראַגע. ער קוקט אויף מיר זייטיק מיט אַן אָנגעדראָלענער שווייגעניש.

איך בלייב זיצן מיט אַ האַלב־אָפן פאַרגליווערט מויל און קוק אויף אים מיט אַ פאַרדעכטיקטן בליק. ווילי קען דאָס נישט פאַרטראָגן, דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו מיר, שטעלט אָן די שיין פון זיין לאָמפּ נידעריק צו זיינע פוסטריט און זוכט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך קוק אויף זיין האַלב־נאַקעטן אויסגעבויגענעם רוקן, וואָס דערוויטערט זיך לאַנגזאַם צום פינצטערן לאָך אַנטקעגן מיין אַרבעטס־פּלאַץ, ווו ער דערזעט צווישן שטויב אַרויסשטעקן אַ שפּיץ צייטונגס־פּאַפּיר. ווילי גייט אַריין אָן איינ־

געבויגענער אין דעם לאָך, טוט אַ שאַר מיטן שוך דעם שטויב אַרום דעם פּאַפּיר און ציט זיך גלייך צוריק. דער ריח פון צואה יאָגט אים נאָך ביז אַראָפּ צו זיין אַרבעטס־פּלאַץ, וווהין ער איז אַוועק מיט שיפּענדיקע בייזע קללות.

די קייט הייבט לאַנגזאַם אָן צו שאַרן זיך צו דער לויפנדיקער באַנד, מיטשלעפּנדיק די אָנגעוואָרפענע קוילן אין דער רוטשע. פון דער קוילנ־וואַנט טראָגט זיך פונאַנדער אַ געדיכטער שטויב־וואָלקן, וואָס זעצט זיך אויף אַלץ אין דעם אונטערערדישן רוים.

אַדאָלף קומט צו קריכן פון דער פינצטער. זיינע געשלאָסענע שוואַרצע ליפּן שמייכלען קאַלט און אומהיימלעך. מיט אַ פאַרקוועטשט אויג קוקט ער צו ערשט זיך איין אינעם פאַרפעסטיקטן קלאָץ, וואָס איך האָב נאָר וואָס אונטערגעבויט און דערנאָך טוט ער אַ באַוועג מיט דער האַנט. איך לאָז אָפּ דאָס הענטל פון האַמער און גיי צו צום שטיק קויל, וווּ אַדאָלף האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— סטאַכו — זאָגט צו מיר אַדאָלף מיט אַ דראָענדיקער שטים — אויב עס וועט נאָך איין מאָל אַזעלכעס פּאַסירן, וועט זיין שלעכט!

— וואָס אַזוינס? — קוק איך צו אַדאָלפן זייטיק אַראָפּ.

— ווייסטו ווירקלעך נישט, אַז פון ווילים טאַש האָט ווער פון די פּאָליאַקן אַרויסגעשלעפּט זיין בוטאָן־ברויט?

— איך האָב ווילין געזען אָן אויפגערעגטן, אָבער ער האָט מיר נישט געזאָגט די סיבה פון דעם.

— היינט ביי ווילין, און מאָרגן ביי אַ צווייטן פון אונדז. איר, פּאָליאַקן, ווייסט נאָך נישט, וואָס מען קאָן דאָ אַריינכאַפּן פאַר גנבענען ברויט.

— ביסטו זיכער, אַדאָלף, אַז אַ פּאָליאַק האָט דאָס געטאָן?

— יאָ! — שטעלט זיך אַדאָלף אויף — ביז אייער קומען אין גרובן האָט קיין מאָל אַזעלכעס נישט פּאַסירט!

— איז וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר?

— איך ווייס נישט ווער עס האָט געגנבעט דאָס ברויט, אָבער איך וויל אייך אַלע וואָרענען!

— געגומען דאָס ברויט האָט זיכער אַזעלכער, וואָס האָט שטאַרק געליטן פון הונגער.

— מיר גייט נישט אָן ווער פון אייך עס הונגערט. וועגן דעם דאַרף זאָרגן אייער לאַגער־פירער.

— אין לאַגער איז דאָס עסן שלעכט, און דערצו נאָך ווייניק.

— סטאַכו, איצט איז קריגסצייט.

— דער הונגער וויל דאָס נישט פאַרשטיין.

— אויך מיר, דייטשן, הונגערן.

— אַדאָלף, איך זע דיך אין קוילנגרובן עסן ברויט מיט פעטס.

— מיר, בערג־לויטע, מוזן זאַט זיין.

— און מיר, פּאָליאַקן, דאַרפן הונגערן און אַרבעטן ווי זאַטע?

— אָבער איך מוז פון דיר די פולע אַרבעטס־נאָרמע פאַרלאַנגען, אַזוי ווי דער שטייגער פאָדערט פון מיר.

— דאַן גייען מיר שנעל צו גרונט.

ביי אַדאָלפן רופט מיינע ווערטער אַרויס אַ שמייכל. מיט סאַדיסטישער הנאה זאָגט ער:

— איר, פּאָליאַקן, זענט דען נישט פרייוויליק געקומען קיין דייטש־לאַנד?

— ביסט שלעכט אינפאָרמירט, אַדאָלף, מיר זענען מיט צוואַנג פאַר־שיקט געוואָרן.

— דער שטייגער ברייטענשטיין האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט פרייוויליק געפאָרן קיין דייטשלאַנד.

— דעריבער דאַרפן מיר הונגערן?

אַדאָלפן איז געוואָרן נישט באַקוועם ווייטער פאָרצוזעצן דאָס גע־שפּרעך אויף פויליש.ביים אַוועקגיין זאָגט ער צו מיר אין דייטש:

— יאַ, סטאַכו, איך קאַן ניקס דאַפיר.

איך בין פאַרטאָן אין דער אַרבעט פון אונטערבויען, נאָכן אויסגראָבן דעם צווייטן מעטער קוילן. דער פאַרפעסטיקטער קלאָץ שטייט נישט אַזוי, ווי פערדינאַנד האָט מיך געלערנט. איך שטעל אים איבער מיט מער

באַוואָרנטער זיכערקייט אונטער דעם אויפגעפּלאַצטן שטיינערנעם סופיט.

דער שטייגער קלעטערט, אָנהאַלטנדיק זיך ביי די קלעצער. אים אַליין זעט מען נישט, בלויז די שאַרפע שיין פון זיין בליצלאָמפּ באַוועגט זיך פּאַמעלעך פאָרויס, ביז ער קומט אָן צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ.

— גליקאַוף! — גריסט זיך אומגעריכט דער שטייגער צו מיר מיט אַזאַ פרידלעכן טאָן, ווי ער טוט עס געוויינלעך צו די דייטשישע קוילן־גרעבער.

— גליקאַוף! — ענטפער איך אים און זעץ ווייטער פאָר מיין אַרבעט.

דער ליכט־פּאַס פון שטייגערס בליצלאָמפּ קרייזט אַרום אויף מיין אַרבעטס־פּלאַץ, שפּרינגט אַרויף און אַראָפּ און רופט ארויס אין מיר אַ נערוועזקייט. איך באַמי זיך צו אַרבעטן פאָרזיכטיק מיט אַן אָנגע־שטרענגטער גלייכגילטיקייט.

— פריבעל!

דער שטייגער רופט אויס מיין נאָמען און ווייזט אָן מיטן שטעקן דאָס אָרט, וווּ איך זאָל זיך אַוועקשטעלן.

— נאָך אייניקע טאָגע — זאָגט דער שטייגער ציילנדיק מיט זיין שטעקל אויף מיר — אונד דו מוזט באַווייזן פערטיק מאַכן די קאָלע זאָ ווי איין דויטשער בערגמאַן.

— שטייגער, איך האָבע קיינע קרעפטע.

— וואָרום?

— קנאַפּ עסן — ווייניק קרעפטע.

— וואָס בעקומסטו אים לאַגער „שווערפּאָרציאָן"?

— 400 גראַם בראָט אונד 1 ליטער גרינע וואַסער־זופּע.

— יאָ! דאָס זעלבע באַקומען דאָך וויר דויטשע!

— וואָרום, שטייגער, האָבע איך אימער הונגער?

— וואָרום? איר, אויסלענדער, בראַוכט צופיל פרעסען!

— שטייגער, קנאַפּ עסן אונד פיל קאָלע?

—— יאָ! וואָן די קריג צו ענדע קאָמט, דאַן ווייניק קאָלע אונד פיל פרעסען!

— דאַן קאָם איך דאָך צו האַוזע.

## טעג און ליכט

— ניכט וואַר, פריבעל, דו בלייבסט אימער אים דויטשלאַנד! דו ווירסט היר גוט לעבן וואָן דו איין גוטער בערגמאַן ביסט!

— און ביז דאַן איך אימער הונגערן?

— שייסע מיט דיין הונגער! — צעשרייט זיך דער שטייגער — היר אים גראַבע נור קאָלע! קאָלע!

נאָך דער שיכט. זאַלבעדריט פאָרן מיר צוריק אין איין וואַגאָנדל. וואַצעק איז גאָרנישט מיד. ער גרייסט זיך ביים דערציילן וועגן זיין אַרבעט צום ערשטן מאָל מיטן לופט־האַמער ביי דער קוילנוואַנט, ווי אַזוי ער איז אַליין דערגאַנגען צו באַזייטיקן די שוועריקייטן און שטערונגען, וואָס האָבן זיך אים אויסגעוויזן ביים אָנהייב שיכט פאַר אוממעגלעך בייצוקומען. ער מיינט, אַז עס איז אַ סך גלייכער צו אַרבעטן זעלבשטענדיק ביי דער קוילנוואַנט, איידער צו זיין אַ געהילף ביי אַ דייטש ביים שעפּן די קוילן און אויסצושטיין גראָבע באַליידיקונגען אין דער גרילצנדיקער שפּראַך, וואָס יידן האָבן געערדט...

באַלעק דאַקעגן זיצט אַ בייזער און אויפגערעגטער פון וואַצעקס באַרימען זיך מיט זיינע פעיקייטן ביי דער אַרבעט. באַלעק איז פול מיט שנאה צו די דייטשן. אים איז דערווידער צו טאָן די מינדסטע זאַך וואָס קען זיי ברענגען נוצן. די דריי מעטער קוילן ביי דער איצטיקער שיכט האָט ער בכיוון נישט פאַרענדיקט, כדי דער דייטשישער מייסטער זאָל אים נישט קענען נאָך מער אויסנוצן.

באַלעק קלערט נישט אויף זיין צאָרן קעגן דער אַרבעט מיט אַן איבערצייגנדיקן אַרגומענט, וואָס זאָל וועמען פון אונדז באַאיינפלוסן דאָס זעלבע נאָכצוטאָן. דאָס איז ער נישט אויסן. ער פאַרלאַנגט עס נאָר פון זיך אַליין, ווייל ער האַסט די דייטשן, וואָס האָבן אים געמאַכט פאַר אַ היימלאָזן, אַרעסטירט זיין טאַטן און אים פאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגס־אַרבעט, כדי דאָ צו פירן אַזאַ הינטיש לעבן.

— וואַצעק, וואָס וועסטו טאָן — פרעג איך — אויב אַדאָלף וועט דיר מאָרגן אויסמעסטן נאָך אַ מעטער קוילן?

— וועל איך דאָס מאַכן — ענטפערט וואַצעק מיט גאווה.

— און אַז אַדאָלף וועט פאַרלאַנגען פון דיר פינף מעטער?

— ווע̇ל איך איבּ ווייזן, אַז איך קען זיין דער זעלבער קוילנגרעבער ווי זיינע דייטשן.

— וועט דאָך אַדאָלף דאָס זעלבע פאַרלאַנגען פון אַלע פּאָליאַקן אין שטרייב?

— איז וואָס גייט דאָס מיך אָן?

— איך זע שוין — רופט זיך באַלעק אָן מיט אַ בייזן בליק אויף וואַצעקן — ווילסט ווערן ווי דאָס בלינדע פערד אין קוילנגרובן.

— האָסט אַ טעות, באַלעק. וואָס מער איך וועל קענען די אַרבעט, אַלץ לייכטער וועט מיר ווערן איבערצוקומען די שיכט.

— לייכטער אויסצוציען די קאָפּיטעס — חוזקט באַלעק.

— זיי נישט אַזוי קלוג, באַלעק. אויסציען די קאָפּיטעס קענסטו פריער פון מיר, אויב דו וועסט נישט וועלן וויסן, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיטן לופט־האַמער.

— ווייסט פאַר וואָס איך וויל נישט אַרבעטן? ווייל מ׳האַלט מיך דאָ ווי אַ הונט, וואָס מ׳גיט אים בלויז אויסצולעקן אַ שיסל.

— פּרווו אַזוי רעדן צום שטייגער, ווּעסטו באַלד דערפילן זיינע קלעפּ איבער דיין קאָפּ. און אַדאָלף, מיינסטו, וועט דיך שוינען?

קעגן וואַצעקס לעצטן אַרגומענט האָט באַלעק אפילו מיט קיין איין וואָרט נישט געפּרווט זיך קעגנשטעלן, ווי פאַר זיינע אויגן וואָלט זיך פּלוצלינג באַוויזן דעם שטייגערס סענקעוואַטער שטעקן און אַדאָלפס שאַרף פּנים מיט די פאַרביסענע ציין.

דאָס אונטערשפּרינגענדיקע וואַגאָנדל אויף די ליניעס לויפט מיט אונדז איבער פינצטערע קאָרידאָרן צווישן שטיינערנע ווענט. מיר טרייס־לען מיט די קעפּ, ווי מיר וואָלטן אָן ווערטער מסכים געווען מיט וואַצעקס רייד.

ביים אַרויספאָרן פון קוילנגרובן שטעלן מיר זיך אויס אין דער ריי צו דער ווינדע. ווילי, וואָס שטייט פאַר אונדז, צעשמועסט זיך מיט די דייטשישע קוילנגרעבער און הייבט אָן רעדן וועגן זיין געגנבעט „בוטאָן־ברויט״. ער דערציילט עס מיט אַזוי פיל האַס, אַז זיין פאַרשוואַרצט פּנים

ווערט אַזש גרוי־ווייס פון אויפרעגונג נאָך יעדן צעצויגן זידלוואָרט:
„פערפלוכטע״, „דרעקישע״, „שייס־פּאָלע״.

ווען ער קוקט זיך אום און דערזעט אונדז שטיין הינטער זיך, ווערט ער נאָך בייזער און יעדעס זידלוואָרט אַקצענטירט ער מיט נאָך מער פֿאַראַכטונג און שנאה.

די דייטשע קוילנגרעבער, וואָס הערן זיך איין אין ווילים רייד, זענען מסכים מיט אים און יעדער באַזונדער וואַרפט צו אַ גרינגשעצנדיק וואָרט אויפן אַדרעס פון די פֿאַרהאַסטע „אויסלענדער״. בלויז איינער, דער אַלטער קאַרל פון באָכום, מאַכט אַ שאַרפע באַמערקונג פרעגנדיק ווילין, וואָס וואָלט ער געטאָן, ווען ער איז אויפן אָרט פונעם הונגעריקן פּאָליאַק און געפינט ברויט מיט שמאַלץ און קיינער זעט עס נישט?

ווילי פאַררייסט דאָס פּנים צום הויכן קאַרל און ראָט אים, אַז ער זאָל ווייניקער האָבן מיטלייד מיט די פּאָליאַקן, נאָר בעסער זאָגן, ווי אַזוי ער וואָלט רעאַגירט, ווען מען גנבעט ביי אים דאָס ברויט.

קאַרל צעלאַכט זיך און ענטפערט, אַז ער וואָלט נישט געמאַכט אַזאַ רעש, נאָר געטראַכט ווי אַזוי אויף ווייטער בעסער אויסצובאַהאַלטן דאָס ברויט. אָבער קיינער איז נישט מסכים מיט אים, ווייל פאַרשווייגן, מיינען זיי, וואָלט געהייסן, אַז די פּאָליאַקן קענען ווייטער גנבענען.

פּאַוּל דער מאַשיניסט זאָגט זיך אַרויס, אַז ער וואָלט טאַקע געשוויגן אַזוי לאַנג, ביז ער וואָלט דעם פּאָליאַק געכאַפּט ביים שלעפּן פון טאַש. דאַן וואָלט ער אים אַזוי אָנגעלערנט, אַז ביי אַלע פּאָליאַקן וואָלט אָפּגעַ־נומען געוואָרן דער חשק צו גנבענען ברויט אין קוילנגרובן.

די דייטשן זענען אַריין אין דער ווינדע און מיר זענען דערווייל געבליבן אונטן. וואַצעק און באָלעק ווילן דערגיין ביי מיר וואָס די „שוואַבעס״ האָבן גערעדט צווישן זיך און געקוקט דערביי מיט אַזאַ בייזקייט אויף אונדז. איך דערצייל זיי. באָלעקן פאַרדריסט פאַר וואָס אים איז נישט איינגעפאַלן דאָס צו טאָן, וואָלט ער כאָטש איין מאָל אין דייטשלאַנד פאַרזוכט דעם טעם פון ברויט, באַשמירט מיט חזיר־שמאַלץ. וואַצעק פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט זיך קיין מאָל נישט צוגערירט צו דער קעשענע פון אַ דייטש, ער זאָל אַפילו זיין טויט־הונגעריק. באָלעק אָבער גלייבט אים נישט און ער האַלט וואַצעקן פאַר אַ פּחדן.

## קאַפּיטל פיר

תיכף נאָך אונדזער אָנקומען אין לאַגער האָבן אָנגעהויבן נאָרמאַל צו אַרבעטן די ביוראָ־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט אַ סטאַביל לאַגער־לעבן מיט אַ פּערספּעקטיוו פון אַ לאַנגער עקזיסטענץ.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען געעפנט אין לאַגער אַ שפּיטאָל, אַ פּאָסט־אָפּטיילונג און אַ שוסטער־וואַרשטאַט אויף צו פאַרריכטן שיך.

פון צווישן די לאַגעריסטן האָט זיך בולט אַרויסגערוקט די געשטאַלט פון 25יאָריקן זבישעק. ער איז געווען אַ הויכוווקסיקער, מיט גלאַט־פאַרקעמטע האָר, אַ רונדיק שיין ראָזלעך פּנים און מיט צעשמייכלטע העל־בלויע אויגן. קוים אָנרירנדיק די ערד, איז ער געגאַנגען מיט דראָבנע טריטלעך, ווי אַן עלעגאַנטע אויסגעפּוצטע דאַמע. זיין שפּראַך איז געווען אַן אײדעלע און ער האָט פאַרמאָגט זייער פיינע מאַניערן.

פון וואַנען זבישעק האָט געשטאַמט האָבן געוווּסט נאָר די באַאַמטע אין דער עווידענץ־אָפּטיילונג פון לאַגער. אים האָט מען קיין מאָל נישט געהערט דערמאָנען זיין פאַרלאָזענע היים. דאַקעגן האָט ער ליב געהאַט צו רעדן וועגן זיינע אוניווערסיטעט־יאָרן. זיינע מעדיצין־שטודיעס האָט ער נישט פאַרענדיקט צוליב דער מלחמה.

די דייטשישע שפּראַך האָט זבישעק גערעדט אַזוי פליסיק, ווי זיין מוטערשפּראַך פּויליש.

ווען דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געמאַכט זיין ערשטע אינספּעקציע איבער די באַראַקן, האָט אים זבישעק באַגלייט און פאָרגעשטעלט פאַר דער מענטשן־מאַסע. דעמאָלט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זבישעק איז געוואָרן דעם קאָמענדאַנטס געהילף און ראַטגעבער ביים איינפירן אָרדענונג אין לאַגער.

זבישעקס אויסזען האָט אַרויסגערופן צוטרוי און דרך־ארץ. אַלע

אין לאַגער האָבן מיט רעספּעקט געצויגן פאַר אים די היטלען און יעדער האָט גוט פאַרשטאַנען פאַר וואָס זבישעק ווינט באַזונדער, לעבט באַקווע־מער און באַוועגט זיך פריי מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם אין די שכנותדיקע שטעט. ער טראָגט אויך נישט אויף דער רעכטער זייט ברוסט דעם צייכן „פּ״, ווי יעדער פּאָליאַק אין דייטשלאַנד.

זבישעק האָט אָנגעהויבן שפּילן די ראָלע פונעם הויפּט־פאַרשטייער פון די לאַגעריסטן, זיך פאַרנומען מיט זייערע נויטן און אַרויסגעוויזן אינטערעס צו יעדן, וואָס האָט זיך געווענדעט צו אים.

אין שכנות פון קאָמענדאַנט האָט זבישעק באַקומען אַ באַזונדער צימער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די ביוראָ־אָפּטיילונגען אין לאַגער. אַזוי אַרום איז זבישעק געוואָרן דער פאַרבינדלער צווישן די לאַגער־מענטשן מיט דער קאָמענדאַנטור.

זבישעקס צימער איז געוואָרן דער איינציקער אַדרעס פאַר די לאַגער־מענטשן, וואָס האָבן זיך געפילט באַעוולט פון פאַרשידענע אַדמיניסטראַ־טיווע פאַראָרדענונגען, ביים געשטאַלטיקן דאָס לעבן אין לאַגער, אָדער ביי די קאָנפליקטן מיטן דייטשישן באַאַמטן־שטאַב אין לאַגער.

זבישעק האָט געהאָט אַ סך אַרבעט ביי די ענינים און ער האָט באַ־קומען אַ געהילף, דעם פּאָליאַק יאַנטשוק פון נידערשלעזיע — אויך אַ קענער פון דער דייטשישער שפּראַך.

יאַנטשוק — אַ פעסט געבויטער ברייטביייניקער יונג, וואָס האָט געשפּריצט מיט גבורה און חוצפּה. זיין ווולגאַרע שפּראַך און גראָבע פּנים־שטריכן זענען געווען אַ נאַטירלעכער אויסדרוק פון זיינע כאַראַק־טער־אייגנשאַפטן.

פאַר וואָס דער איידעלער זבישעק האָט גענומען צו זיך ווי דעם נאָענטסטן מיטאַרבעטער דווקא יאַנטשוקן — איז קלאָר געוואָרן פון ווייי־טערדיקן לעבן אין לאַגער.

אין דער פּאָסט־אָפּטיילונג איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער באָראָווסקי, אַ מיטלוויקסיקער פּאָליאַק פון אַ יאָר פופציק, מיט אַ לענגלעך מאָט פּנים, שאַרף־דורכדרינגלעכע אויגן און דרייסטע באַוועגונגען. זיין

אונטערשטע ליפּ איז געווען אַ ביסל אַראָפּגעלאָזן, ווי זיין האַלב־צעעפנט מויל וואָלט שטענדיק גרייט געווען אַרויסצולאָזן אַ שטרענג וואָרט.

אין לאַגער האָט מען געוווּסט, אַז באַראָווסקי איז פאַר דער מלחמה געווען אין פּוילן אַ לערער פון פרעמדע שפּראַכן, אויך פון דייטש. אויף די לאַגעריסטן האָט ער געקוקט מיט ביטול, ווי אויף אַ סטאַדע שאָף. אַחוץ דעם אָנפירן מיט דער פּאָסט, האָט ער גענומען אויף זיך די אויפ־גאַבע צו דערציען די מענטשן, ווי אַזוי צו זיין געהאָרכזאַם דעם לאַגער־קאָמענדאַנט און זיינע משרתים.

דורך באַראָווסקיס הענט האָבן אָנגעהויבן אַדורכגיין טויזנטער בריוו און שפּייז־פּאַקעטן. די אַרבעט איז געווען אַ נויטווענדיקע און נוצלעכע, איז ער דורך דעם שנעל פּאָפּולער און באַליבט געוואָרן ביי די אַלע לאַגע־ריסטן, וואָס זענען געווען אין אַ שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט זייערע נאָענטע קרובים אין פּוילן.

אין אַ זונטיק, ווען אַלע זענען געווען באַפרייט פון דער אַרבעט, האָט באַראָווסקי גערופן אין גרויסן עס־באַראַק אַ פאַרזאַמלונג. מען איז גע־גאַנגען עפּעס אויסהערן וועגן די פּאָסט־ענינים און דאָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַן אינטערעס. אָבער אָנשטאָט צו הערן וועגן בריוו און שפּייז־פּאַקעטן, האָט מען גאָר דערזען באַראָווסקין אין דער ראָל פון אַ פּאָליטישן רעדנער. ער האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דער מיליטערישער זיג פון דייטשלאַנד איז אומפאַרמיידלעך, אַז מיר, פּאָליאַקן, דאַרפן נישט בלויז שלום מאַכן מיט אָט דעם געדאַנק, נאָר אויך צו הילף קומען דייטש־לאַנד ביים איינפירן די נייע אָרדענונג אין אייראָפּע.

אַלס ביישפּיל האָט באַראָווסקי גענומען דעם רוסישן גענעראַל וולאַ־סאָוו, וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, ריכטיק אָפּגעשאַצט די נייע־געשאַפענע לאַגע, זיך געשטעלט צוזאַמען מיט זיין אַרמיי אויף דער זייט פון די דייטשן און דערמיט האָט ער געראַטעוועט די צוקונפט פון רוסלאַנד. דאָס זעלבע, האָט באַראָווסקי אונדז דערקלערט, דאַרפן טאָן די פּאָליאַקן.

די לאַגעריסטן האָבן מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אויף באַראָווסקין, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן זיי אויף אַ טריבונע מיט אַ בראָשור אין די

הענט און פון דאָרט האָט ער מיט ציפּערן און ציטאַטן באַקרעפטיקט זיינע אַרגומענטן.

מיט אַ באַהאַלטענער אויפרעגונג האָבן די לאַגעריסטן אויסגעהערט די אַגיטאַציע־רעדע און שטיל זיך פונאַנדערגעגאַנגען. ביי די פּאַרטרוי־לעכע געשפּרעכן אין די באַראַקן האָט מען געהערט די ווערטער „פּזשע־קלענטי ניעמיעץ" (פאַרשאָלטענער דייטש). ס'איז געווען לייכט צו פאַר־שטיין, אַז דאָס מיינט מען באָראָווסקין.

קענענדיק גוט דעם פּוילישן מאַסן־מענטש האָט באָראָווסקי געוווסט ווי אַזוי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט מיט דער רעדע. ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס האָט פון אים פאַרלאַנגט דער דייטשישער קאָמענדאַנט און ער האָט געמוזט פאָלגן, כאָטש ער אַליין איז אַ גוטער פּוילישער פּאַטריאָט און טראַכט נישט אַנדערש ווי אַלע פּאָליאַקן אין לאַגער.

מיט אַזעלכע געשפּרעכן וואָס ער האָט געפירט אינטים און חבריש מיט די לאַגעריסטן בעת זיי זענען געקומען מיט אים אין קאָנטאַקט, האָט באָראָווסקי געענדערט זייער באַציונג צו זיך.

זיין אָנזען ביי די לאַגעריסטן האָט באָראָווסקי נאָך מער געשטאַרקט מיטן איינאָרדענען אַ קלויסטער אין לאַגער. צווישן די לאַגעריסטן האָט ער אויסגעפונען אַ וואַרשעווער פּאָליאַק, וועמען ער האָט פאָרגעשטעלט פאַר אַ גלח. לאַגעריסטן האָבן אָנגעהויבן קומען זיך „מאָדליען" אין גרויסן עס־באַראַק, וואָס איז יעדן פאַרנאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „קאָשטשאָל".

דער גלח, רוטשעווסקי האָט ער געהייסן, אַ נידעריקער און גראָלע־כער, מיט אַ בלאַסלעך פּנים און טיפע פאַרטראַכטע אויגן, איז געווען אַן אויסנאַם־טיפּ צווישן דער מאַסע לאַגעריסטן. ביז ער איז באַקאַנט געוואָרן אַלס גלח האָט מען אים ווי נישט אַרויסגעזען פון זיין טונקל ווינקעלע אויף דעם אויבערשטן בעט, ווייט פונעם טומל אין גרויסן באַראַק.

ווען רוטשעווסקי האָט צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן אַלס גלח ביים

אָפּריכטן די „מאַדליטוווע״, האָבן די, ביי וועמען זיין שטילע אָפּגעזונדערט־קייט האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט, ערשט אָנגעהויבן אים פאַרשטיין.

באַראַווסקי האָט זיך באַמיט אַרויסצונעמען דעם גלח פון אונטער דער ערד אין קוילנגרובן און אים איינצואָרדענען ביי אַ לייכטער אַרבעט אויף דער ערד־אויבערפלאַך. אויך זיינע לעבנס־באַדינגונגען זענען אויסגעבע־סערט געוואָרן, און די לאַגעריסטן האָבן אָנגעהויבן צו באַציען זיך צו אים מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ.

רוטשעווסקי האָט זיין גלחישע פליכט גענומען זייער ערנסט. ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז יעדן פאַרנאַכט נאָכן ענדיקן דאָס נאַכט־עסן זאָלן די טישן צוזאַמענגערוקט ווערן, כדי אין דעם האַלב־ליידיקן רוים פון באַראַק זאָלן וואָס מער לאַגעריסטן קענען צונויפקומען זיך צו די „מאַדליטוועס״.

אויף אַ ווייסגעדעקט טישל, צווישן צוויי גרויסע ברענענדיקע ליכט, איז געשטאַנען אַ קליין בילדל פון דער „הייליקער מאַריאַ״. מיט די בליקן געווענדעט צו אָט דעם בלאַס־באַלויכטענעם טישל אין פאַרטונקלטן באַראַק, האָבן די פאַרזאַמלטע לאַגעריסטן כאָראַל מיטגעזונגען נאָך דעם גלח רוטשעווסקי די מאָנאָטאָן־צעצויגענע קלויסטער־געזאַנגען.

איין מאָל, ביים אָפּריכטן דאָס געבעט, האָט מען דערהערט אַ ציטער־דיקע שטים, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלע מיטזינגערס. אַלע האָבן אויסגעדרייט די פּנימער צו דעם טונקעלן ווינקל, פון וואַנען די שטים האָט זיך אַזוי בולט געהערט מיט יעדן קלאַנג און וואָרט.

נאָכן פאַרענדיקן די „מאַדליטוווע״ האָט דער גלח צוגערופן צו זיך דעם מיט דער שיינער שטים. באַלד האָט אַן איינגעבויגענער שוואַרצער קאָפּ זיך אָנגעהויבן שטויסן צווישן דער געדיכטעניש צו דעם אָרט ווו דער גלח איז געשטאַנען.

לעבן גלח איז געבליבן שטיין אַ יונגערמאַן פון נידעריקן וווקס מיט אַ בולט־אָנזעעוודיקער אָדלער־נאָז. דער גלח האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און באַלד נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער פּאָטערלעך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און אַזוי פאַרגעזעצט מיט אים

אַ שטיל געשפּרעך. פון דער ווייטנס האָט עס אויסגעזען, ווי דעם יונגנמאַן וואָלט באַפאַלן אַ פּחד און ער ציטערט פון שרעק.

אינסטינקטיוו האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. איך האָב באַקומען דעם איינדרוק, אַז אַ ייד האָט זיך דאָ עפּנטלעך אַליין פאַרראַטן. מיט געשפּאַנטקייט האָב איך אָפּגעוואַרט וואָס עס וועט ווייטער געשען מיט אים.

צווישן די פאַרזאַמלטע האָב איך דערהערט חוזק־ווערטער אויפן חשבון פון דעם מיט דער אָדלער־נאָז: „אַ זשיד איז פון ערגעץ אַרויסגעקראָכן און זיך באַוויזן פאַרן גלח"...

די לאַגעריסטן האָבן אָנגעהויבן זיך פריילעך אונטערצוהאַלטן. די „געבויגענע נאָז" האָט גלייך אָנגעהויבן ווערן אַ טעמע פאַר גראָבע וויצן באַגלייטע מיט געלעכטערס. און ווען דער גלח האָט פּלוצלינג געמאָלדן, אַז פון מאָרגן אָן וועט דער „פּאַן ווילטשוק" אַלס אָרגאַניסט אָנפירן מיט די געזאַנגען ביי די „מאָדליטוועס", זענען אַלע איבערראַשט געוואָרן און נישט געוואָלט גלייבן אין דעם, וואָס זיי האָבן נאָר וואָס געהערט פון גלחס מויל.

דעם גלחס מעלדונג האָבן אויפגענומען מיט צופרידנקייט ווילטשוק און זיינע נאָענטע חברים. אויך איך האָב אָפּגעאָטעמט ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „יידישע נאָז" געפינט זיך אויף אַ גוישן קאָפּ...

אויף צו מאָרגנס האָט שוין ווילטשוק, ביי דער זייט פונעם גלח, אָנגעפירט מיט דעם געבעט־אָוונט. זיין אָרגל־קול האָט געגעבן דעם טאָן, און יעדער לאַגעריסט האָט זיך דערמאָנט אין יענע זונטיקדיקע טעג אין די פוילישע קאָשטשאָלן.

נאָך אָט דעם אָוונט האָבן צו די „מאָדליטוועס" אָנגעהויבן קומען ווייניקער לאַגעריסטן, הגם די „מאָדליטוועס" זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל פייערלעכער און איינדרוקספולער. באַראָווסקין האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן. ער איז אַ בייזער אַרומגעלאָפן איבער די באַראַקן, געזידלט און פאַרגעוואָרפן גאָטלאָזיקייט.

די סיבה פון אויפהערן קומען צו די מאָדליטוועס האָט זיך גענומען פון דעם חשד, אַז ווילטשוק וויל מאַסקירן זיין יידישקייט מיט זיין ראָל

אַלס אָרגאַניסט. דאָס איז דערגאַנגען צום גלח און צו באָראָווסקין. וויל־טשוק האָט אויפגעהערט קומען צו די „מאָדליטוועס“.

קעגן דעם בלבול האָבן ווילטשוקן פּאַרטיידיקט זיינע חברים, וועלכע זענען מיט אים צוזאַמען געקומען פון אַ דייטשיש דאָרף, ווו זיי האָבן געאַרבעט אַלס פּאַראָבקעס. ער האָט דאָרט געשמט פּאַר אַ שטילן און פרומען קאַטאָליק.

אין אַ וואָך אַרום האָט ווילטשוק זיך אומגעקערט צו די מאָדליטוועס. זיין צוריקקומען איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געשעעניש, וואָס האָט אויף די פּאַרזאַמלטע געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. אין דער באַגלייטונג פון זיינע באַראַק־שכנים איז ווילטשוק אַריין אין „קאָשטשאָל“. ער האָט געטראָגן אַ גרויס בילד פון דער „הייליקער מוטער“, וואָס ער האָט אין משך פון אַ פּאָר נעכט געמאָלן. מען האָט פּאַר אים פריי געמאַכט דעם וועג צום טישל, אויף וועלכן ווילטשוק האָט אַוועקגעשטעלט דאָס בילד און עס אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט לעבן די צוויי אָנגעצונדענע ליכט.

ספּאָנטאַן האָבן אַלע אָנוועזנדיקע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, געפירט מיט די פינגער־שפּיצן פון דער רעכטער האַנט איבער דער ברוסט צו די געבויגענע קעפּ, אַ באַוועג געטאָן מיט די ליפּן און צוריק זיך אויפגעשטעלט מיט פאַרגליווערטע בליקן צום בילד פון דער „הייליקער מוטער“, וואָס איז באַצירט געווען מיט פליענדיקע מלאכים איבער איר קאָפּ און מיט קניענדיקע פיגורן מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו די צוזאַמענגעלייגטע האַנטפלאַכן אויף איר ברוסט.

באָראָווסקי האָט ווילטשוקן געדריקט די האַנט און דער גלח האָט אים געדאַנקט. נאָר אַ קינסטלער־מאָלער מיט אַ קאַטויליש האַרץ — האָט ער געזאָגט — קען שאַפן אַזאַ בילד, וואָס שטאַרקט אין אַזעלכע שווערע לעבנס־באַדינגונגען דעם בונד מיטן קריסטלעכן גלויבן.

נאָך דעם אָוונט האָבן ווידער אָנגעהויבן קומען מאַסן לאַגעריסטן צו די „מאָדליטוועס“. די רייד וועגן ווילטשוקס יידישן אויסזען האָט מען מער נישט געהערט און ווילטשוק האָט ווידער פאַרנומען זיין אָרט אַלס אָרגאַניסט.

צום טאָג פון „קריסטוס־געבורט״ האָט ווילטשוק פאַרענדיקט מאָלן נאָך דריי בילדער. צוויי גרויסע בילדער — מלאכישע פרויען־געשטאַלטן — האָט ער אַוועקגעשטעלט פוןביידע זייטן לעבן דער „הייליקער מוטער״. מיט נאָך אַ בילד פון אַ קליין קינד צופוסנס פון דער „הייליקער מוטער״ האָט ווילטשוק סימבאָליזירט דעם שטאַרק פאַרהייליקטן טאָג פון „באָזשע נאַראָדזעניע״.

דער דייטשישער לאַגער־קאָמענדאַנט, צוזאַמען מיט באַראָווסקין און זבישעקן, האָבן אַלץ צוגעגרייט, אַז דער טאָג פון „כריסטוס־געבורט״ זאָל אַדורך אין לאַגער מיט גרויס פייערלעכקייט.

באַלד אין דער פרי האָבן אונדז די וואַכלייט געוועקט. איבערגע־טוענע אין ריינע מלבושים האָבן אַלע לאַגעריסטן זיך פאַרזאַמלט אין גרויסן עס־באַראַק, ווו אַנטקעגן דער אויסגעפּוצטער בינע מיט די היי־ליקע בילדער איז פאָרגעקומען אַ גאָטעסדינסט.

דער גלח, אין פּשוטע ציווילע קליידער, האָט מיט אַ צעצויגענער שטים אַרויסגעלייענט פון אַ קליין געבעט־ביכעלע און אַלע צוזאַמען האָבן מיט דעם זעלבן טאָן נאָכגעזאָגט די ווערטער. ווייט אַרום דעם לאַגער־שטח האָט מען געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די תפילות, ווי פון אַ פּוילישן קאָשטשאָל אַרויס.

דערנאָך האָט ווילטשוק איבערגענומען די אָנפירונג מיט די „באָזשע נאַראָדזעניע״־געזאַנגען. אַ מעכטיקער אָפּהילך פון קרוב טויזנט מיילער האָט אונטערגעכאַפּט יעדן פערז, וואָס דער אָרגאַניסט האָט מיט זיין קלינגענדיקער שטים פאָרגעזונגען מאָנאָטאָן און טרויעריק, ווי אויף אַ לוויה־פּראָצעסיע. דאָס געזאַנג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שטיל געבעט אויף די קני, און די קעפּ — געבויגן צו די צוויי פינגער פון דער רעכ־טער האַנט, וועלכע האָבן באַרירט דעם שטערן און ביידע זייטן ברוסט.

נאָכן פאַרענדיקן דעם גאָטעסדינסט איז דער „קלויסטער״ צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עסזאַל. אַרום די לאַנגע רייען אויסגעשטעלטע טישן האָבן זיך אויסגעזעצט די לאַגעריסטן, יעדער מיט זיין באַקומענער מתנה: אַ בלייפעדער אויף אַ בלאָק פּאַפּיר מיט קאָנווערטן און לעבן דעם — אַ פולע שיסל געדיכטע פלייש־זופּ און הונדערט גראַם ווורשט מיט ברויט.

מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ איז אַריינגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און זיך אַוועקגעשטעלט אויבן אָן. פון זיין טונקל־בלויען מונדיר האָבן אַראָפּגעגלאַנצט די גאָלד־קאָלירטע עפּאָלעטן מיט דער לאַנגער שורה קנעפּ. די לינקע האַנט האָט ער געהאַלטן אויפן הענטל פון דער שווערד און זיין רעכטע האַנט אין אַ ווייסער הענטשקע איז געווען אויפגעהויבן צום היטלער־גרוס.

די לאַגעריסטן, וואָס האָבן לויט אַ צייכן פון באַראַווסקין, אויפגענו־מען מיט אויפשטייך דעם קאָמענדאַנט ביי זיין אַריינקומען, האָבן זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף זייערע ערטער און אויסגעהערט אַ קורצע רעדע פון קאָמענדאַנט. באַראַווסקי האָט זי איבערגעזעצט זאַץ נאָך זאַץ פון דייטש אויף פּויליש.

דער קאָמענדאַנט האָט אָנגעהויבן רעדן צו אונדז מיט סענטימענטאַ־לע ווערטער און אויסגעדריקט זיין מיטלייד וואָס מיר מוזן פייערן אַזאַ גרויסן יום־טוב ווייט פון דער היים. אָבער דאָס איז די שולד פון די געוועזענע פּוילישע מלוכה־פירער, וועלכע האָבן אָפּגענאַרט דאָס פּוילישע פאָלק מיט זייער פאַלשער פּאָליטיק און מיט זייער האַס צו דייטשלאַנד. דער זיג פון די דייטשישע אַרמייען אויף אַלע פראָנטן — האָט אויסגע־רופן מיט פּאַטאָס דער לאַגער־קאָמענדאַנט — דאַרף אייך, פּאָליאַקן, איבערצייגן, אַז עס ווערט געשאַפן אַ ניי אייראָפּע, וואָס וועט ברענגען גליק און פרידן אויך פאַר די פּאָליאַקן. דער קאָמענדאַנט האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אַ רוף צו זיין געטריי און איבערגעגעבן דער אַרבעט און אויסמיידן קאָנפליקטן אין לאַגער־לעבן. ער האָט אַ ווײַלע זיך איינגע־קוקט אין דער מאַסע לאַגעריסטן, און זיי האָבן אויך אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַרביסן שווייגעניש. דעם געשפּאַנטן מאָמענט האָט באַראַווסקי איבער־געריסן און אָנגעהויבן זינגען אַ דייטשיש ליד. אַ פּאָר פאַראיינצלטע שטימען האָבן אים אונטערגעהאָלפן זינגען און דער לאַגער־קאָמענדאַנט איז נאָך פאַרן ענדיקן זינגען דאָס ליד, מיט מיליטערישע טריט אַרויס פון באַראַק.

איך זיץ צווישן באַלעקן און וואַצעקן און באַמי זיך מיטצוהאַלטן

מיט דער אויפגעלעבטער שטימונג ביים עסן די געדיכטע מעל־זופּ, פאַר־קאָכט מיט שטיקער פערדיש פליישׂ.

צווישן אונדז דריי, איז וואַצעקן געווען צום פּריילעכסטן אויפן האַרץ. ער האָט געהערט צו יענע, וואָס האָבן צום טאָג פון „באַזשע נאַראָ־דזעניע" באַקומען פון דער היים שפּייז־פּעקלעך. כאָטש וואַצעקס פּעקל איז געווען אין אַ פלאַש „בימבער" און אויך אין געבראָטן חזיר־פליישׂ, ווי ביי אַנדערע שכנים פון זעלבן באַראַק, אָבער אַ גרויס קיילעכדיק ברויט מיט אַ געלן צעקנייטשטן קוכן האָט ער אַריינגעלייגט אין זיין שאַפע און פאַרמאַכט מיט אַ שלאָס. אונדז ביידן, מיר און באַלעקן, האָט ער נישט דערציילט וועגן דעם און אַפילו זיך אויסגעהיטן דערמיט.

איך האָב זיך געמאַכט נישט וויסן, אָבער באַלעקן האָט דאָס שטאַרק וויי געטאָן. ער האָט זיך געשעמט דאָס אַרויסצווייזן אין ווערטער, אָבער איצט, ביים טיש, האָט באַלעק געהאַט אַ געלעגנהייט אים אַריינצוזאָגן אַ שטאָכוואָרט נאָך דעם ווי וואַצעק האָט אונדז ביידע אויסגעלאַכט פאַר וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אויף שפּעטער די פּאָרציע ברויט מיטן וווּרשט.

— איך בין נישט קיין „כלאָפּ" (פּויער), דערפאַר האָב איך נישט מער ווי דאָס ברויט וואָס די דייטשן גיבן מיר.

— באַלעק! — ענטפערט וואַצעק ווי צו רייצן זיך — וועמען איז איצט בעסער?

— האַ? — רופט אויס באַלעק — דו מיינסט דיין אויסבאַהאַלטן ברויט אין דער שאַפע?

— נישט בלויז דאָס ברויט, נאָר די ברויטן, וואָס איך וועל נאָך קריגן פון דער היים.

באַלעק איז געווען אויפגערעגט, אָבער ביים אַלגעמיינעם טיש האָט ער זיך געשעמט צו רעאַגירן אויף וואַצעקס רייד. ער האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף וואַצעקן, איבערגעהאַקט מיט אים דאָס געשפּרעך און נאָך אַ ווילע שטילשוויגן זיך געווענדט צו מיר.

— זאָג מיר, סטאַניסלאַוו, צו וועמען וועסטו שרייבן דיין ערשטן בריוו אויף דעם פּאַפּיר?

— צו מיין געליבטער — ענטפער איך מיט אַ צעשמייכלט פּנים — איך האָב זי געלאָזן אָן אַ „זיי־געזונט"...

— איך שטעל זיך פאָר — שאָקלט באָלעק מיטן קאָפּ — ווי ראָמאַנ־טיש דיין בריוו וועט זיין געשריבן...

— באָלעק, איך קען דיר שוין זאָגן, וואָס איך וועל צו איר שרייבן.

— איך וויל הערן! — טוט באָלעק אַ פּאַטש איבער זיין קני און שטעלט אָן דאָס אויער.

איך שרייב אָן אויף דעם ערשטן זייטל אין בלאָק אַ פּאָר שורות אָון לייען:

„טייערע געליבטע, אויב עס קען פון דיר ווערן אַ שטיק ברויט, טאָ קום וואָס שנעלער צו מיר"...

באָלעק שפּרינגט אויף פון דער באַנק און לאָזט זיך צוריק אַראָפּ מיט אַ הילכיק געלעכטער. אויך וואַצעק לאַכט.

— סטאַניסלאַוו — ציט באָלעק אויס זיין האַנט צו מיר — אויב „זי" וועט קומען צו דיר, וועסטו מיר דערלויבן זי אָנצורירן?

— אַפילו מיטן מויל...

— בראַוואָ, סטאַניסלאַוו! ביסט אַ גוטער חבר, נישט אַזעלכער ווי וואַצעק...

— מיט וואָס איז דען וואַצעק אַ שלעכטער חבר?

— ווייל ער באַהאַלט אויס זיין ברויט און לאָזט אַפילו נישט אַ קוק טאָן אויף דעם.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, באָלעק. איך קען וואַצעקן בעסער ווי דו. איך בין זיכער, אַז ווען ער וועט אָנהייבן דאָס ברויט, וועסטו זיך איבערצייגן וואָס פאַר אַ גוטער חבר ער איז. נישט ריכטיק? — ווענד איך זיך צו וואַצעקן און גיב אַ באַהאַלטענעם ווונק צו באָלעקן.

— איך בין דאָך אַ „כלאָפּ" און ער איז אַ שטאָטישער — ענטפערט מיר וואַצעק, טוענדיק אַ שאָקל דעם קאָפּ אין באָלעקס זייט.

באָלעק האָט אויפגעכאַפּט די כוונה פון מיין קוועטש מיטן אויג און פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו ענדערן דעם טאָן צו וואַצעקן.

— און איך האָב זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז דו, וואַצעק, פאַר־

שטייסט זיך נישט אויף קיין וויץ. אין דער אמתן האָב איך שוין נישט איין מאָל געטראַכט, אַז ווען מיין טאַטע, וואָס פּוילט איצט אין אַ דייטשישער תפיסה, וואָלט געווען אַ „כלאָפּ", וואָלט איך נישט געווען אויף אַזעלכע צרות אין דייטשלאַנד.

— ווי גאָט איז מיר ליב, אַז דו זאָגסט דעם אמת. באַלעק, ווען איך באַקום ברויט פון דער היים, וואָלט איך זיך מיט אייך ביידן געטיילט — האָב איך נאָך צוגעגעבן און באַטראַכט זייטיק וואַצעקן, ווי אַזוי עס ווירקן אויף אים אונדזערע צווידייטיקע רייד.

אָבער וואַצעק איז געזעסן אַ גלייכגילטיקער, ווי נישט אים מיינט מען. אפשר האָט ער יאָ פאַרשטאַנען, נאָר געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ נאַר. ער האָט כסדר געטאָפּט דעם קנופּ פון רויטן קראַוואַט אונטער זיין אָנגעבלאָזן פּנים, געפינטלט נערוועז מיט די אויגן און געשוויגן. די גע־ציילטע ווערטער, וואָס ער האָט סתם אַרויסגערעדט, האָבן נישט געהאַט קיין שייכות צו אונדזערע רייד, נאָר צו די שכנים, וואָס זענען געזעסן אַנט־קעגנאיבער ביים טיש אומעטיקע און שווייגנדיקע.

די שיסלען אויף די טישן זענען געשטאַנען אויסגעליידיקטע. אַ כאַאָ־טיש געזאַנג און אַ פּויקערײַ מיט די לעפל איבער די ליידיקע שיסלען האָט זיך צעטראָגן איבערן באַראַק און געוואָרן באַגלייט מיט געלעכ־טערס און געשרייען.

נישט אַלע האָט מיטגעריסן דאָס געזאַנג. די אָפּגעליידיקטע טישן האָבן געטריבן פון זיך און די לאַגעריסטן האָבן אָנגעהויבן זיך פונאַנדער־גיין צוריק אין זייערע וווינונגס־באַראַקן.

ביי די טישן האָבן גרופּקעס לאַגעריסטן אָנגעהויבן שפּילן אין קאָרטן אויף דייטשישע מאַרקן, וואָס מען האָט צום ערשטן מאָל באַקומען אויסגעצאָלט פאַר דער אַרבעט.

באַלעק האָט אַרויסגענומען פון זיין שאַפקע אַ פּעשל קאָרטן און אונדז גערופן צום טיש. וואַצעק איז געלעגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן חשק צום שפּילן, אָבער באַלעק האָט זיך צוגעזעצט צו אים און אים צוגערעדט, אַז ער זאָל צוגיין שפּילן אַלס פינפטע האַנט צו אַן „איין־און־צוואַנציק".

אין אָנהייב האָט וואַצעק געהאַט מזל. ס'איז אים „געגאַנגען" אַ קאָרט, און וואָס מער ער האָט געוווּנען, אַלץ מער האָט ער איינגעשטעלט אין קאָן. ער האָט אַריינגעקוקט אין יעדער פריש געצויגענער קאָרט, און ווען וואַצעק, אַ זעלבסטזיכערער, האָט צוגעקלאַפּט די קאָרטן צווישן זיינע ברייטע האַנטפלאַכן, האָט דער „באַנקיר" נאָך יעדער אַרויסגעצויגענער קאָרט חושד געווען וואַצעקן, אַז ער האָט מער פּאַר אים, און צוליב דעם האָט דער „באַנקיר" פאַרלוירן. וואַצעקס קעשענעס זענען פול געוואָרן מיט דייטשישע מאַרקן.

אָבער פּלוצלינג האָט דאָס מזל זיך אָפּגעטאָן און וואַצעק האָט אָנגעהויבן פאַרשפּילן. זיין פּנים איז געוואָרן שאַרף אָנגעצויגן, ער האָט אויפגעהערט שמייכלען, און וואָס מער ער איז געוואָרן נערוועז, אַלץ זיכערער זענען געוואָרן ביי זיך זיינע מיטשפּילערס. אין דער אונטערשטער שורה האָט וואַצעק פאַרלוירן צוריק דאָס געוווּנענע צוזאַמען מיט זיין אייגן געלט. ער איז געבליבן זיצן ביים טיש פאַרשעמט און אָפּגערוקט פון די שפּילערס.

באַלעק איז צוגעגאַנגען צו וואַצעקן און אים אַוועקגערופן אין אַ זייט. וואַצעק האָט בייז געדרייט מיטן קאָפּ און זיך געוואָלט דערווייטערן, אָבער באַלעק האָט אים פאַרן אַקסל צוריקגעצויגן און שנעל אַריינגערעדט וואַצעקן אין פּנים אַריין.

באַלעק האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ פּאָר דייטשישע באַנקנאָטן, וואַצעק האָט אָפּגעשטופּט פון זיך די האַנט מיטן געלט, אָבער באַלעק האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן, ער איז נאָכגעגאַנגען וואַצעקן און אַריינגערעדט אין אים. ענדלעך האָט וואַצעק זיך פאַרהאַלטן און גענומען דאָס געלט. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין שאַפּקע, אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס שוואַרצע קיילעכיקע ברויט און עס איבערגעגעבן באַלעקן.

מיטן געלט אין דער האַנט איז וואַצעק צוריקגעקומען צו די קאָרטן־שפּילער כדי אָפּצוגעווינען זיין פאַרלוירן געלט. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס געלט האָט ער באַקומען פאַר דעם פאַרקויפטן ברויט. מען האָט אים דאָס פאַרגעוואָרפן און אויסגעלאַכט. אַ באַליידיקטער איז וואַצעק אַוועק פון טיש.

# טעג אָן ליכט

נאָכן פאַרענדיקן די קאָרטן־שפּיל האָט באָלעק זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים איבער זיין בעט, אויסגעלייגט אויפן קאָץ דאָס געלט און אויסגעחשבונט, אַז ער איז קוים געבליבן מיט דעם געלט, וואָס ער האָט געהאַט איידער ער האָט אָנגעהויבן שפּילן, אָבער דאָס לעבל ברויט איז פאַר אים געווען אַ גרויס געווינס. ס'איז אים שווער געווען צו גלייבן, אַז עס געהערט טאַקע אים, באָלעקן. ער איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפקע, אַ ווילע שטיין געבליבן מיט אַן איינגעגראָבן פּנים אין צעעפנטן טירל און צוריק פאַרמאַכט די שאַפקע אויף אַ שלאָס. מיט די הענט אין די קעשענעס האָט באָלעק אַוועקשפּאַצירט טיפער אין באַראַק.

וואַצעק איז געלעגן אויף זיין בעט און נאָכגעקוקט באָלעקן ביז יענער האָט אין צווייטן עק באַראַק זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש.

— סטאַניסלאַוו — האָט מיך וואַצעק גערופן צו זיך.

— וואָס ווילסטו ?

— האָסט געזען ווי אַזוי דער „הורן־זון" האָט אויסגענאַרט פון מיר דאָס ברויט ?

— ניין, איך האָב נישט געזען, אָבער אַלע וויסן דאָך, אַז דו האָסט אים פאַרקויפט דאָס ברויט.

— אין זיין מאַמען אַריין ! דאָס הייסט נישט געקויפט, נאָר אויסגענאַרט. ער האָט דאָך מיר מיט כוח אַריינגעשטופּט דאָס געלט !

— און ער האָט מיט כוח גענומען ביי דיר דאָס ברויט ?

— ניין, דאָס ברויט האָב איך אים אַליין געגעבן.

— אויב אַזוי, וואַצעק, הייסט דאָס פאַרקויפט.

— אָבער נישט מיטן גוטן ווילן, ווייל איך באַדויער.

— זיי נישט קיין יינגל, פאַרקויפט איז פאַרקויפט.

— אַזאַ שטיק פּאַדלע ! די גאַנצע צייט האָט ער געהאַלטן זיין שאַפקע אָפן. מער ווי די לייזיקע שמאַטעס זיינע איז דאָרט גאָרנישט געלעגן. איצט האָט ער פאַרלייגט אַ שלאָס אויפן טירל. דאָס ברויט ליגט דאָרט, אין זיין מאַמען אַריין...

איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געוואָלט אַוועקגיין. דעמאָלט האָט וואַצעק זיך אויפגעזעצט און אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויף מיר.

— דו, סטאַניסלאַוו, מוזסט זיכער זיין אַ שותף צום ברויט.

— איך ק... אויף דיר מיט דיין ברויט — האָב איך געזאָגט און זיך אָפּגעקערט פון אים.

אין באַראַק איז די לופט פול געווען מיט אַ געדיכטן רויך פון הייימישן טאַבאַק, וואָס איז זיך צעגאַנגען פון די טישן, ווו עס זענען געזעסן גרופּעס לאַגעריסטן פאַרטאָן אין קאָרטן־שפּיל. אַרום די שפּילערס זענען געשטאַנען נייגעריקע און איינגעקוקט זיך אין וועמענס קעשענעס עס פאַרשווינדן די בערגלעך געלט פון די טישן.

צווישן איינער פון די גרופּעס קאָרטן־שפּילער איז געזעסן באַלעק מיט אַ צעפּלאַמט פּנים. איך האָב תיכף דערקענט אויף אים, אַז ער האָט פאַרשפּילט זיין געלט. איך האָב עס דערציילט וואַצעקן און אים געעצהט, ער זאָל צוריק אָפּקויפן דאָס ברויט ביי באַלעקן.

וואַצעק איז שנעל אַראָפּגעקראָכן פון זיין געלעגער און געשטעלט זיך הינטער באַלעקס פּלייצעס. ווען ס'איז געקומען באַלעקס ריי צום „סטוק" און ער האָט געדאַרפט איינצאָלן אַזוי פיל געלט וויפל עס איז געלעגן אויפן טיש, האָט באַלעק געוואָלט איינשטעלן דאָס שליסעלע פון זיין שאַפקע.

— נעם נישט אָן דאָס שליסעלע פאַר געלט. אין זיין שאַפקע ליגט מיין ברויט — האָט זיך וואַצעק אָנגערופן.

באַלעק האָט האַסטיק זיך אויסגעדרייט און אַריינגעשריגן וואַצעקן אין פּנים אַריין:

— אין דיין מאַמען אַריין! האָסט דען נישט גענומען ביי מיר קיין געלט פאַרן ברויט?

וואַצעק איז געוואָרן צעטומלט, געפּינטלט מיט די אויגן און געשוויגן.

— באַמאַכטע הויזן, ענטפער! האָסט געקריגן באַצאָלט, אָדער נישט?!

— נעם דיר דיין געלט און גיב מיר צוריק מיין ברויט — האָט וואַצעק נישט דרייסט זיך אָנגערופן.

אַלע אַרום האָבן אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

— יאָ, איך בין מסכים — האָט באָלעק זיך אָנגעכאַפּט אין וואַצעקס פאָרשלאָג — אָבער נאָר פאַר אַ האַלב ברויט.

וואַצעק האָט אים צוריקגעגעבן 40 מאַרק. באָלעק האָט עס אויסגע־ציילט אויפן טיש — און גלייך פאַרשפּילט.

— גיב נאָך 40 מאַרק און נעם צוריק דאָס גאַנצע ברויט — האָט באָלעק, אַ דערשלאָגענער, זיך געווענדט צו וואַצעקן.

וואַצעק האָט צוזאַמענגענומען זיין געלט פון די טאַשן. אים האָט צוגעפּעלט נאָך 25 מאַרק. ער האָט אויסגעצויגן צו מיר די האַנט און איך האָב אים געגעבן די רעשט געלט. ער האָט געקריגן פון באָלעקן דאָס שליסעלע.

צוזאַמען מיט וואַצעקן בין איך אַוועק פון טיש. ער האָט געעפנט באָלעקס שאַפקע און אַרויסגענומען דאָס ברויט. איך האָב אָפּגעוואַרט: וואָס וועט ער ווייטער טאָן? אָבער וואַצעק האָט זיך נישט ווינדיק געמאַכט. ער האָט פאַרשלאָסן זיין שאַפקע און אָנגעהויבן אַוועקגיין. איך האָב אים פאַרהאַלטן און געפרעגט:

— צוליב וואָס האָסטו ביי מיר גענומען דאָס געלט?

— האָסט מיר געגעבן, האָב איך גענומען — האָט ער געענטפערט.

— אַזאַ פערדישן קאָפּ האָסטו, וואַצעק? פאַרשטייסט נישט, אַז איך האָב דיר געגעבן די 25 מאַרק כדי צו קריגן אַ טייל פון ברויט?

וואַצעק איז געשטאַנען מיט אַ קרום פאַרקוועטשט מויל און גלייכ־גילטיק געענטפערט:

— נו, וועל איך דיר דאָס געלט אָפּגעבן.

— אויב דו ביסט שוין יאָ אַזאַ, טאָ גיב מיר די מינוט אָדער דאָס געלט אָדער אַ חלק פון ברויט. אָן מיר וואָלטסטו דאָס ברויט נישט צוריקגעקריגן.

וואַצעק האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ פּאָר קעלבערנע אויגן און געשוויגן.

— וואַצעק! — האָב איך געזאָגט — איך גיב דיר צייט ביזן שלאָפן

גיין זיך צו באַטראַכטן. אויב דו ווילסט, אַז מיר זאָלן ווייטער בלייבן חברים, ווי ביז איצט.

מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין באַזונדערע ריכטונגען. איך בין אַוועק אין דער זייט פון אַ גרויסן טומל און משונהדיקע געשרייען. דאָרט זענען גרופּעווייז געזעסן שכנים פון באַראַק ביי פלעשער „בימבער" און פאַרביסן מיט געבראָטן פליייש, וואָס זיי האָבן געקריגן צוגעשיקט פון דער היים צום טאָג פון „באָזשע נאַראָדזעניע".

אויך יאַנעק האָט זיך געפריייט מיטן „באָזשע נאַראָדזעניע"-טאָג. אין זיין ווינקל צווישן די בעטן האָט ער געהויבן די אַקסלען, געקלאַפּט מיט ד'י שווערע שטיוול אויפן שטיינערנעם דיל צום טאַקט פון זיין הייזעריקן גראַמאָפאָן.

און יאַנעק האָט געהאַט פאַר וואָס זיך צו פרייען: פיר שיסלען פולע מיט מילכזופּ זענען געווען אויסגעשטעלט אויף זיין בעט. דאָס האָט ער באַקומען געשענקט פון זיינע באַראַק-שכנים, וואָס זענען געזעסן אַרום די טישן און אָפּגעלאַכט פון יאַנעקן, ווי אַזוי ער זשלאָקעט אַ שיסל נאָך אַ שיסל.

אין דעם טומלדיקן באַראַק בין איך געווען אפשר דער איינציקער, וואָס האָט זיך געפילט פאַראיינזאַמט. באַלעק איז געזעסן ביי דער קאָרטן-שפּיל און געפּרוווט אָפּגעווינען זיין פאַרלוירן געלט. מיט וואַצעקן בין איך געווען ברוגז. איך בין פאַמעלעך געגאַנגען לענג-אויס דעם באַראַק און געקוקט אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי איך וואָלט וועמען געזוכט.

— סטאַשעק, סטאַשעק! — האָב איך דערהערט אַ גראָב קול.

איך האָב זיך דערנענטערט צום גרויסן סטעפאַן. ער איז געזעסן מיט אַ גרופּע זיינע נאָענטע חברים און געטרונקען פון בלעכענע קאַווע-טעפּלעך „נאַ זדראָוויע" (צום געזונט).

— טרינק מיט אונדז, סטאַשעק...

איך האָב זיך צוגעזעצט צום טיש. סטעפאַן האָט אָנגעגאָסן בראָנפן און מיר האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אין די טעפּלעך: נאַ זדראָוויע, נאַ זדראָוויע!

אופן טיש איז געלעגן אָנגעשניטענער ווייסער קוכן און שטיקלעך פלייש. איך האָב נישט געוואַרט אויף קיין כבוד און גענומען עסן.

— סטאַשעק איז אַ גוטער שכן — האָט געזאָגט דער ברייטצעוואַק־סענער גזשעגאָזש מיטן געשטופּלטן פּנים און אַוועקגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף מיין אַקסל.

— יאַק באָגאַ קאָכאַם! סטאַשעק איז דער בעסטער צווישן דער פּויזנער „אינטעליגענציע" אין לאַגער — האָט פראַנעק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאַי באָזשע זדראָוויאַ! — און אַלע האָבן פאַרוואָרפן די קעפּ אויף אונטן איבערדרייענדיק די טעפּלעך איבער די ברייט־צעעפנטע מיילער.

אַנטקעגן אונדז זענען געזעסן צוויי אַלטע קאַוואַלערן: פּראָקאָפּטשיק מיט אַ האַלב אויסגעקרימט פּנים און דער פּיעגעוואַטער פּיעטשאַק מיט רויטע אויגן־רעמלעך. צווישן זיי בײדע איז געזעסן דער גרויסער סטעפּאַן. מיט זייערע שיכורע באַוועגונגען און כאָאָטישן געלעכטער האָבן זיי אויס־געזען ווי צירק־קאָמעדיאַנטן.

אַ וואַקלדיקער איז סטעפּאַן צוגעגאַנגען צו זיין שאַפקע און פון דאָרט אַרויסגענומען די לעצטע פלאַש „בימבער". מיט אַ קלאַפּ האָט ער זי אַוועק־געשטעלט אויפן טיש.

— טרינקט, חברים, טרינקט! היינט איז אַ גרויסער טאָג! טרינקט! — האָט ער אַלעמען איבערגעשריגן — און ווידער האָט מען אין זיך געגאָסן דעם ביטערן געטראַנק.

ביים טיש האָב איך אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן ווער איך בין און ווו איך געפין זיך. מיינע שכנים זענען שוין נישט פעיק געווען צו דערקענען מיינע אָנשטעלן ביים טרינקען און די באַמיונגען נישט צו פאַרלירן די קאָנטראָל איבער מיינע רייד.

מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. מיינע צוויי נאָענטסטע שכנים, פראַנעק און גזשעגאָזש, האָבן זיך מיט מיר געברודערט, ווי זיי וואָלטן מיך שוין יאָרן לאַנג געקענט.

פון דער צווייטער זייט טיש האָט סטעפּאַן אָנגעהויבן פראַווען שטיק, וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן זיין אַטלעטישע גבורה. ער האָט אַרומגענומען

פּראָקאָפּטשיקן מיט פּיעטשאַקן, פּאַרקלעמט זייערע קעפּ אונטער זיינע אָרעמס און געדריקט אַזוי לאַנג ביזביידע האָבן זיך אָנגעהויבן ווערגן מיט אַרויסגעזעצטע צינגער. דעמאָלט האָט סטעפּאַן געעפנט זיינע הענט און ביידנס קעפּ זענען געפאַלן אויפן טיש, ווי גרויסע שווערע שטיינער. אַלע האָבן געלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער.

— אין דער מאַמען אַריין! — האָט זיך סטעפּאַן צערעדט אויסציענדיק זיין האַנט אויפן טיש אַזוי, אַז די טעפּלעך מיט די פלעשער האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן — געדענקסט, פּראַנעק, די חתונה אין דאָרף איידער מיר זענען געקומען קיין דייטשלאַנד? יאַנקאַ, דעם קאָוואַלס טאָכטער, האָט נישט געוואָלט מיט מיר טאַנצן, נישט געלאָזט זיך אַפילו אַרומנעמען. אָבער קאַזשיק, וואָס האָט זי אַרומגעפירט ווי אַ קו אויף אַ לאָנקע, האָט פון מיך אַריינגעכאַפּט אַז די „יוכע" האָט זיך פון אים געגאָסן. דערנאָך — האָט זיך סטעפּאַן צעהירזשעט — איז זי גוט געוואָרן און געלאַשטשעט זיך צו מיר ווי אַ קעצל, ווי גאָט איז מיר ליב! — סטעפּאַן האָט זיך אַ זעץ געטאָן אין דער ברוסט — הערסט, פּראַנעק, ווען די זונה ווערט נישט בעסער צו מיר, וואָלט איך די גאַנצע חתונה צעיאָגט!

פּראַנעק האָט זיך געהאַלטן פאַר נישט קיין קלענערן גיבור און געקוקט אויף סטעפּאַנען מיט ביטול און כעס. אים האָט פאַרדראָסן וואָס סטעפּאַן וויל דאָ אַלעמען איינרעדן, אַז ער איז געווען דער שטאַרקסטער אין דאָרף. דערפאַר האָט פּראַנעק אים געענטפערט:

— ווען אויף דער חתונה וואָלט נישט געווען נאָר דאָס ביסל צע־שראָקענע יונגוואַרג, וואָלסטו דעמאָלט זייער שלעכט פאַרענדיקט.

סטעפּאַן האָט אויסגעצויגן זיין קאָפּ איבערן טיש, אָנגעשטעלט אַ פּאָר שפּיזיקע אויגן אויף פּראַנעקן און געצויגן די ווערטער:

— אפשר — פון דיר, גרויסער העלד?

— נו, נו, סטעפּאַן — האָט פּראַנעק פאַרריסן זיין פּנים — ווען איך בין אויף קאַזשיקס אָרט, וואָלט יאַנקאַ מיט דיר אויף דער חתונה נישט געטאַנצט.

אָט די ווערטער האָבן אָנגעצונדן אין סטעפּאַנען אַ ווילדן כעס. מיט

פּאַרביסענע ציין און אַרויסגעזעצטע אויגן האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער באַנק.

— אין דיין מאַמען אַריין! — האָט סטעפּאַן געברומט.

— פּראָביר! — האָט פּראַנעק, וואָס איז געזעסן לעבן מיר, אויסגעשריגן און זיך געשטעלט אַנטקעגן סטעפּאַנען אין אַ פּאָזיציע גרייט צום געשלעג.

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט אָפּטיילן פּראַנעקן און סטעפּאַנען, כדי צו פאַרמיידן אַ געשלעג.

— גאַרבאַטי זשיד (הויקערדיקער ייד), דו אויך?! — דאָס האָט סטעפּאַן געשריגן צו מיר, אַראָפּקלאַפּנדיק מיין האַנט.

בליץ־שנעל האָב איך מיט איין פוס זיך געשטעלט אויף דער באַנק, מיטן צווייטן — אויפן טיש, און דערלאַנגט מיט דער פויסט סטעפּאַנען אַזאַ זעץ אין פּנים, אַז זיין שיכורער קאָפּ האָט זיך אַ בייג געטאָן אויף הינטן אין זיין מאַסיווער גוף איז געפאַלן מיטן קאָפּ אויפן קאַנט פון ציגלנעם אויוון.

באַלד איז געוואָרן אַ צונויפלויף אַרום דעם אָרט, ווו סטעפּאַן איז געלעגן מיט אַ צעבלוטיקסטן קאָפּ. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דעם, וואָס איז געשען און שנעל אָנגעהייבן טראַכטן, ווי אַזוי ווייטער צו האַנדלען.

עמעצער האָט אַלאַרמירט די דייטשישע לאַגער־וואַך. איינער פון זיי, מיט אַ גומי־שטעקן, איז צוגעלאָפן צו מיר און געפרעגט מיך מיט אַ דראָענדיקער שטים, צי איך ווייס וואָס מיך דערוואַרט פאַרן אַרויסרופן אין לאַגער אַ בלוטיק געשלעג. מיט אַן אָנשטעל פון אַ שיכורן האָב איך געענטפערט, אַז סטעפּאַן האָט מיך פּראָוואָצירט.

— וואָרום? — האָט אַ צווייטער וואַכמאַן אויסגעשריגן.

— דער שווייַן — האָב איך אָנגעוויזן אויף סטעפּאַנען — האָט מיר „יודע" געזאָגט.

— ז־אָ־אָ? האָסטו רעכט! — האָט מיר דער וואַכמאַן אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין האַנטפלאַך איבערן אַקסל.

סטעפּאַנען האָבן די וואַכלייט אַוועקגענומען אין סאַניטאַר־אָפּטיילונג,

און באָלעק האָט פאַרלייגט מיין האַנט איבער זיינע אַקסלען און אַ וואַקלענ־דיקן, מיך אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג צו מיין בעט.

רעדנדיק מיט באָלעקן וועגן מיין צוזאַמענשטויס מיט סטעפאַנען, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז צווישן צוויי צעקריגטע פּאָליאַקן טאָר קיין ייִדיטער נישט אַריינמישן זיך ווי אַ רודף־שלומניק. וואַצעק איז צוגעקומען צו מיין בעט און אָנגעהויבן אונטערצוהאַנדלען מיט מיר וואָס פאַר אַ חלק ברויט מיר קומט פון אים. און אין לאַגער האָט מען גערעדט, אַז דער גרויסער סטעפאַן איז צעשלאָגן געוואָרן פון דעם שטילן און פרומען סטאַשעק...

## קאַפּיטל פינף

נאָך די ערשטע צוויי חדשים אַרבעט אין קוילנגרובן האָבן די פּאָליאַקן גובר געווען די טעכנישע שוועריקייטן און זיך אויסגעגלייכט אין דער פּראָדוקציע מיט די קוואַליפיצירטע דייטשישע קוילנגרעבער. ס'האָט אויסגעזען ווי די נייע פּוילישע קוילנגרעבער וואָלטן זיך פאַרמאָסטן אַנטקעגן די דייטשן מיט זייער לאַנגיאָריקער דערפאַרונג. יעדער פּאָליאַק האָט געהאַט די אַמביציע אַרויסצווייזן זיין אַרבעטס־פעיקייט.

דער רוטשע־מייסטער זאַלעסקי און דער שטייגער ברייטענשטיין האָבן זייער ציל דערגרייכט. די צוואַנגס־אַרבעטער האָבן אויסגעפּאַרטיקט די אָנגעצייכנטע נאָרמעס קוילן.

אָט דער אַרבעטס־אימפּעט האָט שווער געטראָפן יענע פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט בלויז אויפן מאָגערן עסן אין לאַגער.

באָלעק, אַזוי ווי איך, האָט אָנגעהויבן זיך איינברעכן אונטער דער לאַסט פון דער שווערער אַרבעט. יעדער פון אונדז האָט געגומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי זיך לייכטער צו מאַכן דעם עול פון שטרענגן אַרבעטס־רעזשים. אָבער זאַלעסקי האָט דאָס באַמערקט און אונדז נישט געלאָזט אָפּשטיין פון אויפגעצוווּנגענעם אַרבעטס־טעמפּאָ.

פון באָלעקן האָט אָנגעהויבן אַרויסרעדן דער וויטיק קעגן פאַר־שקלאַפטן לעבן, אָבער די שכנים אין באַראַק האָבן נישט געוואָלט אויס־הערן זיינע קלאָג־רייד און געלאַכט פון זיין אומבאַהאָלפנקייט. דאָס האָט נאָך מער פאַרביטערט באָלעקן און אָפּגעשוואַכט זיין כוח. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאָרשטעלן, אַז ער וועט מיטן לופט־האַמער אין די הענט אַוועק־פאַלן ביי דער קוילנוואַנט און מען וועט אים פון שאַכט אַרויסשלעפּן ווי אַ געפּגרט פערד. באָלעקס איבערלעבונגען זענען געווען ענלעך צו מיינע. דערפאַר האָב איך פאַרנומען זיינע יאוש־רייד. איך האָב זיך באַמיט

צו שטאַרקן זיין מוט אַנטקעגן די שווערע ראַנגלענישן. באָלעק האָט אָבער געהאַט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר מיינע טרייסט־ווערטער. ער פלעגט אָפט אַריינפאַלן אין גרימצאָרן צוליב מיינע רייד, וואָס האָבן אים נישט זאַטער געמאַכט און נישט פאַרלייכטערט די שווערע אַרבעט.

אַ פיזיש אָפּגעשוואַכטער, איז באָלעק נישט אין שטאַנד געווען צו פאַרענדיקט די שיכט צו דער צייט. ער איז געוואָרן גלייכגילטיק צו זאַלעסקיס דראָונגען מיט דער פויסט און צו דעם שטייגערס וואָרענונג, אַז ער וועט אים פאַרשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. באָלעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פאַר אים איז שוין נישטאָ קיין גרעסערע שטראָף, ווי די צוואַנגס־אַרבעט אין קוילנגרובן.

פאַר נישט פאַרטיק מאַכן זיין נאָרמע קוילן ביז צו סוף שיכט איז באָלעק באַשטראָפט געוואָרן מיט בלייבן אַליין אין שאַכט און פאָרזעצן זיין אַרבעט ביז די קוילנגרעבער פון דער צווייטער שיכט זענען געקומען אין שטרייב. זאַלעסקיס אויפשריפט מיט קרייד אויף באָלעקס העלם, אַז ער בלייבט לענגער, האָט באָלעקן אויסגעזען ווי אַ גרויסע דערנידערונג.

אַ פאַרשעמטער פלעגט באָלעק זיך אומקערן אין לאַגער, ווען מיר אַלע פון זיין שיכט האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן און גערוט. ער פלעגט מיט בייזקייט אַראָפּציען פון אַקסל די בלעכענע קאַווע־פושקע און זי אַוועק־שליידערן, שנעל אויפעסן די צוויטיקע גראָזן־זופּ און זיך אויסציען אויף זיין פריטשע־בעט מיטן רוקן צו די באַראַק־שכנים ביי די טישן.

ווען דער רוטשע־מייסטער האָט אויך מיך אָנגעהויבן באַשטראָפן מיט לענגער בלייבן אין גרובן, האָט באָלעק געזען אין מיר אַ שותף צו זיין חרפּה. פאַר אים איז געווען אַ טרייסט, אַז חוץ אים געפינט זיך נאָך איינער, וואָס באַוויזט נישט צו פאַרענדיקן די אַרבעט צוזאַמען מיט אַלע.

זאַלעסקי האָט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז כ׳האָב אָנגעהויבן גרינגשעצן מיינע אַרבעטס־פליכטן, און דערפאַר ווערט מען שטרענג באַשטראָפט. איך האָב אים געענטפערט אַז ער שעצט גרינג מיינע פאַרלוירענע כוחות צוליבן מאָגערן לאַגער־עסן. הגם איך האָב גוט געוווּסט, אַז זאַלעסקי שפּילט זיך נישט מיט קיין סענטימענטן, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערן אויס־וועג, נאָר קעגנצושטעלן זיך זיין ווילן.

דער הונגער און זאַלעסקי זענען געווען מיינע גרעסטע שונאים. קעגן ביידע האָב איך געמוזט אָנהייבן זוכן מיטלען, כדי נישט צו זיין זייער קרבן.

ווי אַזוי פאַרשאַפט מען זיך אַ שטיקל ברויט, בכדי נישט אויסגיין פון די כוחות? אַרום דעם האָבן זיך קאָנצענטרירט מיינע מחשבות מיט אַזאַ שאַרפקייט, ווי אין יענע מאָמענטן, ווען איך האָב זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט. איך האָב פאַרטראַכט אַ גאַנצע ריי פּלענער און זיי גלייך אָנגעהויבן אויספירן.

די נאָרמע קוילן, וואָס איך האָב געמוזט מאַכן, האָב איך אויסגערעכנט צו פאַרענדיקן פונקט אין דער צייט ווען די קוילנגרעבער פון דער צווייטער שיכט זענען אָנגעקומען אין שטרייב.

איך האָב גוט אויסגעקוקט ווו די דייטשע קוילנגרעבער צעהענגען זייערע אַרבעטס־רעקלעך, און דורך סכנותדיקע פינצטערע לעכער בין איך פאַרקראָכן ווייט פון מיין אַרבעטס־פּלאַץ. דאָרט בין איך געבליבן מיט מיין אויסגעלאָשענער לאָמפּ און איך האָב געקוקט מיט גיריקע אויגן אויף אַ רעקל מיט אַ געשוואָלענער קעשענע, וואָס איז געהאנגען הינטערן רוקן פונעם דייטש. ווי אַ חיה וואָס טשאַטעט פון איר באַהעלטעניש, האָב איך געוואַרט אויפן מאָמענט ווען איך וועל קענען צוקריכן צום אָרט פון וואַנען איך זאָל קענען דערגרייכן מיט דער האַנט צום רעקל.

ווען אַ געדיכטער וואָלקן־שטויב האָט אַ פלייץ געטאָן פון דער קוילנוואַנט און דער דייטש איז געשטאַנען מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק צו די אַראָפּפאַלנדיקע שטיקער קוילן, האָב איך אַרויסגעצויגן דאָס פּעקל עסן פון זיין רעקל און כ׳בין דערמיט פאַרשוווּנדן צווישן די אָנגעוואָרפענע בערגער שטיינער.

אין פינצטערן לאָך האָב איך געשלונגען די דינע ברויט־שניטן מיט די שטיקער ווורשט. דאָס עסן האָט מיך אַזוי צערייצט, אַז איך האָב פאַרגעסן ווו איך געפין זיך און וואָס איך האָב אָפּגעטאָן.

צווישן די שטיינער האָב איך באַגראָבן דאָס פּאַפּיר, אין וועלכן דאָס ברויט איז געווען איינגעפּאַקט, און נאָך דעם זיך אַראָפּגעלאָזט צום וועג, וואָס פירט צום אַרויסגאַנג פון קוילנגרובן.

אַן אומרויקער איז באַלעק געשטאַנען ביי דער ווינדע. ביידע צוזאַמען

האָבן מיר זיך געדאַרפט מעלדן ביים ווינדע־פירער. מיט די קרייד־אויפ־שריפטן אויף אונדזערע העלמען האָט ער אונדז געדאַרפט אַרויספירן פון קוילנגרובן.

באַלעקן האָט פאַרדראָסן מיין פאַרשפּעטיקן. אים האָט געשווינדערט פון הונגער און קעלט. מיט אויפרעגונג האָט ער אַלע מאָל זיך אומגעקוקט אין דער זייט צום פינצטערן קאָרידאָר, פון וואַנען איך האָב געדאַרפט אָנקומען. אָבער ווען ער האָט מיך דערזען גיין אַ הינקעדיקן אָנגעשפּאַרט אויף אַ דרענגל, איז זיין כעס פאַרשוווּנדן. אַראָפּקוקנדיק צו מיינע פיס האָט ער מיך באַדויערט: ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיט מיר איז עפּעס געשען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז אַ גרעסערע צאָל פּאָליאַקן געבליבן לענגער אין שאַכט. צוליב די שטיין־האַרטע קוילן האָט מען נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן די נאָרמע צו דער צייט.

די קוילנגרעבער פון דער צווייטער שיכט זענען אָנגעקומען. דער ערשטער האָב איך איינגעלייגט מיין אַרבעטס־געצייג און גענומען אַראָפּ־קלעטערן פון שטרייב. אויפן וועג האָבן מיינע שוואַרצע הענט דערטאַפּט אַ נאַר וואָס אויפגעהאָנגען רעקל און כ׳האָב פון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ פּעקל עסן. ביז מיינע חברים, וועלכע איך האָב געלאָזן אויבן אין שטרייב, האָבן מיך דעריאָגט, האָב איך שוין געהאַט פאַרענדיקט דעם לעצטן ביסן ברויט.

איין מאָל האָב איך באַמערקט, אַז די דייטשישע קוילנגרעבער צע־הענגען נישט מער זייערע אַרבעטס־רעקלעך אין די פינצטערע לעכער אויף די האָלץ־שטויסן, נאָר זיי וויקלען איין די רעקלעך ווי אַ קנויל און לייגן זיי אַוועק נעבנטער צו זיך. פאַר מיר איז געוווען קלאָר, אַז אין שטרייב ווייסן שוין אַלע, אַז מען נעמט אַרויס פון די טאַשן דאָס ברויט.

דער הונגער האָט מיך נישט געלאָזט רוען. איך האָב געפּרוּווט מזל אין אַן אַנדער אָרט, ווו עס האָבן געאַרבעט די קאָרידאָרן־בויער און שטיינער־אויפרייסער. דאָ האָב איך געדאַרפט אָנווענדן די גרעסטע מאָס פאָרזיכטיקייט, ווייל די קאָרידאָרן ציען זיך אין גלייכע שטרעקעס ווי אונטערערדישע באַן־טונעלן.

די קאָרידאָרן־בויער פלעגן צעהענגען זייערע רעקלעך וואָס ווייטער

פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער, דאָרט ווו דער שטויב פון די אויפרייסנדיקע שטיינער דערגרייכט וויניקער. דאָס האָט פאַרלייכטערט מיין ציל. פאַר־בייגייענדיק האָב איך אַרויסגעצויגן אַ פּעקעלע און ווייטער פאָרגעזעצט מיין וועג.

פאָרויס פאַר מיר איז געגאַנגען אַ גרופּע פּאָליאַקן. פּלוצלינג האָב איך באַמערקט, ווי די לייכטנדיקע פונקען פון זייערע לאָמפּן האָבן זיך אויפגעהערט באַוועגן און זיי זענען געבליבן שטיין אויף איין אָרט. איך האָב גיך אַראָפּגעשלונגען די לעצטע ביסנס ברויט און זיך דערנענטערט צו זיי. אין דעם מאָמענט איז אויף מיין פּנים געפאַלן די שיין פון אַ בליק־לאָמפּ. אַ בייזע שטים האָט מיך גערופן צו זיך:

— קאָם היר, דו קערל!

מיט פאַרזשמורעטע אויגן בין איך געגאַנגען אַנטקעגן דער שיין פון בליק־לאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען אויף דער ברוסט פון שטייגער. ער האָט אָנגעהויבן אויסטאַפּן מיינע קעשענעס, אָבער גאָרנישט געפונען.

אַוועקגייענדיק פון מיר האָט דער שטייגער זיך אומגעקערט צו דער גרופּע פּאָליאַקן, געזידלט זיי און געוואָרנט, אַז אויב מיר וועלן נישט אויפהערן צו גנבענען דאָס עסן ביי די דייטשישע קוילנגרעבער וועט ער וועגן דעם מעלדן דער זשאַנדאַרמעריע.

נאָך דעם, ווי דער שטייגער איז פון אונדז אַוועק טיפער אין פינצטערן קאָרידאָר, האָב איך מיינע חברים, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דער שטייגער איז זיי באַפאַלן, אויפגעקלערט די סיבה פון זיין אויפרעגונג.

— אין זיין מאַמען אַריין!

— אַזאַ הורן־זון!

— אַ שטיין זאָל אים צודעקן!

אין פינצטערן חלל האָבן אָפּגעהילכט די קללות.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנדערע אופנים ווי אַזוי זיך צו פאַרשאַפן אַ שטיקל ברויט אָן צו זיין אויסגעשטעלט אויף אַזעלכע געפאַרן. אָבער יעדער פּלאַן האָט ביים רעאַליזירן אים אַרויסגעוויזן זיך פאַר נאָך מער געפערלעך.

איין מאָל, ביים זוכן האָלץ צום אונטערבויען, האָב איך צום ערשטן מאָל אין קוילנגרובן דערזען אַ שפּרינג טאָן אַ מויז פון אַ בערגל שטיינער אַרויס. איך האָב אַ שליידער געטאָן אַ שטיק האָלץ, דאָס מייזל איז געבליבן ליגן מיט ציטערנדיקע פּיסלעך.

פונעם אָנטרעפן אַזוי טיף אונטער דער ערד אויף נאָך אַ לעבעדיקן וועזן, אַחוץ מענטשן און פערד, בין איך געוואָרן שטאַרק באַאיינדרוקט. וועגן דעם האָב איך גערעדט מיט די אַלטע דייטשישע קוילנגרעבער און זיי האָבן מיר דערציילט פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן עפּעס אַ ווילד באַשעפעניש, ענלעך צו אַ שעפּס, וואָס זיי האָבן אַמאָל אָנגעטראָפן אין די לאַנגע פינצטערע קאָרידאָרן.

דער אַלטער קאַרל פון באָכום, וואָס האָט די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן פאַרבראַכט אונטער דער ערד, האָט ליב געהאַט צו דערציילן אַזעלכע געשיכטעס. זיינע דערציילונגען האָב איך אויפגענומען ווי אויסגעטראַכטע אָדער איבערגעחזרטע מעשיות.

הגם קאַרל האָט נישט געוווּסט מיר צו ענטפערן ווי אַזוי און פון וואַנען עס האָבן זיך דערנומען אונטער דער ערד אַזעלכע אויסטערלישע באַשע־פענישן, האָט ער אָבער וועגן דעם גערעדט מיט אַזאַ ערנסטקייט, ווי ער וואָלט עס געזען מיט די אייגענע אויגן.

ווען איך האָב קאַרלען דערמאָנט וועגן דער מויז, וואָס איך האָב געזען אין קוילנגרובן, האָט ער אויסגעשפּיגן און מיך נישט געלאָזט מער רעדן וועגן דעם מיאוסן באַשעפעניש, וואָס האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ געפיל פון עקל.

אָט די שמועסן זענען פאָרגעקומען אין דער צייט פון אַרבעטס־איי־בעררייס, ווען קאַרל האָט געגעסן זיין „בוטאָן־בראָט“. דאַן פלעג איך זיך אָפּט צושאַרן צו אים מיט דער האָפענונג, אַז מיינע הונגעריקע אויגן וועלן אַרויסרופן ביי אים אַ געפיל פון מיטלייד און ער וועט מיר שענקען אַ שטיקל ברויט. אָבער קאַרל האָט געהאַט אַ פאַרשטיינערט האַרץ. איך האָב אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ער האָט גאָר הנאה אין דער צייט פון זיין עסן צו רייצן זיך מיט מיין הונגער.

דער זעלבער קאַרל פלעגט אין פּאַרטרוילעכע געשפּרעכן מיט מיר

אויסדריקן זיין קעגנער־שאַפט צום נאַציזם און זיין האַס צו די קוילן־מאַגנאַטן מיט זייערע דינער. מיט פאַרדרוס האָט ער גערעדט וועגן שווערן לעבן פון קוילנגרעבער. פאַר וואָס זשע האָט אים נישט געאַרט מיין הונגער? צי בין איך אַלס פּאָליאַק פאַר אים קיין מענטש נישט געווען? פאַר וואָס האָט קאַרל, כאָטש איין מאָל, מיר נישט געשענקט אַ שטיקל ברויט, אַז איך זאָל קענען זען אין דעם אַן אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט אַ גע־פאַנגענעם? קאַרלס באַציונג צו מיר ווי צו אַ מענטש פון דער צווייטער מדרגה פלעגט מיך אָנפילן מיט אַזאַ האַס, אַז איך בין גרייט געווען אָנצו־כאַפּן אים פאַרן האַלדז און דאָס עסן פון מויל אים אַרויסצורייסן.

אויב קאַרלען דעם פּראָלעטאַריער איז פרעמד געווען יעדעס מענטש־לעך געפיל צו מיר, זיין נאָענטסטן אַרבעטס־שכן, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן, ווי אַזוי זיינע פעט באַשמירטע ברויט־שניטן זאָלן כאָטש איין מאָל אַריינפאַלן אין מיינע הענט.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם מייזל, וואָס איך האָב געהרגעט מיט עטלעכע טעג פריער. דאָס מייזל האָב איך געפונען אונטער אַ דינער שיכט קוילנשטויב.

ווען די מאַשינען זענען געבליבן שטיל און צו קאַרלען איז דער־גאַנגען דער רוף „בוטאַן־בראָט״, איז ער צוגעגאַנגען צום אָרט, ווו ס׳איז געהאָנגען זיין אַרבעטס־רעקל.

פּלוצלינג האָט זיך קאַרל היסטעריש צעשריגן:

— פערפלוכט! צום טויפל!

איך בין צוגעגאַנגען צו קאַרלען און אים אָנגעקוקט, ווי ער שטייט אַן אויסגעבויגענער און רייבט זיין האַנט אין די הויזן.

— אַ מויז אין מיין טאַש! — האָט קאַרל געשריגן ווי אַן איבער־געשראָקן יינגל און אָנגעשטעלט די שיין פון לאָמפּ אויף זיין אַוועקגע־וואָרפענעם רעקל.

— אַ מויז? פוי! — האָב איך אויסגעשפּיגן און געשטעלט אַ טראָט צום אַוועקגיין.

— שטאַכו — האָט זיך געבעטן ביי מיר קאַרל — קאָם ניכט וועק, שלאַג מאַל טאָט די מויז...

— וואָרום זאָל איך דאָס מאַכן ??

— שטאַכו — האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל — מאַך זאַובער די טאַשע !

— איך האָבע מיט דיין טאַשע ניקס צו טאָן, קאַרל.

— שטאַכו, באַקאָמסט מיין „בוטאָן־בראָט״ !

— וואָס די מויזע צעפּרעסען האָט ?

— ניין, שטאַכו, איך ברענג דיר פון צו האַוזע בראָט מיט שפּעק, אָבער מאַך דאָס שנעל !

אויפן שפּיץ פון אַ דרענגל האָב איך דאָס רעקל איבערגעטראָגן טיפער אין קאָרידאָר. פון דער ווייטנס האָט קאַרל זיך צוגעקוקט ווי אַזוי איך באַמי זיך אַרויסצוטרייבן דאָס מייזל פון זיין טאַש.

— נו, ווער מאָל פערטיג ! האָט קאַרל מיט אַ דענערווירטע שטים גערופן.

מיט אויסגעצויגענע הענט האָב איך צעשאָקלט דאָס רעקל. פון דער איבערגעקערטער טאַש איז אַרויסגעפאַלן דאָס פּעקל עסן. איך בין זיך צעלאָפן אין אַ קרייז און האַסטיק געבליבן שטיין מיט אַ פעסטן טראָט.

— פערטיג ! — האָב איך אויסגעשריגן צו קאַרלען.

קאַרל איז צוגעקומען און זיך איבערצייגט, אַז דאָס מייזל ליגט פאַר־קוועטשט אונטער מיין שוך. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פּעקל עסן און אָנגעהויבן מיר איינרעדן, אַז איך זאָל דאָס נישט לאָזן ליגן, נאָר נעמען מיט זיך, ווייל דאָס ברויט, האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, האָט דאָס מייזל נאָך נישט באַוויזן אָנצורירן.

איך האָב מיט אַ פוילן זשעסט דאָס פּעקל אויפגעהויבן מיט צוויי פינגער־שפּיצן און דערמיט אַוועק צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ.

אויף צו מאָרגנס האָט קאַרל מיר פאַרגיטיקט מיט אַ פּאָר שטיקלעך ברויט מיט ווורשט. ער האָט דאָס מיר אָפּגעשטעקט געהיים, אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן.

אין שטרייב האָבן זיך די קוילנגרעבער דערוווסט, אַז צו קאַרל אין טאַש האָט זיך אַריינבאַקומען אַ מויז. אַלע האָבן אים געקענט פּאַר אַ

קאַרגן און פּחדן, דערפאַר האָט מען פון אים געלאַכט און קאַרל איז געווען צעמישט און אויפגערעגט.

מיט אַ פּאָר מעטער העכער פון מיר האָט געאַרבעט האַנס, אַ הויכער ברייטבייניקער בלאָנדער דייטש מיט אַ פערדישן כוח. אין קוילנגרובן פלעגט ער מיטברענגען צוויי פולע טאַשן עסן. די גאַנצע צייט, וואָס עס האָט געדויערט די הפסקה אין דער אַרבעט, פלעגט האַנס קייען און שלינגען, אַז אים איז קיין צייט נישט געבליבן אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

האַנס האָט ליב געהאַט צו עסן אָפּגעזונדערט פון זיינע שכנים ביי דער אַרבעט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט זיין אופן עסן: פון איין האַנט דאָס ברויט און פון דער צווייטער — די ווייסע שניטן חזיר־פעטס, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי שטיקער קרייד.

האַנס האָט געהאַט מער הנאה פון עסן ווען ער פלעגט זיך אין מיר איינקוקן און זען ווי איך ליג, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ שטיקל קויל, און וואַרט איבער, מיט אַ נאָגנדיקן הונגער אין בויך, די הפסקה ביי דער אַרבעט. ווען ער פלעגט אַוועקוואַרפן די נישט דערביסענע שטיקלעך ברויט אין די צוזאַמענגעקוועטשטע אויסגעפעצטע פּאַפּירן, האָב איך דער ערש־טער זיך אויפגעשטעלט ווען די רוטשע האָט זיך גערירט פון אָרט.

ווען האַנס האָט באַמערקט ווי איך כאַפּ אַרויס פון דער לויפנדיקער רוטשע זיינע אַוועקגעוואָרפענע שטיקלעך ברויט, האָט ער פון דעמאָלט אָן די צעקנייטשטע פּאַפּירן פאַרשיט מיט קוילנשטויב.

איין מאָל האָט האַנס, ביים אַרויסציען פון רעקל זיינע פּעקלעך עסן, דערזען אין געלעכערטן פּאַפּיר אויסגעצופּטע שטיקלעך ברויט. ביים ערשטן אויגנבליק האָט ער זיך איינגעקוקט אַנטקעגן דער שיין פון זיין לאָמפּ און נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען. ערשט ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער געלאַכט פון קאַרלס מויז אין טאַש, האָט זיך האַנס צעשריגן:

— מענש! טויפל! אַ מויז!...

האַנס האָט דאָס פּעקל עסן מיט דעם אַרומגעביסענעם פּאַפּיר אַ שליידער געטאָן צו מיינע פיס.

— סטאַניס. היר האַסטו, פרעס...

איך האָב פונאַנדערגעוויקלט דאָס פּעקל. אַ ריח פון פרישׂ ברויט מיט שמאַלץ האָט אַ שלאָג געטאָן צו מיין האַלב פאַרשטאָפּטער נאָז. מיט אַ געמאַכטער פאַרווונדערונג האָב איך געוואָרפן מיינע אויגן פון פּעקל עסן צו האַנסן. ער איז געשטאַנען עטלעכע מעטער פון מיר באַרג־אַרויף און מיט נייגעריקייט אָפּגעוואַרט וואָס איך וועל טאָן מיטן אַרומגעצופּטן ברויט. ביי מיין ערשטן ביס האָט האַנס אויסגעשפּיגן. ער האָט אָפּגע־קערט זיין בליק פון מיר און געזאָגט צו זיך אַליין:

— די פּאָלען, די זינט דאָך שוויינען...

## קאַפּיטל זעקס

אין יענעם טאָג האָב איך זיך געווונטשן, אַז עפּעס זאָל מיט מיר געשען בײַ דער אַרבעט. שוין עטלעכע טעג ווי אַדאָלף צייכנט פֿאַר מיר מיט זײַן קרייד־שטיפֿט נאָך אַ מעטער קוילן אויסצוגראָבן. ס׳זעט אויס, אַז ער וויל פֿון מיר אַרויסציִען דאָס לעצטע ביסל חיות. מיר איז פֿאָרגעקומען, אַז ער באַהאַלט זיך אויס הינטער מיר און אָבסערווירט מיך, ווי איך שטיי אין אונטערערדישן שטויב־וואָלקן בײַ די אַראָפּפֿאַלנדיקע שטיקער קוילן.

אַ ווילדער צאָרן האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן. מיט די ציינער האָב איך זיך געוואָלט אײַנבײַסן אין דער קוילנוואַנט, וואָס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט דעם האַמער מיט דער האַרטקייט פֿון איר אוראַלטער אײַנגעוואָקסנקייט אין די טיפֿענישן פֿון אונטער דער ערד. איך ראַנגל זיך מיט אַ פֿאַרביסענער עקשנות קעגן דער רויער נאַטור, מײַן האַנט ציטערט פֿון צעטרייסלטן האַמער אין דער קוילנוואַנט, וואָס פּלאַצט אויף מיט אַ קראַך ווען זי צעפֿאַלט זיך שטיקערווײַז.

אַ יסורימדיקער ברום האָט זיך פֿון מיר אַרויסגעריסן. אַ שטיק קויל איז אָפּגעשפּרונגען אויף דעם שינביין פֿון מײַן פֿוס. דער האַמער איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון מײַן האַנט און איך בין געבליבן שטיין אויף איין פֿוס. איך האָב דערהערט דאָס בייזע קול פֿון אַדאָלפֿן:

— פֿאַר וואָס האָסטו אַוועקגעוואָרפֿן די מאַשין?

אַ ווײַלע האָבן מיר אײנער דעם צווייטן אַרײַנגעקוקט אין די שוואַרצע פּנימער. אָן אויסצורעדן אַ וואָרט האָב איך אַנטקעגן דער שײַן פֿון אַדאָלפֿס לאָמפּ אַנטבלויזט דעם פֿאַרווונדעטן פֿוס. אַדאָלף האָט אַראָפּגעבויגן זײַן קאָפּ צו מײַן פֿוס און גלײַכגילטיק געזאָגט:

— די וווּנד איז אַ לײַכטע. איך גיב דיר נאָך איינעם צו הילף און פֿאַרענדיק די שיכט.

אַדאָלף האָט מיך געקענט פאַר אַ „פּאָזנאַנטשיק“, וואָס האָט דעם מוט אים זיך קעגנצושטעלן. איך האָב אים אַ שליידער געטאָן אין זיין פּרצוף:

— דו, הורן־זון! פּרווו נאָר דו אַליין אַרבעטן אויף איין פוס... כ'וועל דיך אָנקלאָגן ביים לאַגער־קאָמענדאַנט פאַר בייזוויליק אויסמעסטן מיר צו פיל אַרבעט און פאַר צווינגען מיך אַרבעטן אַ פאַרווונדעטער.

אַדאָלף האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק, אויסגעשפּיגן אין מיין זייט און אַוועקגעקראָכן באַרג־אַראָפּ. אין געציילטע מינוטן אַרום האָט ער זיך צוריק אַרויפגעדראַפּעט מיט אַ באַנדאַזש און מיט אַ שיין, אַרויס־צופאַרן אין מיטן דער אַרבעט פון קוילנגרובן. דער דאָקטער פון דער ערשטער הילף האָט מיר אויסגעשריבן אַ צעטל אויף צען טעג אין לאַגער־שפּיטאָל.

דער לאַגער־שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן רויט געפּאַרבטן הילצערנעם באַראַק, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט ווייסע געקאַלכטע שטריק. דער פראָנט איז געווען אויסגעפּוצט מיט פאַרשידנפאַרביקע בלו־מען. אַ לאַנגער קאָרידאָר האָט אָפּגעטיילט די ביוראָ־צימערן פון ברייטן זאַל, ווו עס זענען געשטאַנען שורותווייז לאַנגע רייען בעטן.

— טשאָלעם, סטאַניסלאַוו!

איך קוק זיך אום: אין קאָרידאָר און אין קראַנקן־זאַל גריסן צו מיר באַקאַנטע לאַגערניקעס מיט אַרומגעבונדענע קעפּ און הענט, הינקענ־דיקע מיט שטעקנס, אָנגעשפּאַרטע אויף קוליעס. אַנדערע זענען געלעגן אין די בעטן.

דער הויפּט־סאַניטאַר האָט מיך אָנגעוויזן אויף אַ ליידיק בעט און איבערגעלאָזט פאַר מיר אַ שטעקן.

נאָך איבער אַ האַלב יאָר זיך וואַלגערן אויף שמוציקע געלעגערס, האָב איך דאָס ערשטע מאָל זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ זויבער בעט מיט אַ ווייס ליילעך, אַ קישן און אַ וואַרעמען צודעק. דאָס איז דאָך געווען אַ חלום: אַ בעט אָן לייז, אָן וואַנצן. איך האָב געוואָלט, אַז דאָס געשעעניש זאָל טיפער אַריינדרינגען אין מיר און מיך אָנפילן כאָטש מיט אַ ביסעלע

אינערלעכער מנוחה. אָבער דאָס געפיל פון פרייד איז מיר שוין פרעמד געווען; מער ווי פריי אָפּאָטעמען האָב איך נישט געקענט.

לעבן מיין בעט איז געלעגן מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט דער גרויסער סטעפאַן — מיין באַראַק־שכן. סטעפאַן האָט פאַרנומען די גאַנצע לענג און ברייט פון זיין בעט. דאָס ערשטע מאָל איז ער געלעגן אין שפּיטאָל און ער האָט מקנא געווען יעדן ערנסט־פאַרווונדעטן, וואָס איז אויף אַ לענגערער צייט באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט אין קוילנגרובן.

נאָכן דערוויסן זיך וועגן מיין פאַרפאַל ביי דער אַרבעט, קוקט סטעפאַן זיך איין אויף מיין באַנדאַזשירטן פוס און דרייט מיטן קאָפּ:

— סטאַניסלאַוו, האָסט נישט קיין מזל, אַ שאָד, אַ שאָד, אַ פעסטערן זעץ אין דעם פוס — און אויף צוויי העלפטן. אַ יאָר צייט וואָלסטו מער נישט אָנגעקוקט דעם פאַרשאָלטענעם קוילנגרובן...

יורעק, אַן אַפּטער פּאַציענט אין שפּיטאָל, האָט גענומען לאַכן פון אונדזביידן:

— נאַראָנים, נאָך וואָס פּטרן דאָס לעבן? לערנט זיך פון מיר: איין חודש אין גרובן — דעם צווייטן אין שפּיטאָל. מען דאַרף נישט צו פיל זיך איבעראַרבעטן פאַר די שוואַבעס. פאַר דעם הינטישן לעבן דאָ, איז דאָס אויך צו פיל.

סטעפאַן האָט איבערגעדרייט זיין שווערן גוף צו יורעקס זייט און געפרעגט:

— ווי אַזוי מאַכסטו דאָס? ווען איך אַרבעט אין גרובן, קוקן אויף מיר פון אַלע זייטן די שוואַבסקע אויגן.

יורעק, וואָס איז אין לאַגער באַקאַנט געווען ווי אַ „זשיווי כלאָפּ" (לעבעדיקער יונג), האָט איצט אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים:

— פאַרשטייַ, סטעפאַן, אין קוילנגרובן איז ווי אויף אַ פראָנט: דאָרט פליען צו דיר קוילן, דאָ פאַלן אויף דיר שטיקער קוילן; דאָרט פלאַצן איבער דיר באָמבעס, דאָ פלאַצן איבער דיר שטיינערנע סופיטן; דאָרט ווערט אַ זעלנער אַ מאָל מזלדיק פאַרווונדיקט און פאַרלאָזט דעם פראָנט. און אויך דאָ, אין גרובן, זענען פאַראַן פאַרפאַלן, פון וועלכע מען ליידט ווייניק און מען מאַכט אַ לעבן אין שפּיטאָל. מען דאַרף אָבער קענען

מאַנקערירן. דאָס פריערדיקע מאָל בין איך דאָ געלעגן מיט אַ לייכטער וווּנד אויפן פוס, אָבער יורעק — דאָ האָט ער אַ ווייז געטאָן מיט אַ פינגער אויף זיין קאָפּ — ווייס וואָס צו טאָן: אַ מאָל מיט אַ ביסעלע זייף באַשמירט, אַ מאָל מיט אַ ביסעלע זאַלץ באַשאָטן די וווּנד — און איך האָב זיך אַזוי אַ גאַנצן חודש אַרויסגעדרייט פון דער אַרבעט. איצט בין איך אינערלעך קראַנק, איך האָב פיבער. איך טו אַ קלאַפּ מיטן עלנבויגן אין דער וואַנט ביים מעסטן מיר די היץ, און דער טערמאָמעטער אונטערן אָרעם ציט אָן, ווען איך וויל, אַפילו ביז ניין און דרייסיק... אין זייער מאַמען אַריין, די שוואַבסקע מאָרדעס...

ביים דערציילן האָט יורעק זיך געשאָקלט פון געלעכטער. אויך סטעפאַן האָט געהירזשעט ווי אַ פערד, אַז קוים וואָס איך האָב פאַר־שטאַנען וואָס ער רעדט צו מיר:

— אַ יידישן קאָפּ האָט אויף זיך דער יורעק...

— און דו, סטעפאַן, האָסט אויף זיך אַ פערדישן קאָפּ, אין דיין מאַמען אַריין... אַ יידישער קאָפּ וואָלט דאָ געהאַנגען אין מיטן לאַגער אויף אַ תליה — האָט יורעק אַרויסגעסיקעט צווישן די ציין.

— און דו וואָלסט געוואָלט זיין דער תליון? — האָב איך יורעקן געפרעגט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

— יאָ, ווי גאָט איז מיר ליב!

— ביסטו דען נישט קיין פרומער קריסט, יורעק?

— וואָס פאַרדרייסטו, סטאַניסלאַוו, דעם קאָפּ מיט פרומקייט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זשידעס. ביי אונדז אין שטאָט האָט דער גלח געוואָרנט, אַז מיר זאָלן זיי נישט העלפן און נישט אויסבאַהאַלטן קיין איין ייד.

— ביי אונדז אין פּאָזנאַן האָב איך נישט געזען קיין יידן זינט די דייטשן זענען אַריין.

— יאָ, דערפאַר רעדסטו אַזוי, סטאַניסלאַוו — האָט מיר יורעק מוחל געווען — אויך ביי אונדז אין „קאָנגרעסוווקע" איז איצט מיט די יידן דאָס זעלבע...

# טעג אָן ליכט

סטעפּאַנס בעט האָט אַ קרעכץ געטאָן אונטער זיין שווערן גוף. ער האָט אַרויסגערעדט ווי פון אַ פּוסטן פאַס אַרויס:

— נישט אמת, אַז מ׳האָט שוין אַלע יידן אויסגעשניטן... אַ סך בלאָנקען נאָך אַרום איבער די דאָרפישע וועגן, אָבער די כלאָפּעס ווייסן וואָס צו טאָן מיט זיי. אָט זענען צו אונדז אין דאָרף געקומען צוויי יידן, שניי־דערס, אַנטלאָפענע פון געטאָ. אַ פּאָר וואָכן האָבן די יידן געאַרבעט ביי אונדז אין שטוב. מיר האָבן די יידן דערפּאַר צוגעזאָגט אַ באַהעלטעניש, און זיי האָבן אין דעם געגלייבט, ווי אין זייער גאָט. פּלוצלינג — זשאַנ־דאַרמעריע איז דאָ אין דאָרף און זיי זוכן פון שטוב צו שטוב. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו אונדזער כאַטע, האָבן מיר די יידן אַרויסגעיאָגט. קליינוואַרג איז זיי נאָכגעלאָפן מיט געשרייען „„זשיד״... די זשאַנדאַרן זענען אָנגעלאָפן און די יידן זענען ווי האָזן דערשאָסן געוואָרן...

איך האָב פרייער אָפּגעעטעמט, ווען דאָס גלעקל האָט זיך צעקלונגען צו שטעלן זיך אין דער ריי נאָך עסן...

דאָס ערשטע געשפּרעך אויף אַ „יידישער טעמע״ תיכּף נאָך מיין אָנקומען אין שפּיטאָל האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מיין אַרישע מאַסקע וועט דאָ ווערן דורכזיכטיקער: דאָ איז צו ריין און באַקוועם, צו פיל טאָג, צו פיל ליכט. דאָ האָט מען צו פיל צייט צו רעדן, דאָ זענען פאַראַן צו פיל אויגן, וואָס זוכן נייגעריק אַ פרעמד פּנים — אויגן, וואָס דרינגען דורך דעם מענטש... ווי שטענדיק אין אַזעלכע מאָמענטן האָט אין מיר עפּעס געמופן זיך צו באַהערשן און ווייטער שפּילן די ראָל.

אויף צו מאָרגנס בין איך געשטאַנען פאַרן לאַגער־דאָקטער, אַ מיטל־יאָריקער טונקלהויטיקער דייטש, מיט אַ לענגלעכער אָדלער־נאָז אויף זיין סעמיטיש פּנים. איך וואָלט געשוווירן, אַז ער איז אַ ייד, אָבער דער האַקנקרייץ־זשעטאָן אויף זיין קלאַפּע האָט באַלד אַוועקגענומען ביי מיר דעם ערשטן איינדרוק. נאָכן באַטראַכטן דעם פוס האָט דער דאָקטער מיט די שפּיצן פינגער מיר אַ שטאָך געטאָן אין דיך און געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין:

— קיין שמערצן ?

— ניין.

נאָכן באַטראַכטן מיך האָט דער דאָקטער באַפוילן דעם הויפּט־סאַני־טאַר, אַז ער זאָל, ביים באַהאַנדלען מיך, אָבסערווירן די ביידע ערטער פון קראַנקן פוס, און דער עיקר דעם דיך.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערפילט אַ ווייטיק אויף דעם אָרט, ווו דער דאָקטער האָט געשטאָכן מיט זיינע שפּיצן פינגער. איך האָב אָנגעהויבן נאָכקוקן ווי אַזוי עס ווערן באַהאַנדלט קראַנקע מיט אַזעלכע ווונדן ווי ביי מיר, און באַמערקט, אַז אַ טייל פון זיי באַקומען איינשפּרי־צונגען.

איין מאָל, ביים באַטראַכטן די צעפּלאַמטע ווונד אויפן פוס, האָט מיר דער הויפּט־סאַניטאַר געהייסן אַנטבלויזן דעם אונטערשטן טייל פון בויך. איך האָב דעם סאַניטאַר דערקלערט, אַז איך פיל נישט מער קיין ווייטיקן אויסער אַרום דער ווונד — און כ׳האָב געגלייבט, אַז ער נעמט ערנסט מיינע ווערטער.

אָבער פון דעם מאָמענט אָן האָט אין מיר עפּעס אָנגעהויבן טאָטשען, ווי אַ וואָרעם. דער ווייטיק אין דעם אָרט, וואָס האָט געמוזט זיין פאַרבאָרגן פאַר גויישע אויגן, האָט מיר אָנגעהויבן פאַרשאַפן אַחוץ פיזישע יסורים, אויך פּסיכישן אומרו. איך האָב באַמערקט, אַז דער סאַניטאַר קוקט מיר נאָך ביים גיין, ביים זיצן, און אפילו ביים עסן. ער האָט אָנגעהויבן פירן מיט מיר צו אָפטע שמועסן, כלומרשט פאַרבייגייענדיק, נישט דירעקט. ס׳איז אים שטאַרק אָנגעגאַנגען ווי איך פיל זיך, אָבער אַזאַ אויפמערקזאַמקייט האָט דער סאַניטאַר, אַחוץ מיר, קיינעם נישט געשענקט.

וואָס פאַר אַ פּלענער, האָב איך מיט זאָרג געטראַכט, קלערט מען איצט אויס, כדי צו נישט צו מאַכן דעם חשד, אַז כ׳בין אַ ייד ? וואָס זאָל איך טאָן ? אפשר אַנטלויפן ? דאָס האָט, אין די באַדינגונגען, אויסגעזען אין גאַנצן נישט אקטועל. איז קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן, ווי אָנ־הייבן באַהערשן די סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום מיר אין שפּיטאָל. קודם־כל מוז איך דערדריקן אין זיך דעם פּסיכישן אומרו.

איך האָב אָנגעהויבן אָפּט זיך באַטייליקן אין די געמיינזאַמע פאַרוויי־

לונגס־שפּילן אין שפּיטאָל, ווי דאַמקעס, דאָמינאָ און דער עיקר — קאָרטן. על פּי רוב האָב איך מיינע מיטשפּילער געלאָזט געווינען. דאָס האָט זיי נאָך מער פאַרהיימישט מיט מיר. דעם סאַניטאַר האָב איך אויפ־געהערט אויסצומיידן, און אַפילו געזוכט אים מיט פאַרשידענע אויסריידן, כדי ער זאָל אין מיר נישט דערקענען קיין געפיל פון שרעק פאַר אים. מיינע קורצע באַגעגענישן מיטן סאַניטאַר אין זיין ביוראָ־צימער האָבן אויך געהאַט די כוונה נענטער צו דערקענען זיין פּערזאָן, זיין כאַראַקטער, כדי איך זאָל וויסן ווי אַזוי מיט אים זיך צו פירן.

דער סאַניטאַר, אַ וויניק רעדעוודיקער, האָט אויסגעזען צו זיין אין די פערציקער יאָרן. אַ מאָגערע קורצע פיגור, שוואַרצהאָריק, מיט צוויי בולטע שאַרף־דורכדרינגלעכע אויגן אין זיין מאָט פּנים — האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער, דער הויפּט־סאַניטאַר, דאַרף דאָס פעסט־שטעלן די דיאַגנאָזע ביים קראַנקן.

איין מאָל — דאָס איז געווען אין אָנהייב, ביי מיין אָנקומען אין לאַגער — האָט דער סאַניטאַר, בעת איך בין פאַרבייגעגאַנגען זיין אָפּע־נעם פענצטער, מיטן פינגער מיך אַ רוף געטאָן צו זיך און מיך געפרעגט פון וואַנען איך שטאַם. ער האָט, הייסט עס, געוואָלט אין מיר דערקענען זיינעם אַ באַקאַנטן, צו וועמען איך בין, לויט זיינע רייד, געווען זייער ענלעך. אָט דעם עפּיזאָד האָב איך זיך איצט דערמאָנט. זאָל עס באַדייטן, אַז איך האָב אים אויסגעזען פאַרדעכטיקט שוין באַלד אין אָנהייב פון מיין קומען אין לאַגער, און איצט, אין שפּיטאָל, האָט ער די מעגלעכקייט דעם חשד נאָכצופאָרשן, אָבסערווירן מיינע זשעסטן, שפּראַך, אייגנשאַפטן און מיין אַלגעמיינע אויפפירונג? אָט די געדאַנקען, וואָס האָבן מיך אָנגעהויבן באַהערשן, האָב איך גלייכצייטיק אָנגעהויבן באַקעמפן און טרייבן פון זיך. איך האָב זיך באַמיט איינצורעדן, אַז מיך באַהערשן איבער־געטריבענע איינדרוקן, אַ רעזולטאַט פון אַלע מיינע ביז איצטיקע איבער־לעבונגען.

אָט טראַכט איך: אויב דער סאַניטאַר איז מיך באמת חושד, אַז איך בין אַ ייד און ער וויל מיך פאַרראַטן, וואָלט ער דאָך דעם ענין איבער־געגעבן צו דער געשטאַפּאָ, וואָס איז געווען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די

ביוראָ־צימערן פון לאַגער־פירער. טוט ער דאָס נישט — מיינט ער אַוודאי נישט מיין שלעכטס. און איך מאָל זיך דעם סאַניטאַר אין מיין דמיון גאָרנישט אַזעלכן, ווי ער איז מיר פריער פאָרגעקומען. עס דוכט זיך מיר, אַז ער לייגט נישט מער קיין אויפמערקזאַמקייט אויף מיר, אַז איך פיל שוין נישט מער זיינע שפּיציקע דורכשטעכנדיקע אויגן — אַז ער הייבט מיך אָן אַפילו פאַרנאַכלעסיקן, אויסמיידן, אָט איז ער היינט געווען אויף אַ קאָנטראָל אין קראַנקן־זאַל און ער איז צו מיין בעט אַפילו נישט צוגעקומען. אין דער רשימה צום דאָקטער בין איך שוין צוויי טעג נישט פאַרשריבן. די פאַקטן שטאַרקן מיך, הגם דער פוס פאַרשאַפט מיר זאָרגן: דאָס געשווילעכץ אין דיך פאַרגרעסערט זיך, די וואַרעמע קאָמפּרעסן מיט דער בלעכענער קאַווע־באַנקע, וואָס איך מאַך אין געהיים, העלפן אין גאַנצן נישט. מיט שוועריקייט גיי איך אויפן קראַנקן פוס, וועלכן איך הייב אָן נאָכשלעפּן.

דעם ערשטן זונטיק אין שפּיטאָל האָב איך גראָד אָנגעטראָפן אויף אַן אַלגעמיינעם רו־טאָג. אַלע לאַגעריסטן זענען געווען באַפרייט פון דער אַרבעט. אין די קוילן־שאַכטן האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס גערויש פון די מאַשינען. אין די שכנותדיקע פּוילישע אַרבעטס־לאַגערן איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אין דעם זונטיק קומט פאָר אין וואַטענשייד, לייטען־שטראַסע נומער צוויי, אַ גרויסע „זאַבאַווע" (פאַרוויילונג). אַ לויטערע פרילינג־זון האָט געשיינט איבער די באַראַקן־דעכער. פון דער אַלעע אין מיטן דעם לאַגער־שטח האָט געשמעקט מיט בליעכץ און גרינע גראָזן.

פאַרן גרויסן עס־באַראַק, וואָס איז ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן צו דער פאָרשטעלונג, האָבן זיך געזאַמלט די אָנגעקומענע געסט פון די שכנותדיקע לאַגערן, דער גרעסטער טייל — פון קרופּס געווער־פאַבריקן. זיי האָבן זיך געהאַלטן ווי יחסנים לגבי די בלאַסע קוילנגרעבער מיט די שוואַרצע אויגן־רעמלעך.

נאָכן אָנקומען פון די מוזיקאַנטן מיט די שווערע האַרמאָניעס אויף די פּלייצעס האָט זיך די „זאַבאַווע" אָנגעהויבן.

אויף אַ ליידיקן פּלאַץ אַרומגעצוימט מיט שטריק האָבן זיך באַוויזן צוויי באָקסערס.

— וואַלענטי! ניע דאַי שיען! (לאָז זיך נישט) — האָבן געשריגן הונדערטער מיילער.

— באָגוסלאַוו! דאַי מו! (גיב אים) — האָבן אַנדערע מיט פּאַרטייִשע קולות איבערגעשריגן.

באָגוסלאַוו און וואַלענטי זענען געשפּרונגען איינער קעגן צווייטן, געקלאַפּט מיט די לעדערנע פויסטן אין די פּנימער, אַזש די קעפּ האָבן זיך געבויגן אויף הינטערווייליקס. אַט פאַלט אום וואַלענטי, און עס דוכט זיך, אַז ער קען דעם אָטעם נישט כאַפּן. רופן צו אים צעשריגענע מיילער: וואַלענטי! וואַלענטי! גיב אים צוריק! רייסט זיך אויף וואַלענטי מיט אימפּעט פון דער ערד און לאָזט אין גאַנג זיינע לעדערנע פויסטן. באָגוס־לאַוו גיט זיך אַ וואַקל און פאַלט אַן איבערגעבויגענער אויף דער שטריק. דער באָקס־קאַמף איז פאַרענדיקט. באָגוסלאַוו און וואַלענטי דריקן זיך די הענט און פון זייערע ביידנס פּנימער רינט בלוט.

נאָך דער באָקס־סצענע האָט זיך אָנגעהויבן דער הומאָריסטישער טייל פון דער „זאַבאַווע".

אין באַראַק איז געוואָרן אַ גערודער. מיט אָנגעשפּיצטע אויגן האָט מען געקוקט צום אָרט, ווו ס'האָט זיך אַוועקגעשאַרט אַ צעהאָנגענע קאָלדרע. אויף צוזאַמענגערוקטע טישן האָט מען דערזען אַן איינגעקאָר־טשעטן מענטש, אַ קריפּל. ער האָט זיך לאַנגזאַם און מיט אַ שווער קרעכצן אויפגעהויבן, זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן און איז שטיין געבליבן איינ־געהויקערט אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ צעדרייטן הוט אויפן קאָפּ. אויף זיין פּנים איז געווען אַ לאַנגע קאָלטענעוואַטע באָרד...

— גאַרבאַטי זשיד (הויקערדיקער ייד)! גאַרבאַטי זשיד!

ווען יאַנושן דעם געהילפס־סאַניטאַר איז קוים געלונגען איינצושטילן די צעווילדעוועטע געשרייען, האָט דער, וואָס איז געווען פאַרשלייערט פאַר אַ ייד, אָנגעהויבן רעדן שטאַמלדיק, און זיינע ווערטער באַגלייט מיט משונהדיקע זשעסטיקולאַציעס:

— אַי־אַי־אַי... איך בין אַ ייד פון פּוילן... געווען איז מיר אַ מאָל גוט (שפּיצט אויס דעם בויך), געלעבט פון אָפּנאַרן די גויים (שטופּט די הענט אין די טאַשן). איצט, פּאַנאָוויע, איז מיר זייער שלעכט (שטעלט פּאָר

זיין אויסזען), אוי, ווי שלעכט (שאָקלט מיטן קאָפּ), געמאַכט מיט אונדז כיק' כיק, כיק... (קיצלט מיטן פינגער איבערן האַלדז). לאָזט מיך דאָ בלייבן מיט אייך (שטרעקט אויס ווי אַ בעטלער די האַנט), לאָזט מיך, לאָזט מיך!...

פאַרכלינעטע פון געלעכטער, האָבן זיך די לאַגערניקעס אָנגעהאַלטן איינער אין צווייטן. עס האָט אויסגעזען ווי די צושויער וואָלטן פאַרשיכורט געוואָרן פון דעם בילד.

איך בין געזעסן צווישן די קראַנקע און אָנגעלענט דאָס פּנים איבערן שטעקן. אַזוי אַרום האָב איך אויסבאַהאַלטן מיינע פאַרבאָרגענע געפילן פון חרפּה, ווייטיק און צאָרן.

ווען איך האָב אויף אַ ווײַלע אויפגעהויבן דאָס פּנים, האָב איך זיך אומגעריכט אָנגעטראָפן מיט די שאַרפע אויגן פון סאַניטאַר. איך האָב דערפילט, ווי אין מיר וואָלט זיך עפּעס אָפּגעריסן. דעם אויסדרוק אויף מיין פּנים האָב איך פאַרמאַסקירט מיט די ווייטיקן פון מיין פאַרוווּנדעטן פוס...

— וואָס איז, סטאַניסלאַוו? טוט דיר וויי?

דער סאַניטאַר, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו מיר, האָט די פראַגע געשטעלט זייער מילד און דערביי אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל.

אויפהייבנדיק דאָס פּנים, וואָס איך האָב געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צום פוס, האָב איך געענטפערט:

— יאָ, עס טוט אַ ביסל וויי. קען זיין צוליבן באַנדאַזש. ער איז לויז געוואָרן אויפן פוס.

— טאָ גיי אין שפּיטאָל אַריין, איך וועל שפּעטער אַ קוק טאָן.

ווען איך בין אַרויס פון באַראַק, האָבן אין מיינע אויערן נאָך געקלונגען די גרילצענדיקע טענער פון די האַרמאָניעס אין די הענט פון די מוזיקאַנטן מיט וויגנדיקע קעפּ. טאַנצנדיקע פאָרלעך האָבן געטופּעט מיט די פיס צום טאַקט, באַגלייט מיט אויסגעשרייען: הו־האַ, הו־האַ!...

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבן טאָג. דער לאַנגער קאָרידאָר אין שפּיטאָל איז געווען פּוסט, די טירן פון די ביוראָ־צימערן — גע־

שלאָסן. איך בין געבליבן שטיין אין מיטן פון קאָרידאָר און געקוקט אויף דער רשימה פון די קראַנקע, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אויף מאָרגן צום דאָקטער.

איך בין אַריין אין קראַנקן־זאַל און דאָ אָנגעטראָפן אַ טויטע שטיל־קייט. געציילטע שווער־קראַנקע זענען געלעגן צעוואָרפן אין די בעטן איבערן זאַל. איינער האָט עפּעס געשטאַמלט צו מיר. אַ ווײַלע בין איך געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, ביז איך האָב אויסגעפונען מײַן בעט.

ליגנדיק אין בעט איז פאַר מײַן דמיון נאָך בולטער געוואָרן דאָס פּנים פון סאַניטאַר. וואָס מער איך האָב זיך פאַרטראַכט, אַלץ שוואַכער זענען געוואָרן מײַנע ספקות, צי ער מיינט טאַקע מיך, דעם באַהאַלטענעם ייִד. אָבער וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די דאָזיקע געשטאַלט? ווער באַ־האַלט זיך אויס אונטער דעם ווײַסן פאַרטעך? אַ דײַטשישער געסטאַפּאָוויעץ אָדער אַ פּוילישער פּראָוואָקאַטאָר צווישן די לאַגער־מענטשן? דאַרף איך דאָס זײַן דער ערשטער געפאַנגענער אין זײַן נעץ, דער ערשטער קרבן דאָ אין לאַגער? געפינען איך זיך ווידער אין אָנבליק פון טויט? איך האָב אײַנגעגראָבן דאָס פּנים אין קישן און געבליבן ליגן, ווי אין אַ פינצטערן תהום.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט ווי שטילע טריט פאַרהאַלטן זיך לעבן מײַן בעט, און באַלד נאָך דעם — אַ גערויש פון פּאַפּיר. איך האָב אַ ווײַלע אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און אויפגענומען די פאַרדעכטיקטע שטילקייט אַרום מיר. נאָך דעם האָב איך זיך פויל איבערגעדרייט, צעעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך דעם סאַניטאַר... איך האָב זיך אויפגעזעצט און אָנט־בלויזט דעם קראַנקן פוס.

דער סאַניטאַר האָט אָנשטאָט אומקוקן זיך אויפן פוס, גענומען מײַן האַנט, אָנגעשטעלט די שפּיצן פינגער אויף מײַן פולס, געוואָרפן מיט די אויגן פון מיר אויפן זייגער און דערנאָך זיך טיף אײַנגעקוקט אין דער רויט־צעצונדענער ווונד. אומגעריכט האָט ער מיר אַ שטאָך געטאָן מיט זײַנע פינגער־שפּיצן אין דיך פון קראַנקן פוס. איך האָב אַ ציטער געטאָן...

— עס טוט דיר דאָרט שטאַרק ווײ, אַ?

— ניין — האָב איך געענטפערט און באַהערשט דעם גרימאַס פון ווייטיק אויף מיין פּנים.

— טאָ וואָס האָסטו אַזאַ ציטער געטאָן?

— דאָס אָרט איז ביי יעדן מענטש עמפינדלעך...

אַ ווײַלע זענען אונדזערע ביידנס בליקן געבליבן אָנגעשטעלט איינער אַנטקעגן צווייטן. צווישן אונדז איז געהאָנגען אַ פראַגע־צייכן: „ווער ביסטו?"...

נאָך אַ קורצן שטילשווייגן האָט דער סאַניטאַר זיך אָנגערופן:

— מאָרגן וועל איך דיר צוּוויסן טאָן אין וואָסער שעה דו זאָלסט זיך מעלדן צו מיר. דיין פוס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג.

ווען דער סאַניטאַר איז אַרויס פון קראַנקן־זאַל האָב איך קאָנטראָ־לירט די זאַכן, וואָס זענען געלעגן אויף מיין נאַכטטישל. אין דער זעלבער אָרדענונג וואָס פריער איז געלעגן דאָס פוילישע בוך, אַ דייטשישע צייטונג, אַ דאָמינע און די קאָרטן. באַרירט איז געווען דאָס פּאַק־פּאַפּיר פון אַ דערהאַלטן פּעקל פון דער פרוי ראָגאָזשינסקי, אַדרעסירט צו סטאַניסלאַוו פריבעל, געשיקט אַנאָנים פון יאַדוויגאַ ביעליצקאַ, סאָקאָלאָוו־פּאָדלאַסקי, קופּיענטינסקאַ 91. לעבן דעם איז געלעגן אַ פּאָסט־קאַרטל, וואָס איך האָב צו זיך אַליין געשיקט נאָך פאַרן אַריינגיין אין שפּיטאָל. אין קאַרטל, געשטעמפּלט פון באָכומער פּאָסט־אַמט, איז געווען געשריבן: „ליבער קאָלעגע סטאַניסלאַוו! וויצעק פון דאָרטמונד איז געווען ביי מיר. ער אַרבעט, ווי דו, אין אַ קוילן־שאַכט. מיר איז בעסער, איך אַרבעט ביי מיין פעטער אַלס שוסטער אין באָכום. אין דער היים, אין דאָרף, איז נישטאָ ווער עס זאָל די עלטערן אַרויסהעלפן ביי דער אַרבעט אין פעלד, די מאַטקע האַלט אין איין וויינען וואָס מ'האָט אונדז פאַרשיקט פון דער היים. שרייב, וועלכן זונטיק דו וועסט זיין מיין גאַסט. זשי! (לעב!) — דיין קאָלעגע בראָנעק".

איך ליג אויפן בעט און טראַכט: האָט דער סאַניטאַר דאָס גענומען ערנסט? זענען דאָס שטאַרקע באַווייזן קעגן זיין חשד אויף מיר? באַלד באַפאַלט מיך אַ צווייטער געדאַנק: צי האָב איך נישט געטאָן קיין פעלער דערמיט? צי האָב איך נישט אַליין אַריינגעלייגט אין זיינע הענט באַווייזן,

אַז איך שטיי אין קאָנטאַקט מיט נאָך אַזעלכע, פאַר וועמען ער איז מיך חושד? האָט ער דאָס טאַקע אַזוי פאַרשטאַנען? און וואָס באַדייטן זיינע ווערטער, אַז איך זאָל זיך מעלדן צו אים? וואָס מיינט ער דערמיט? האָט ער שוין וועמען איבערגעגעבן וועגן מיר, און איך וועל דאַרפן שטיין פאַר אַ קרייג־פאַרהער? גאָט! ווו נעמט מען כוח בייצושטיין דעם נסיון נאָך אַזוי פיל ראַנגלענישן מיטן טויט? וועט מען מיר גלייבן וואָס איך וועל זאָגן? וועט עמעצער אויסשטרעקן צו מיר אַ האַנט, אָדער איך וועל מיט שאַנד און שפּאָט אויפגעהאָנגען ווערן אין מיטן לאַגער? אויף אַ תליה פאַר אַן אויסגעפונענעם ייד צווישן אַזוי פיל גויים, דער לעצטער ייד... און יורעק וועט זיין מיין תליון. יורעק, וואָס עסט און שלאָפט מיט מיר צוזאַמען און האָט אַפילו דרך־ארץ פאַר מיינע פרומע מאָדליטוועס אין לאַגער־קלויסטער...

פון קאָרידאָר האָבן זיך דערטראָגן אומבאַקאַנטע טריט. באַלד איז ד׳ער קראַנקן־זאַל פול געוואָרן מיט רעש און געלעכטער. סטעפאַן איז צו צו מיין בעט און מיך אַ טרייסל געטאָן: „העי, סטאַניסלאַוו! פאַר וואָס ביסטו אַוועק פון דער „זאַבאַווע״?״ „ס׳האָט מיך דערקוטשעט״ — האָב איך אים געענטפערט אַ פאַרשלאָפענער...

יורעק, גייענדיק צום טאַקט פון אַ „מאַזורעק״, וואָס ער האָט אונ־טערגעפייפט, האָט זיך אָנגערופן:

— סטעפאַן, לאָז אים שלאָפן. סטאַניסלאַוו איז שוין אַלט פאַר „זאַבאַוועס״, אים איז ליבער זיך מאָדליען אין קלויסטער... און אויך דו ביסט אין דייטשלאַנד, ווי אַ געשלאָגענער ייד.

— אין דיין מאַמען אַריין — האָט זיך סטעפאַן צעשריגן — מיך רופסטו געשלאָגענער ייד? אַליין ביסטו ווי דער הויקערדיקער ייד וואָס דו האָסט היינט פאַרגעשטעלט...

מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן. איך האָב יורעקן אַ שטויס געטאָן אין דער זייט מיטן פוס.

— דאָס ביסטו געווען אַזוי פאַרשלייערט פאַר אַ ייד? ווי גאָט איז מיר ליב, איך האָב דיך נישט דערקענט. פון וואַנען, יורעק, קענסטו דאָס אַזוי נאָכמאַכן די יידישע שטיקלעך?

יורעק, וואָס האָט אין יידישע ענינים מיך געהאַלטן פאַר זייער נישט קיין דערפאַרענעם, האָט מיר אויפגעקלערט:

— דו, סטאַניסלאַוו, האָסט אין דיין „פּאַזנאַנסקים" נישט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ באַשעפעניש, וואָס רופט זיך „ייד". ביי אונדז אין זשי־ראַרדאָוו האָבן מיר אומעטום געהאַט יידן, אין אַלע גאַסן, כמעט אין יעדן הויז. און טאַקע אַנטקעגנאיבער אונדז האָבן מיר געהאַט יידישע שכנים, רייכע לייוונט־פאַבריקאַנטן, באַוואַקסענע מיט בערד און פּיסאַקעס (פּאות). פון קינדווייז אָן האָב איך צוגעזען זייער לעבן, איך געדענק אַפילו זייערע חתונות, זייערע לוויות. איך האָב דעם „זשיד" גוט געקענט. ווי גאָט איז מיר ליב! נעם, סטאַניסלאַוו, און שטעל אויס צווישן טויזנט פּאָליאַקן איין ייד, אין די זעלבע קליידער וואָס אַלע, און איך וועל גלייך דער־קענען...

איך האָב יורעקן איבערגעהאַקט די רייד:

— זאָג מיר, ווער האָט דיך דאָ אויסגעפונען פאַר אַן אַרטיסט?

יורעק האָט מיר שטאָלץ געענטפערט.

— די זשיראַרדאָווער דאָ קענען מיך און ווייסן, אַז איך קען פאַרשטעלן קאָמישע שטיקלעך. יענעם זונטיק האָב איך דאָ אין שפּיטאָל פאַרגע־שטעלט אַ „ייד". די קראַנקע האָבן זיך געטרייסלט אויף די בעטן פון געלעכטער און אַזוי געשריגן, אַז דער הויפּט־סאַניטאַר איז געקומען צו לויפן אַ קוק טאָן וואָס ס'איז געשען. שטעל זיך פאָר, סטאַניסלאַוו: דעם סאַניטאַר, וואָס גייט שטענדיק אַרום מיט אַ זויער פּנים און אַרויסגע־קוועטשטע אויגן, אים האָב איך אויך געמאַכט לאַכנדיק. ווען איך האָב געענדיקט, האָט ער מיר פאַרגעלייגט פאַרצושטעלן דאָס זעלבע היינט אויף דער „זאַבאַווע"...

— דו קענסט דעם סאַניטאַר נאָך פון פּוילן?

יורעק האָט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען און פאַרקרימט דאָס פּנים:

— דער טייוול ווייסט אים פון וואַנען ער שטאַמט. איך קען אַפילו נישט זיין נאָמען. פאַר איינעם זאָגט ער, אַז ער שטאַמט פון שלעזיע — ער רעדט גוט דייטש. פאַר אַ צווייטן איז ער פון קאָנגרעס־פּוילן. אין לאַגער דערציילט מען, אַז ער שטאַמט גאָר פון די רוסישע געביטן. איך האָב אים

אַליין געהערט רעדן רוסיש מיט איוואַן דעם פריזיער. אָבער ווען גייט עס דען אָן פון וואַנען ער שטאַמט ?

אין קראַנקן־זאַל האָט זיך באַוויזן יאַנעק דער געהילפס־סאַניטאַר מיטן גלעקל אין האַנט. אַלע האָבן גענומען שנעל צוזאַמענלייגן די דאָמינעס, דאַמקעס, קאָרטן און אַנדערע שפּילערייען. יעדער קראַנקער האָט פאַרנו־מען זיין בעט. אין זאַל איז געוואָרן פינצטער.

איך בין געבליבן ליגן אַרומגענומען מיט דער חשכות. דער שווער איבערגעלעבטער טאָג האָט אויף מיר געדריקט. דער מוח איז נישט פעיק געווען צו טראַכטן. אַלע אברים אין מיר האָבן פאַרלאַנגט אָנטשפּאַנונג — איך בין שווער איינגעשלאָפן.

אין מיטן נאַכט האָבן מיינע אויסגעצויגענע הענט דערפילט דאָס אַנטבלויזטע לייב פון פּאָדערשטן טייל פון מיין קערפּער... נידעריקער, איבער די קניען, האָב איך געפונען דעם ברעג פון קאָץ, וואָס איז ביי מיין איינשלאָפן געלעגן אונטער מיין פּנים. די אָפּגעדעקטקייט האָט מיך אויפגעוועקט. איך האָב געזוכט דעם ליכט־פּאַס, וואָס איז פאַרבייגעלאָפן איבער מיין בעט. עמעצער איז דאָ געווען לעבן מיר ווען איך בין געלעגן פאַרזונקען אין שלאָף.

איך קוק אין דער חושכדיקייט פון קראַנקן־זאַל. איך הער דאָס רעגל־מעסיקע אָטעמען, שנאָרכען און סאָפּען פון די קראַנקע. איך זוך אין דער פינצטערניש דעם סאַניטאַרס פאַרשווונדענע טריט...

אויף צו מאָרגנס, ווען איך בין געשטאַנען אין דער ריי צווישן די קראַנקע, כדי צו באַנדאַזשירן דעם פוס, האָט דער סאַניטאַר מיך דערזען און אַרויסגענומען פון דער ריי. ער איז אַוועק מיט מיר אין אַ זייט און געזאָגט צו מיר שטרענג, באַפעלעריש:

— דו ווערסט איצט נישט באַהאַנדלט! אַכט אַ זייגער אין אָוונט קום אַריין צו מיר אין מיין ביוראָ־צימער און איך וועל זען וואָס צו מאַכן מיט דיין פוס...

— וואָס איז דען מיט מיין פוס, וואָס ער פאָדערט אַ ספּעציעלע באַ־האַנדלונג ? — האָב איך געפרעגט און אָנגעשפּאַרט זיך אין שטעקן, כדי איינצוהאַלטן די גלייכגעוויכט.

דער סאַניטאַר האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגן און אַ וואָרף געטאָן די ווערטער:

— אָן פראַגן! איצט גייסטו צוריק אין בעט!

פאַר מיר איז איצט קלאָר געוואָרן, אַז דער סאַניטאַר הייבט אָן אַראָפּצורייסן פון מיר די מאַסקע, אַז עפּעס פּלאַנט ער קעגן מיר און נאָך היינטיקע נאַכט וויל ער דעם פּלאַן דערפירן ביזן סוף.

איך בין געלעגן אויפן בעט און געטראַכט וועגן מיין קומענדיקן צוזאַמענטרעף מיטן סאַניטאַר. איך האָב פאַרגעפילט, אַז דער צוזאמענטרעף וועט דעצידירן וועגן מיין ווייטערדיקן לעבן אין דעם לאַגער, וווהין דער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן נאָכן אַנטלויפן פון טרעבלינקע און נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך אַלס פּאַליאַק צווישן פּוילישע היימלאָזע. פאַרשידענע פּלענער האָב איך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן. דער ערשטער פון זיי איז געווען, אַז איך זאָל באַהאַלטן ביי זיך אַ שאַרף מעסער אויף אַ מאָמענט, ווען איך וועל שוין זיין אין גאַנצן אַ פאַרלוירענער. דעמאָלט וועל איך זיך וואַרפן אויפן סאַניטאַר, אים דערשטעכן און דערנאָך זיך אַליין. צי וועל איך אָבער האָבן גענוג פיזישן און מאָראַלישן כוח דאָס דורכצופירן?

אַ צווייטער פּלאַן האָט מיר אויסגעזען צו זיין רעאַלער און לאָגישער. אים האָב איך אָנגעהויבן געבויער פאַרטראַכטן און ענערגיש דורכצופירן.

ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט פון צוזאַמענטרעף, האָב איך פאַרפירט אַ שמועס מיט די צוויי לאַגער־חברים סטעפאַן און גזשעגאָזש. איך האָב זיי דערציילט, אַז מיר טרעפט זיך צו קויפן ביליק אַ רעקל און אַ קוכן און איך האָב זיי געבעטן מיר דערין צו העלפן. פאַר דער הילף וועלן זיי פון מיר באַקומען קוכן און אַ פּעקל ציגאַרעטן. האַלב ניין אַ זייגער אין אָוונט דאַרפן זיי קומען מיך אָפּוואַרטן ביי דער טיר פון סאַניטאַר. אויב איך וועל זיך פאַרשפּעטיקן אַרויסצוקומען, זאָלן זיי זיך דאָרטן פרעגן אויף מיר.

באַלד נאָכן אַריינקומען אין סאַניטאַר־צימער האָט מיך דער סאַניטאַר געפרעגט ווער ס׳זענען די ביידע.

— מיינע גוטע חברים נאָך פון פוילן — האָב איך אים דערקלערט.

— פון וואַנען זענען זיי? זיי זענען מיר פון ערגעץ קענטיק.

— מיר האָבן זיך צוזאַמענגעלעבט ווי פּליטים פון פּויזנער געגנט אין סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי.

— האָב איך געהאַט אַ טעות — האָט דער סאַניטאַר קוים אַרויס־געריעדט אונטער דער נאָז.

דער סאַניטאַר האָט מיר אָנגעוויזן מיטן פינגער, ווו איך זאָל זיך אַוועקזעצן. איך בין געבליבן זיצן מיטן פּנים אַנטקעגן אַ שפּיגל, אין וועלכן איך האָב געקענט זען, ווי ער טוט זיך אָן דאָס ווייסע פאַרטעך, פאַר־רויכערט לאַנגזאַם אַ ציגאַרעט און בלייבט אַ ווײַלע שטיין פאַרטראַכט. ער האָט אַ שפּריץ געטאָן צו די גלעזערנע שאַפקעס מיט מעדיקאַמענטן, געזוכט עפּעס לעבן די פלעשלעך, פאַרמאַכט און ווידער געעפנט די שאַפ־קעס. ער האָט געשפּאַנט עטלעכע מאָל איבערן צימער, לסוף געבליבן שטיין לעבן מיר און געעפנט מיין העמד אונטערן האַלדז. ער האָט אַריינ־געשטעקט אַ טערמאָמעטער אונטער מיין אָרעם, אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געבליבן זיצן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי איך. מיר האָבן זיך אין שפּיגל צוזאַמענגעטראָפן מיט די בליקן. אויף זיין פּנים האָב איך דערקענט, אַז ער שטעלט אָן אַ טאָן צו רעדן. באַלד האָט ער מיר טאַקע דערציילט, ווי עמעצער האָט אים אָפּגעשטעלט אין באָכום און ערשט אין שמועס האָט ער אין יענעם דערקענט אַ ייד, וועלכן ער האָט געהאָלפן אַנטלויפן פון פּוילן.

איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך פאַרשטיי זיך גאָרנישט אויף דעם. פאַר אים האָב איך איצט געוואָלט וואָס בולטער אַרויסברענגען מיין צושטאַנד פון אַ קראַנקן. מיט אַ שוואַכער שטים האָב איך אים געענטפערט, אַז פאַר מיר איז איצט נישט אינטערעסאַנט דאָס וואָס ער דערציילט מיר, אַז איך בין געקומען כדי באַהאַנדלט צו ווערן ווי אַ קראַנקער.

דער סאַניטאַר האָט אַרויסגעצויגן דעם ציגאַרעט פון מויל, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און געזאָגט מיט אַ לייכטן טאָן:

— דאָס דאַרף אָבער נישט שטערן אונדז זיך אַ ביסל אונטערצוהאַלטן וועןן די שטימונג איז דערצו פאַראַן...

איך האָב, ווי נישט הערנדיק, אַרויסגעצויגן דעם טערמאָמעטער און אַוועקגעלייגט אים לעבן סאַניטאַר. אים האָט אָבער איצט נישט דאָס

אינטערעסירט. ווי איינרעזשיסירט — האָט ער ווידער אָנגעהויבן דער־
ציילן:

— קיין וואַטעגשייד בין איך געקומען פון קאַסעל. דאָרט בין איך
אויך געווען, ווי דאָ, דער הויפּט־סאַניטאַר אין אַ לאַגער. איין מאָל זענען
אַריין צו מיר צוויי פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער קיך, מיט
אָפּגעבריטע הענט. איינע פון זיי האָט מיר אויסגעזען ווי אַ יידישקע.
אַ לאַנגע צייט האָט זי געלייקנט אין דעם, אָבער מיינע אויגן האָבן מיך
נישט גענאַרט. זי האָט סוף כל סוף געמוזט אין דעם מודה זיין. נאָך דעם
זענען מיר געוואָרן זייער פאַרהיימישט. אויף אַזוי ווייט, אַז זי האָט מיר
שפּעטער פאַרטרעטן מיין ווייב, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין דער
היים...

דער סאַניטאַר איז שטיל געבליבן. זיינע אויגן האָבן כסדר מיך אָבסער־
ווירט אין שפּיגל. פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן דער ציל פון זיינע רייד און
פון זיין אָנקוקן מיך אין שפּיגל. איך האָב אַ דריי געטאָן דאָס פּנים צום
סאַניטאַר, אָפּגעמאָסטן אים מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, פאַרקריצט די ציין
און אים שאַרף אָנגעקוקט.

— וואָס קוקסטו אַזוי פרעך אויף מיר? — האָט ער אויסגעשריגן,
אויפשפּרינגענדיק פון דער שטול.

— וואָס ביסטו אויסן מיט דיינע יידישע געשיכטעס? וואָס פאַר אַ
שייכות האָב איך דערמיט? זאָג! ענטפער!

מיר זענען געבליבן שטיין איינער קעגן צווייטן מיט ברייט צעעפנטע
אויגן. פון קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט שווערע טריט. די אומגעריכט
צעעפנטע טיר האָט איבערגעהאַקט די געשפּאַנטע שטימונג. סטעפּאַנס
גרויסער קאָפּ האָט געשטעקט אין דער צעעפנטער טיר. ער האָט גע־
פרעגט ווען כ׳קום אַרויס.

דער סאַניטאַר איז געבליבן שטיין ווי אַ צעמישטער. ער האָט גע־
וואָרפן מיט די אויגן פון מיר אויף סטעפּאַנס קאָפּ, וואָס האָט אין דער
טיר אויסגעזען ווילד. אָט דעם איינדרוק האָב איך נאָך מער פאַרגרע־
סערט, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער טיר און סטעפּאַנס קאָפּ
האָט זיך צוריקגעצויגן. אין קאָרידאָר האָב איך אים דערקלערט, אַז מיר

קענען איצט נישט גיין צו וואַלעצקין, ווייל ער אַרבעט נאַכט־שיכט. מאָרגן מיטאָג־צייט וועלן מיר זיך זען מיט אים.

— ס׳שאַדט נישט, ס׳שאַדט נישט, זאָל זיין מאָרגן — האָט סטעפאַן פאַר גוט גענומען מיינע רייד און זיך אַוועקגעשאַרט מיט זיינע ברײשע טריט צוריק אין קראַנקן־זאַל.

ווען איך בין צוריק אַריין אין צימער איז דער סאַניטאַר געזעסן ביי זיין שרייבטיש מיטן טערמאָמעטער אין דער האַנט. זיין נאָר וואָס צע־רייצטע שטימונג איז פלוצלינג פאַרשוווּנדן. אַ מילדער, מיט ווייכע רייד, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב פיבער און געהייסן מיך אָפּוויקלען דעם באַנדאַזש.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף מיין אָרט און אָנגעהויבן מיט ציטערדיקע הענט אָפּוויקלען דעם באַנדאַזש.

— וואָס האָט דער כלאָפּ פון דיר געוואָלט פונקט איצט? — האָט דער סאַניטאַר ווייטער געפאָרשט.

— אַ פּריוואַטער ענין... — האָב איך געענטפערט קורץ.

— פון וואַנען האָט ער געוווּסט, אַז דו ביסט ביי מיר אין צימער?

— ער האָט אַוודאי באַמערקט ווען איך בין דאָ אַריין...

דער סאַניטאַר האָט ווי איינגעשטימט מיט מיינע רייד און געהייסן ווייזן זיך דעם קראַנקן פוס. באַטראַכטנדיק די וווּנד, האָט ער שטרענג אַ קוק געגעבן אויף מיר און פון זיין מויל האָבן זיך שנעל אַרויסגעשיט די ווערטער:

— דו האָסט אַ געשווילעכץ אין דיך... דו באַהאַלטסט דאָס אויס פאַר מיר... זאָג מיר דעם אמת: וואָס איז די סיבה פון דעם אויסבאַהאַלטן?

— זיץ איך איצט מיט אַ סאַניטאַר אָדער מיט אַן אויספאָרשער?

— ביי דער פראַגע — מיט אַן אויספאָרשער.

— פאַר אַן אויספאָרשער זיץ איך?

די קליאַמקע אויף דער טיר האָט אָנגעהויבן קלאַפּן. ווען דער סאַניטאַר האָט אַ דריי געטאָן דעם שליסל און אויפגעשפּאַרט די טיר, האָט זיך אין צימער אַריינגעשטויסן גזשעגאָזשס אַטלעטישע פיגור. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן און ווייליונגעריש געפרעגט, צי מיר האָבן שוין געענדיקט די שפּיל.

איך האָב שנעל גזשעגאָזשן אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם און כ׳בין מיט אים אַרויס אין קאָרידאָר. דאָרט האָב איך אים שטיל דערציילט, אַז פּראַנעק אַרבעט היינט נאַכט־שיכט און מאָרגן גייען מיר צו אים.

ביים אומקערן זיך צוריק אין זיין צימער האָט דער סאַניטאַר מיך אָפּגעוואַרט אין דער צעעפנטער טיר. ער האָט זי נאָך אונדז פאַרשלאָסן, גענומען דעם שליסל צו זיך אין קעשענע און אָנגעהויבן נערוועז שפּאַנען איבערן צימער, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט געביילטע פויסטן. פון הינטער מיין רוקן האָב איך דערהערט זיין אויפגערעגטע שטים:

— דו ביסט אין לאַגער אַ פאַרדעכטיקטער טיפּ! אָרגאַניזירסט אינטריגעס! זאָג מיר שוין ווער דו ביסט, זאָג דעם אמת!

— מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוו פּריבעל! — האָב איך אויסגעשריגן.

— נישט ריכטיק! נישט ריכטיק! דיין נאָמען איז משה... אָדער יונה! אַ זשיד ביסטו! יאָ! דער, וואָס זיצט דאָ, איז אַ זשיד! אַ זשיד!

איך האָב נאָך אין שפּיגל באַוויזן צו זען זיין אויסגעצויגענע דראָענדיקע האַנט איבער מיין קאָפּ. אַ ציטער איז אַדורך איבער מיין לייב און איך בין געבליבן אין אָנמאַכט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט נאָכהענגענדיקע הענט.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג ס׳האָט געדויערט, ביז איך האָב געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט. ווען איך האָב אין שפּיגל ווידער דערזען דעם סאַניטאַרס אויגן אויף מיר, האָב איך זיך, אַ וואַקלדיקער אויף מיינע פיס, איבערגעזעצט צום שרייבטיש, ווו ס׳איז פון דער צווייטער זייט געזעסן דער סאַניטאַר.

— נו, וואָס האָסטו מיר צו זאָגן איצט, ווען דיין מאַסקע איז אַרונטערגעריסן און דו זיצסט פאַר מיר מיט דיין יידיש פּנים?

אָט די ווערטער האָט דער סאַניטאַר געזאָגט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל, אויסציענדיק דערביי זיין קאָפּ איבערן שרייבטיש נעענטער צו מיר.

— פּאַניע סאַניטאַזשע, איך בין דיר גרייט עפּעס צו זאָגן, אויב דו וועסט מיך אויסהערן מיט געדולד און מיר שענקען אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט.

— וואָס פאַראַ טשעקאַווע זאַכן קענסטו מיר שוין דערציילן — האָט

דער סאַניטאַר מיט חוזק געשאָקלט דעם קאָפּ — נו, דערציייל, איך וועל הערן.

— איך ווייס נישט מיט וועמען און פאַר וועמען איך רעד דאָ — האָב איך אָנגעהויבן — קען זיין, אַז מיט אַ פאַרמאַסקירטן דייטש, וואָס וועט נאָכן ענדיקן מיט מיר, זוכן אַ צווייטן קרבן אין לאַגער. איך וויל אָבער גיכער גלייבן, אַז איך רעד מיט אַ פּאָליאַק, אַ קריסט, וואָס גלייבט אויפ־ריכטיק אין גאָט, וואָס האָט אַ מענטשלעך האַרץ, וואָס איז אַליין אַ גע־רודפטער ביי די דייטשן. ווי פאַר אַזעלכן, בין איך זיך פאַר דיר מודה, אַז איך בין טאַקע אַ ייד.

צו וואָס בין איך אַהערגעקומען קיין דייטשלאַנד און ווי אַזוי האָב איך געקענט אַהערקומען אונטער אַ פרעמדן נאָמען — דאָס איז פאַר־בונדן מיט מיין לעבנס־געשיכטע פון לעצטן האַלבן יאָר. דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין אָט דער קורצער צייט, וואָלט גענוג געווען פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט געלעבט הונדערט יאָר, און ער זאָל נאָך דעם שטאַרבן ווי אַ שווער געפּייניקטער.

איך ווייס נישט, צי דיר איז באַקאַנט דער טרעבלינקער פאַרניכטונגס־לאַגער, ווו די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אַ פאַבריק צו טויטן מענטשן. פון דאָרט בין איך אַנטלאָפן אַ נאַקעטער, געציילטע מינוטן פאַרן אומ־ברענגען. גאָט האָט מיר אַנטקעגנגעשיקט אויפן וועג גוטע מענטשן. דאָס ערשטע מלבוש, אַ פאַרטעך, האָט מיר געגעבן אַן אַלטע פּוילישע פרוי אין אַ וואַלד; דאָס ערשטע העמד, מיט וועלכן איך האָב צוגעדעקט מיין פאַרוווּנדעטע לייב, האָט מיר געגעבן אַ פּאָליאַק מיט אַ מענטשלעך האַרץ. און אַן אַנדערער פּאָליאַק האָט מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, ווו איך האָב צוריק באַקומען דאָס געפיל פון אַ מענטש... אַפילו דאָ אין לאַגער געפינען זיך פּאָליאַקן, וואָס ווייסן מיין פאַרגאַנגענהייט. צוויי פון זיי האָסטו געזען איצט אין דיין צימער. די דאָזיקע פּאָליאַקן האָבן מיר צוגעהאָלפן קומען קיין דייטשלאַנד. אויך זיי זענען פאַראינטערע־סירט, אַז איך זאָל דאָ נישט אַנטדעקט ווערן אַלס ייד. דאָס וואָלט אויך געווען פאַר זיי אַ זיכערער טויט.

איך בין דיר מוחל דיין פאַרפאָלגונג קעגן מיר ביז איצט. איך בין

זיכער, אַז דו האָסט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג פון דעם וואָס דו טוסט. דו, אַליין אַ געפּאַנגענער פּאָליאַק, ביסט דאָך אויך אַ פרומער קאַטאָליק, טאָ פרעג דעם גלח רוטשעווסקי, צי דו האָסט געמעגט אַזוי האַנדלען אַפילו קעגן אַזאַ ווי איך. זאָל דיר דער גלח זאָגן, צי דו דאַרפסט מיך רודפן אָדער באַשיצן. ביסטו באמת אַ גלייביקער קאַטאָליק — טאָ גיב מיר הילף. וועסטו אָבער זיין לגבי מיר אַנדערש — שטעלסטו איין דאָס לעבן פון די אַלע גוטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיר געהאָלפן... און איצט — טו מיט מיר, ווי דיין געוויסן דיקטירט דיר...

אין צימער איז געוואָרן שטיל. לאַנגע מינוטן זענען מיר געזעסן שווייגנדיק. ער מיט זיין פּנים אין די הענט, איך — פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן ראַנד פון דער שטול, מיט אַ שווערן אָטעם, ווי נאָך אַ לאַנג לויפן.

אָט די מינוטן האָבן זיך לאַנג געצויגן. מיין לעבן איז איצט געווען אין די הענט פון אָט דעם סודותפולן מענטש, וואָס איז געזעסן קעגן מיר. איך האָב זיך געשראָקן פאַרן ערשטן וואָרט, וואָס וועט אַרויס פון זיין מויל, אַ וואָרט, וואָס וועט באַשטימען, צי מיינע רייד האָבן אָנגערירט אַ מענטשלעך געוויסן אָדער זיי זענען געווען אַ ווידוי פאַרן טויט...

די שטול, אויף וועלכער ס'איז געזעסן דער סאַניטאַר, האָט זיך אַ רוק געטאָן פון אָרט. דער סאַניטאַר איז אויפגעשטאַנען. ער איז צוגע־גאַנגען צו דער גלעזערנער וואַנט־שאַפּקע און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קליין פלעשעלע. אין אַ האַלב גלאָז וואַסער האָט ער אַריינגעציילט אַ פּאָר טונקעלע טראָפּנס און מיר עס דערלאַנגט צום מויל.

— טרינק, וועסטו זיך באַרויקן...

— פּאַניע סאַניטאַזשע — האָב איך זיך שטיל געבעטן — שענק מיר אַ וואַרעם וואָרט. פון דעם וועל איך זיך גיכער באַרויקן.

— איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן.

— דערקלער דאָס מיר גענויער און קלאָרער.

דער סאַניטאַר האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן מירביים שרייבטיש, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. די הענט אונטערגעשפּאַרט אויף הינטן אין ראַנד פון טיש, און מיטן פּנים צו דער זייט ווו איך בין געזעסן, האָט ער אָנגעהויבן רעדן שטיל, ווי נאָר איך אַליין זאָל קענען הערן:

— פון איצט אָן, נאָך דיין זיך מודה זיין, איז די שפּיל צווישן אונדז געענדיקט. דו האָסט געמוזט קאַפּיטולירן... אָבער דיין ראָל האָסטו גוט געשפּילט. איך בין געווען אַ לאַנגיאָריקער געהיים־אַגענט פון דער פּוילישער פּאָליציי אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב נאָך מיין פּראָפעסיע נישט פאַרגעסן, כאָטש איך טראָג איצט אַ ווייסן פאַרטעך... איך זאָג דיר אויפריכטיק: פאַריאָג פון זיך די שרעק פאַר מיר. האָב צוטרוי צו מיר. אויך מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוו — סטאַניסלאַוו סילוועסטער, אַ גוט־באַקאַנטער נאָמען געווען צווישן טשענסטאָכאָווער יידן... האַלט דאָס פאַר אַ סוד... געדענק, אין לאַגער האַלט נישט אָן מיט מיר קיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט, לעב שטיל און אָן אַוואַנטורעס. מייד אויס צו שפּילן אין קאָרטן. פּיר נישט קיין איבעריקע געשפּרעכן, איבערהויפּט מיט די אינטעליגענטן אין לאַגער. פאַרוואָרף דיינע מאַניערן, גיי פּראָסטער, שווע־רער, פּויעריש: שנייץ אויס די נאָז אין מיטן גאַנג און נוץ נישט קיין נאָז־טיכל. דעמאָלט וועסטו קיינעם נישט ווערן פאַרדעכטיק... אין לאַגער זענען דאָ אויגן, וואָס אָבסערווירן...

נאָך זיינע רייד, וואָס האָבן מיך אָנגעפילט מיט חיות, האָב איך, אַ גערירטער, דריקנדיק זיין האַנט, געזאָגט:

— איך האָב ווידער געהאַט מזל צו באַגעגענען אַ גוטן מענטשן...

דער סאַניטאַר האָט זיך צעשמייכלט און געדרייט מיטן קאָפּ אויף „ניין".

— איך ווייס נישט, וואָס אַזוינס ס'איז גוט זיין. מיך האָט קיינער נישט געקענט פאַר אַזעלכן, ספּעציעל די יידן... אָבער דאָס שטערט מיר נישט צו האַסן די דייטשן פאַר זייערע מערדערייען. איך האָב געזען וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט מיט די יידן אין טשענסטאָכאָוו. איך זע אין דיר אַזאַ טשענסטאָכאָווער ייד, כאָטש איך האָב די יידן נישט ליב געהאַט...

שפּעט אין אָוונט האָט מיך דער סאַניטאַר באַגלייט צו מיין בעט.

## קאַפּיטל זיבן

איך בין ווידער אין מיינע פאַרשטויבטע מלבושים צווישן דער לאַנגער ריי, וואָס רוקט זיך מיט פּאַמעלעכע טריט פאָרויס צו דער ווינדע פאַרן אַראָפּפאָרן אין קוילנגרובן.

די דייטשישע קוילנגרעבער קוקן נאָך אויף אונדז פּאָליאַקן מיט פרעמדע און פיינטלעכע בליקן. זיי קענען נאָך אַלץ נישט פאַרטראָגן פאַר וואָס מיר געפינען זיך צוזאַמען מיט זיי אין אַ ריי. אַ פּאָליאַק, וואָס פאַרשטייט דייטש, קען הערן זייערע געשפּרעכן, פולע מיט שנאה קעגן די אויסלענדער.

אָט שטייט הינטער מיר אַ דייטשישער קוילנגרעבער. מיר איז גוט באַקאַנט זיין קנאָכיק שאַרפקאַנטיק פּנים. ער קען נישט פאַרטראָגן די שפּראַך, וואָס וואַצעק און באָלעק רעדן מיט מיר פריי און נישט קרעמפּירט. ער מוז אָבער היטן זיין אָרט אין דער ריי, שטייט ער אויסגעדרייט צו אונדז מיטן רוקן און קערט זיך אום ערשט דאַן, ווען די ריי דאַרף גיין פאָרויס. דערנאָך דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו אונדז און רעדט ווייטער מיט האַס וועגן די „פאַרפלוכטע פּאָלען".

דער לאַמער וולאַדעק איז צוגעקומען צו אונדז פון דער אונטערשטער טייל ריי כדי זיך דערוויסן אפשר האָט ווער פון אונדז דריי זיך פאַרטוישט מיט זיין לאָמפּ. פּלוצלינג האָט אים דער דייטש הינטער אונדז אָנגעכאַפּט ביים קאַרק און מיט כוח אַוועקגעשטופּט צו דעם אָרט אין דער ריי, וווּ וולאַדעק איז פריער געשטאַנען.

וולאַדעק האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער לאָמפּ אַנטקעגן דייטש. אין דעם מאָמענט האָט ער באַקומען אַ קלאַפּ מיט דער פויסט און ער איז אומגעפאַלן. קיינער פון דער ריי האָט זיך נישט גערירט פון פּלאַץ און נישט רעאַגירט מיט קיין וואָרט. דער דייטש מיט דעם פאַרריסענעם פּנים האָט טריומפירט און מיר האָבן פאַרביסן די ציין און געשוויגן. די ריי איז פאָרויס־

געגאַנגען. איך בין אַראָפּגעפּאָרן און כ'האָב געוואַרט אונטן אויף באַלעקן און וואַצעקן.

ווען זיי זענען אַראָפּגעקומען זענען זיי נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון אַ טיפער איבערלעבונג. זיי האָבן דערציילט:

— ווען די ווינדע מיט די קוילנגרעבער נאָך דער נאַכט־שיכט האָט זיך ווידער באַוויזן און מיר זענען אַריין אויפן 3טן שטאָק, איז דער דייטש וואָס האָט געשלאָגן וולאַדעקן געבליבן דער לעצטער. מיט אַן אויסגע־שטרעקטן קאָפּ האָט ער געוואָלט אַריין אין דער ווינדע. אין דעם מאָמענט האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט. אַ גרויליק געשריי האָט אַ גרילץ געטאָן אין די אויערן. ביי דער טיר איז געלעגן דער אָפּגעהאַקטער קאָפּ פון דייטש, אַ פאַרבלוטיקטער אַנטקעגן דער שיין פון די אָנגעשטעלטע לאָמפּן.

— גאָט האָט אים געשטראָפט — האָט באַלעק געזאָגט זיך אומקוקנדיק צו דער ווינדע.

— ס'איז אַ זינד אַזוי צו רעדן. אין אַזאַ פאַל דאַרף מען נישט אַרויס־ווייזן קיין נקמה — האָט וואַצעק זיך אָנגערופן.

— פאַר וואָס? — האָט באַלעק אויסגעדרייט אַ בייז פאַרקרומט פּנים.

— ווייל יעדער פון אונדז — האָט וואַצעק געשאָקלט מיטן קאָפּ — ווייסט נישט וואָס מיט אים קען געשען אין דעם כאַלערנעם קוילנגרובן.

— אַזאַ טויט — האָט זיך פון באַלעקן אַרויסגעריסן — קומט נאָר אַזעלכע „פּסו־בראַטעס", קורווישע זין. האָסט נישט געזען ווי אַזוי ער איז וולאַדעקן פאַרפאָרן צווישן די אויגן? ער איז גרייט געווען אים צו צע־טרעטן ווי אַ וואָרעם. האָסט שוין פאַרגעסן, ווי דער זעלבער קאָפּ איז מיט אַ מינוט פריער געווען פאַרריסן קעגן אַ פּאָליאַק?

— איך האָב געזען, געזען. אָבער דער דייטש האָט אפשר געמיינט, אַז וולאַדעק וויל איינשטייגן פאַר אים אין דער ווינדע.

— זיי נישט קיין נאַר — האָט אים באַלעק אָפּגעענטפערט — דער דייטש האָט גוט געוווסט, אַז וולאַדעק וועט נישט האָבן קיין מוט זיך צו שטעלן פאַר אים אין דער ריי.

— דאָס איז טאַקע ריכטיק, באַלעק. אָבער ווען כ'האָב געזען דעם פאַרבלוטיקטן קאָפּ, האָב איך פאַרגעסן, אַז דער דייטש האָט וולאַדעקן געשלאָגן.

— פֿאַר וואָס האָב איך נישט פֿאַרגעסן? — האָט באַלעק געפֿרעגט מיט נאָך מער אויפֿרעגונג — ווייל ווען וולאַדעק איז אומגעפֿאַלן, האָט זיך מיר געדוכט, אַז דאָס ליג איך אַ צעשלאָגענער. כ׳האָב זיך דערמאָנט, ווי אַזוי די דייטשן האָבן געשלאָגן מיין טאַטן, ווי אַזוי זיי האָבן אונדז געמאַכט פֿאַר היימלאָזע...

אויפֿן וועג האָב איך דערזען פֿערדינאַנדן, וואָס איז צוריקגעקומען אין קוילנגרובן נאָכן אויסהיילן דעם פֿאַרוווּנדעטן פֿוס. אויף מיין גריסן זיך צו אים האָט ער מיר געענטפֿערט מיט אַ שטומען קאָפּ־שאָקל און נישט ווי פֿריער מיט דעם קלינגענדיקן „גליקאַוף״. איך האָב באַמערקט, אַז ער מיידט אויס זיך צוזאַמענצוטרעפֿן מיט מיר און ער וויל אויך נישט איינשטייגן אין וואַגאָנדל, ווו איך האָב פֿאַר אים צוגעגרייט אַן אָרט צום זיצן.

איך האָב געמיינט, אַז דערמיט וויל פֿערדינאַנד אויסדריקן זיין פֿאַראַכטונג צו מיר צוליב די ברויט־גנבות אין קוילנגרובן. אָבער אין מיטן דער אַרבעט האָבן מיר זיך ביידע צוזאַמענגעטראָפֿן ביים קלייבן האָלץ צום אונטערבויען, און בלייבנדיק אַליין, האָט פֿערדינאַנד געזאָגט, אַז ער האָט נישט געענדערט זיין באַציונג צו מיר, אָבער ער מוז זיך דערמיט אויסהיטן צוליב דער שטרענגער וואַרענונג, וואָס די דייטשישע קוילנגרעבער האָבן באַקומען פֿון די שטייגערס אויסצומיידן יעדן פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די אויסלענדער.

אַז פֿערדינאַנד איז אויפֿריכטיק, האָט ער מיך באַלד איבערצייגט דערמיט, וואָס ער האָט זייער פֿאָרזיכטיק מיר איבערגעגעבן אַ טייל פֿון זיין עסן.

פֿון וואַצעקן און באַלעקן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין משך פֿון די איבער צוויי וואָכן, וואָס איך בין געווען אין שפּיטאָל, האָבן זיי עטלעכע מאָל באַקומען פֿון די שכינותדיקע דייטשישע קוילנגרעבער ברויט מיט וווּרשט. זיי האָבן פֿון אָנהייב נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס די דייטשן זענען פּלוצלינג אַזוי גוט געוואָרן און טיילן זיך מיט זייער עסן. אָבער ווען באַלעק און וואַצעק האָבן זיך דערוווּסט וואָס עס באַדייטן די ווערטער „פּרעס אָבער ניכט שטאָלע״, זענען זיי ביידע געווען דאַנקבאַר דעם, וואָס האָט געהאַט מוט אַרויסצושלעפּן פֿון אַ דייטשישער קעשענע דעם „בוטאָן־בראָט״.

דער מייסטער זאַלעסקי און דער שטייגער ברייטענשטיין קריכן לענג־אויס דער שטרייב. ביידע פֿאַרהאַלטן זיי זיך אויף די אַרבעטס־פּונקטן, כדי צו אָבסערווירן יעדן איינעם ביי דער אַרבעט.

מיטן עק פֿון שטעקן אַנטקעגן מיינע אויגן וואָרנט מיך דער שטייגער, אַז איך וועל נישט קענען אַרויספּאָרן פֿון קוילנגרובן ביז איך וועל נישט פֿאַרענדיקן מיין נאָרמע קוילן.

נאָכן אַוועקגיין פֿונעם שטייגער קומט זאַלעסקי. ער שרייט נישט, ער דראָט נישט, אָבער ער חזרט איבער אַ פּאָר מאָל, אַז אַלע מוזן היינט פֿאַרענדיקן די אַרבעט צו דער צייט, ווייל די נאָכמיטאָג־שיכט קומט איבערשטעלן די מאַשינען ביי דער קוילנוואַנט.

קלאַפּן די לופֿט־האַמערס. שטיקער קוילן רייסן זיך אָפּ און פֿאַלן מיט טעמפּע אָפּהילכן. עס רוישן די אָנגעלאָדענע מאַשינען. שאַרפֿע האַנט־זעגלעך שניידן די דיקע קלעצער. שווערע האַמערס פֿאַרפֿעסטיקן די דעמ־בענע סלופּעס. אין אונטערערדישן רוים ציטערט די פֿאַרשטויבטע לופֿט מיט באַוועגונג פֿון מענטש און מאַשין.

האַלב נאַקעטע שטייען פֿאַרשטויבטע קוילנגרעבער מיט אָנגעשטרענגטע מוסקולן און רייסן שטיקער פֿון דער קוילנוואַנט. זייערע איינגעבויגענע שוואַרצע לייבער זעען אויס אין דעם שטויב־וואָלקן ווי קרומע קוילן־שטי־קער. פֿון דער פֿאַרנעפּלטער שיין רייסט זיך אַ פֿאַרביסענער מענטשלעכער כוח אַנטקעגן דער אונטערערדישער ווילדער נאַטור.

מיט די שעהען, וואָס גייען פֿאַרויס, רוקט זיך דער קוילנגרעבער אַלץ טיפֿער און טיפֿער אין די געלעכערטע שטיינערנע טונעלן.

אונדזער מאָרגן־שיכט מוז אויסגראָבן די פֿאָרויס־באַשטימטע קוילן־נאָרמע. אַזוי פֿאַרלאַנגט דער קריגס־מעכאַניזם. קוילן איז דער טרייב־כוח פֿון דער מלחמה־אינדוסטרי. דאָס ווייסן די שטייגערס, דאָס ווייסן די דייטשישע קוילנגרעבער, דאָס מוזן אויך וויסן די אויסלענדישע שקלאַפֿן — צי זיי ווילן יאָ אָדער נישט. דער שטייגער איז גרייט מיך דורכצושטעכן מיטן שפּיץ פֿון לופֿט־האַמער, אויב איך וועל זיך קעגנשטעלן זיין ווילן.

אויף אַ מרחק פֿון עטלעכע מעטער פֿון מיר שטייט דער יונגער מאַסי־ווער דייטש פֿרידריך. דעם שווערן לופֿט־האַמער באַוועגט ער מיט זיינע

קרעפּטיקע הענט ווי מיט אַ לייכט שפּילצייג. די קוילנוואַנט גיט זיך אונטער זיין גבורה און צעפאַלט שטיקווייז אַרום זיינע פיס.

דער שטייגער וויזט אָן מיטן שפּיץ פון זיין שטעקן אין דער ריכטונג צו פרידריכן און שרייט מיר אין פּנים אַריין:

— זאָ, קערל, בראַוכסטו אַרבייטען!

דער סוף פון דער צווייטער האַלבער שיכט דערנענטערט זיך. פרידריך זיצט אויף אַ שטיק קויל און שמעקט טאַבאַק. ער קוקט אַראָפּ אין דער טיפקייט פון שטרייב, וואָס זעט אויס מיט די אונטערגעבויטע קלעצער, ווי אַ באַרגיקער ראַנד פון אַ וואַלד מיט נאַקעטעביימער. פרידריך חוזקט פון מיין שווערער אַרבעט...

— שטאַכו — שרייט ער אַראָפּ צו מיר — נאָך איין שטונדע, איזט שיכט!

פרידריך האָט אַ גרונד צו זיין גוט געשטימט. היינט איז שבת, דער לעצטער טאָג פון דער וואָך. מאָרגן וואַרט אויף אים אַ פרייער טאָג.

דער שטייגער לויפט אָן און צעשרייט זיך איבער מיין איינגעבויגענעם רוקן:

— קערל! מאַך מאַל דאַס שנעלער!

ווען דער שטייגער גייט אַוועק רייצט זיך מיט מיר פרידריך:

— שטאַכו, דו מאַכסט הויטע לענגער...

— און דו, פרידריך, בלייבסט מיט מיר.

— איך האַבע הויטע צוויי וויבער. איך מוז שנעל...

פרידריך באַוויזט נישט צו פאַרענדיקן און ער שפּרינגט אָפּ טיפער צו מיר. ער בלייבט שטיין מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק אַרויף צו דעם אָרט, וווּ ס'האָט געפּלאַצט דער שטיין איבער זיין קאָפּ און צו די נאָר וואָס אונטערגעבויטע קלעצער, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך איינבייגן און ברעכן.

באַרג־אַראָפּ, אונטער אונדז, דערהערט זיך אַ געשריי. פון אַ געדיכטן וואָלקן שטויב קומט וואַצעק אַרויס מיט די הענט אויף זיין צעבלוטיקטן קאָפּ און ער רופט הילף.

אין שטרייב גייען זיך פונאַנדער דונערדיקע אָפּהילכן פון די זיך

אײנברעכנדיקע קלעצער. טעמפּע קלעפּ פון אָפּגעריסענע שטיינער צעבלאָזן אַ גרויען שטויב. אַ ליאַרעם־רוף גייט איבער פון פּונקט צו פּונקט:

— „די שטרייב אָם ברוך"!

עס בלייבן שטיין די מאַשינען. די גאַנצע שאַכט איז אין אַלאַרם־צו־שטאַנד. דער האָלץ־טראַנספּאָרט אַרבעט אָן איבעררייס. דיקע קלעצער ווערן פלינק אויסגעמאָסטן און אונטערגעבויט לעבן די איינגעבראָכענע. זעגלעך, העק, און שווערע האַנט־האַמערס באַוועגן זיך פיבערדיק.

דער שטייגער מיטן מייסטער קריכן מיט פאַרריסענע פּנימער צום שטיינערנעם סופיט. קוילנגרעבער, באַלאָדן מיט זייער אַרבעטס־געצייג, אײלן צו הילף די באַדראָטסטע ערטער. פון הינטן יאָגט אונדז דאָס היס־טערישע קול פונעם שטייגער: „שנעל! שנעל! העכער! נאָך העכער! פּונקט 27! 30! 35!"

טראַך.

עס ווערט שוואַרץ פאַר די אויגן. אַ דינער שטויב מיט אַ ביטערן ריח פאַרקריכט אין די נאָזלעכער און אין די צעעפנטע מיילער. מען רייבט די אויגן און צווישן פונאַנדערגעגאַנגענעם וואָלקן שטויב דערזעט מען אין מיטן וועג אַ באַרג צעקרישלטע שטיינער. פון סופיט קוקט אַראָפּ אַ טיפער וויסטער לאָך.

דער וועג איז פאַרשטאָפּט. דער שטייגער באַפעלט צו מאַכן אַ דורכ־גאַנג. מיט פאַרביסענער עקשנות ווערט דורכגעהאַקט אַ לאָך און מ'קריכט אַריבער אויף דער אַנדערער זייט באַרג. מיר דערגרייכן די אָנגעוויזענע פּונקטן, ווו קוילנגרעבער מאַטערן זיך ביים אונטערבויען די געפּלאַצטע שטיינער איבער זייערע קעפּ.

דער שטייגער ווייזט מיר אָן אַן אָרט לעבן צוויי קוילנגרעבער. איינער, אַ דייטש מיט צעדראַפּעטע אַקסלען, און דער צווייטער, אַ פּאָליאַק מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. איך נעם זיי העלפן אין דער סכנותדיקער אַרבעט. מיר דאַכט זיך, אַז אָט־אָט רייסט זיך אָפּ איבער מיין קאָפּ אַ נאָכהענגענ־דיקער שטיין. אָבער דאָס איז נישט מער, ווי אַ דורכלויפנדיקער געדאַנק. די פיבערדיקע אַרבעט לאָזט נישט טראַכטן. די געפאַר פון אַן איינברוך

דראָט אַלעם מיט טויט און יעדער איינער מיט זיין ענערגיע און אָנשטרענגונג שיצט זיין אייגן לעבן.

אַ שטיין־שפּליטער פּאַלט אויף מיין העלם. איך דערפּיל אַ דריק אויפן קאָפּ און שפּרינג אָפּ אין אַ זייט. דער דייטש, מיט וועלכן איך אַרבעט, שרייט: „שייסע מיט דיין קאָפּ" און לאָזט מיך נישט אָפּשטיין פון דער אַרבעט.

פון דער טיפקייט אין שטרייב באַווייזן זיך באַוועגלעכע ליכט־פּונקען. עס קומען אָן די קוילנגרעבער פון דער נאָכמיטאָג־שיכט. זיי דראַפּען זיך אַרויף צו די פינצטערע לעכער, און מיר, פון דער מאָרגן־שיכט, שאַרן זיך מיט דער רוטשע אַראָפּ צום אַרויסגאַנג פירנדיק מיט זיך אין דערהרגעטן און אין שווער־פּאַרווונדעטן.

# קאַפּיטל אַכט

פרילינג 1943. די ביינאַכטיקע לופט־אַנגריפן אויף די וועסטפאַלישע שטעט ווערן שטאַרקער. יעדן אָוונט וואָיען אָפטער די אַלאַרם־סירענעס ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. פאַרשלאָפענע לויפן די לאַגעריסטן נאָך יעדן אַלאַרם צו די לופטשוץ־קעלערן.

די ביינאַכטיקע לופט־אַנגריפן זענען דער עיקר געווענדט אויף די קאָנצענטרירטע פונקטן פון דער שווער־אינדוסטריע. אונדזער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט דריי גרויס־אינדוסטריעלע שטעט: געלזענקירכען, וואַטענשייד און העסען. ביי יעדן לופט־אַנגריף אויף די דאָזיקע שטעט געפינט זיך אונדזער לאַגער אין אַ דירעקטער געפאַר באָמבאַרדירט צו ווערן.

מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו די אַלאַרם־סירענעס. ווען נישט די וואַכלייט, וואָס יאָגן אונדז מיט ווילדע געשרייען צו די לופטשוץ־קעלערן, וואָלטן די לאַגעריסטן געבליבן ליגן אין די בעטן און רויק געשלאָפן. עס האָט אויסגעזען, אַז די אַלאירטע אַוויאַציע ווייסט גענוי ווי אויסצומיידן די ערטער וווּ עס געפינען זיך די לאַגערן. אַזאַ מיינונג האָט געהערשט צווישן די לאַגעריסטן.

שפּעט אין דער נאַכט. נאָך דעם שווערן טאָג אַרבעט ליגן פאַרמאַטערטע לאַגעריסטן אין די בעטן. זיי שלאָפן, אָבער זיי הערן, ווי אין חלום, די וואָיענדיקע אַלאַרם־סירענעס פון די אַרומיקע שטעט. איינצלנע הייבן אויף די קעפּ, קוקן מיט אויפגעריסענע אויגן אין דער באַראַק־פינצטערניש און לייגן זיך צוריק אַוועק מיט אַריבערגעצויגענע קאָצן איבער די קעפּ. דאָס וואָיען פון די אַלאַרם־סירענעס זעט אויס צו קומען פון גאָר ווייט.

פּלוצלינג דערהערט זיך אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע פון זעניט־האַרמאַטן. איבער די באַראַק־שויבן לויפן דורך ליכט־פאַרביקע ראַקעטעס, און גלייך

נאָך דעם הילכן אָפּ דעטאָנאַציעס. די ערד טוט אַ ציטער און די דריישטאָ־קיקע בעטן טרייסלען זיך. ליכט־פּאַסן יאָגן און פאַרפלאָנטערן זיך אונטערן שוואַרצן הימל, פון וואַנען מ׳הערט אַ שווער געוויש. האַלב נאַקעטע, מיט די קליידער אין די הענט, לויפן די לאַגעריסטן צו די לופטשוץ־קעלערן.

מיר פאַרשווינדן אין די לאַנגע געדרייטע קעלערן. דאָס ברומען פון אַעראָפּלאַנען דרינגט אַריין דורכן בעטאָנענעם דאַך איבער אונדז. שווערע באָמבעס הייבן אָן פאַלן און צערייסן די לופט מיט אַ פייפנדיקן גערויש. דער באָדן אונטער די פיס טרייסלט זיך און שליידערט אונדז אין שמאָלן פינצטערן רוים פון איין וואַנט צו דער צווייטער. מען כאַפּט זיך אָן איינער אין צווייטן און אַלע פאַלן צוזאַמען. פון די צעהוידעטע ווענט פאַלט אַ זאַמדיקער שטויב. אין דער שטיקנדיקער פינצטערניש זוכן מענטשן אַן אָנהאַלט אין די תּפילה־ווערטער: „מאַטקאָ באָסקאָ, זליטוי שיען!“ (הייליקע מוטער, האָב רחמנות).

ווען ס׳ווערט שטילער, הייבט מען אָן שטופּן זיך צום אַרויסגאַנג. איבער העסען איז דער הימל פאַרצויגן מיט רויטע פלאַמען. דער האָריזאָנט איבערן לאַגער שיינט פון די שריפות, וואָס שפּרייטן זיך פונאַנדער און ווערן נענטער און העלער. די הויכע פאַבריק־קוימענס און געלזענקירכען זענען באַלויכטן מיט אַ העלן פלאַקער און אין דער ווייטקייט זעען זיי אויס, ווי ברענענדיקע פאַקלען.

אויפן לאַגער־שטח איז ליכטיק, ווי אין אַ מיטן העלן טאָג. אַ האַלבער באַראַק ליגט איינגעפאַלן און פון אונטער די חורבות ראַטעווען לאַגעריסטן זייערע פאַרשאָטענע זאַכן. עטלעכע מענטשן רופן הילף מיט פאַרשטיקטע קולות פון אונטער די איינגעפאַלענע באַראַקן־ווענט.

עס הייבט אָן שפּראָצן אויף טאָג. איבערן הימל לעשן זיך די שריפות. די רויך־זיילן נידערן פּאַמעלעך צו דער ערד. דער טונקל־גרויער פאַררויכערטער הימל הענגט נידעריק איבער די שפּיציקע בערג אַרום דער שאַכט „האָלאַנד“.

דער נאַכטוועכטער לויפט אַרום איבער די באַראַקן, פייפט און רופט: „מאָרגען־שיכט, איינטרעטן“! ער רופט מיט דעם זעלבן רויקן טאָן, ווי אין לאַגער וואָלט גאָרנישט געשען.

ביים איינגעפאַלענעם באַראַק גרייט זיך אַ טייל פון דער מאָרגן־שיכט. די מענטשן זוכן זייערע פאַרשאָטענע קליידער. זיי ליגן נישט קיין אַכט אויפן וועכטערס פייפן און אויף זיין רופן צו דער אַרבעט, און זיי בייגן זיך איבערן באַרג ברעטער. דער וועכטער ציילט נערוועז די אויסגע־שטעלטע „פינפטלעך" און געפינט נישט די פולע צאָל לאַגעריסטן פאַר דער מאָרגן־שיכט.

זבישעק און יאַנוש, וועלכע העלפן דעם וועכטער צונויפזאַמלען די מענטשן, ווייסן געננוי ווער עס פעלט נאָך. זיי לויפן אַרום איבערן לאַגער, באַלייכטן מיט זייערע נאַכט־לעמפּלעך די פנימער פון די האַלב נאַקעטע און באָרוועסע. באַגעגענען זיי עמעצן פון דער מאָרגן־שיכט, פאָדערן זיי אים אויף צו שטעלן זיך אין דער ריי אויף אָפּצומאַרשירן צום קוילנגרובן. די נישט־געהאָרכזאַמע דראָט זבישעק מיט רעפּרעסיעס. אָבער זיי ווייזן די באָרוועסע פיס און האַלב נאַקעטע מאַכן זיי זבישעקן פאָרוווּרפן פאַר וואָס ער פאַרשטייט נישט, אַז אין אַזאַ הולך קענען זיי נישט גיין צו דער אַרבעט.

— דו וועסט יאָ גיין! — שרייט זבישעק איינעם פון זיי אין פנים אַריין און שלעפּט אים פאַרן קאָלנער פון העמד.

— איך וועל נישט גיין! — ציט זיך יענער מיט כוח צוריק.

יאַנוש הייבט אָן פייפן, און איידער עס קומען צו לויפן די דייטשישע וואַכלייט, פאַרשווינדן די אַלע פון דער גרופּע צווישן די באַראַקן. בלויז דעם איינעם האַלט נאָך זבישעק פאַרן קאָלנער און אַמפּערט זיך מיט אים.

— וועסט יאָ גיין!

— גיב מיר אָנצוטאָן!

— באָרג זיך ביי וועמען פון דיינע שכנים.

— ניין, דו מוזסט מיך באַזאָרגן מיט אַ מלבוש צו דער אַרבעט.

זבישעק גיט אים אַ שליידער אָפּ פון זיך און גייט אַוועק אַ צעקאָכטער. אויפן וועג צו דער שאַכט האָב איך זיך דערמאָנט אין באָלעקן. איך זוך אים אין די פאָרנטדיקע און הינטערשטע רייען — ער איז אין ערגעץ נישטאָ.

— איז באָלעק געבליבן אין לאַגער? — פרעג איך וואַצעקן.

— קענסט נישט באָלעקן? ער מיינט, אַז אויב די אַמעריקאַנער האָבן

געוואָרפן עטלעכע באָמבעס און צעבראָכן אַ באַראַק אין לאַגער, איז שוין צו סוף צו דער מלחמה...

ווען מיר זענען צוריקגעקומען פון קוילנגרובן זענען צום לאַגער פאַר־פאָרן דריי קעטשלעך, באַגלייטע פון אַ קליינעם אויטאָ, פון וועלכן ס׳זענען אַרויסגעשטיגן אַ פּאָר געסטאַפּאָ־לייט. באַלד נאָך זייער אָנקומען זענען זיך די וואַכלייט צעלאָפן איבערן לאַגער מיט די פייפלעך אין די מיילער און אַלעמען אויפגעפאָדערט אַרויסצוגיין פון די באַראַקן.

אין משך פון געציילטע מינוטן זענען אַלע לאַגעריסטן געשטאַנען אין לאַנגע רייען. זבישעק בראש פון די געסטאַפּאָ־לייט האָט דערקלערט מיט אַ הויכער שטים, אַז די אַלע נומערן, וואָס ער וועט אויסרופן, זאָלן אַרויס פון דער ריי און זיך שטעלן אויף אַ באַזונדערן אָנגעוויזענעם פּלאַץ. באָלעק איז געווען דער לעצטער אויסגערופענער נומער. איך האָב געזען זיינע לאַנגזאַמע דערשראָקענע טריט צו יענעם אָרט לעבן די פּאָליציי־קעטשלעך.

— דאָס איז זבישעקס אַרבעט. ער דינט גוט די דייטשן — מיט די ווערטער זענען די לאַגעריסטן צוריקגעגאַנגען אין די באַראַקן.

באָלעקס אַוועקגיין פון לאַגער אויף אַזאַ אופן האָט מיך פאַרדראָסן. איך האָב אים באַדויערט, וואָס צוליב זיין לייכטזיניקייט האָט ער זיך אַליין אויסגעשטעלט אויף שווערע יסורים אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

באָלעקס בעט איז פאַרנומען געוואָרן דורך אַ צווייטן און דאָס האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ ווייטיקלעך געפיל. האָב איך דאָך מיט באָלעקן צוזאַמען דורכגעמאַכט אַ שטיק וועג פון מיין הימלאָז לעבן: מיט אים צוזאַ־מען געוווינט אין ר. ג. או. — אַנשטאַלט פאַר פּליטים אין וואַרשע; מיט אים צוזאַמען בין איך אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד. אין פאַרשידענע שווערע מאָמענטן האָט ער געלינדערט מיין איינזאַמקייט, ביז איך האָב זיך פאַר־היימישט מיט דער נייער סביבה. באָלעק איז געווען מיין אָנשפּאַר, מיין לעבעדיקער „ריין־אַרישער" דאָקומענט...

וואַצעק דאַקעגן האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו דעם וואָס ס׳איז געשען מיט באָלעקן. אויב ער האָט זיך אין אים דערמאָנט אַ מאָל, איז עס געווען נאָר דאַן, ווען ס׳איז צו רייד געקומען וועגן די אַרעסטירטע. וואַצעק

האָט דערביי געמאַכט אַ פּשוטן חשבון, אַז איין טאָג נישט אַרבעטן אין קוילנגרובן האָט נישט געלוינט אויסצוטוישן אויף 30 טעג קאָנצענטראַציע־לאַגער. און צוליב נאָך איין זאַך האָט וואַצעק באַדויערט באַלעקס אַוועק־קומען: דאָס איז געווען אין יענע נאַכט־שעהען ווען דער נייער שכן אויף באַלעקס בעט האָט אָנגעהויבן שנאָרכן און נישט געלאָזט אים רויק איבער־שלאָפן די פּאָר שעה.

וואַצעק האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף אונדזער נייעם שכן פּיאָטר — אַ דאָרפישער פויער־יונג מיט אַ פאָרעמלאָז שווערן גוף און אַן אָנגעלאָפן געפּאַקט פּנים. ער האָט געהאַט אַ משונהדיקן גאַנג און אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ פערד אין שפּאַן.

אָפּשטויסנדיק איז פּיאָטר געווען אויך ביים רעדן: מיט זיין גראָבער, רויער שטים און פּראָסטער שפּראַך פון ברייט צעעפנטן מויל און מיט די גרויסע פאַרגעלטע ציין צווישן די צוויי פליישיקע ליפּן.

קיינער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן פּיאָטרן ביים עסן, ווען פון זיין רויטער צעוואַרעמטער נאָז האָט גענומען רינען איבערן פאַרגאָווערטן מויל, ווי ער וואָלט איינגעטונקען דאָס פּנים אין דער שיסל גרינער זופּ.

פּיאָטר האָט ביי זיינע נייע שכנים געקריגן אַ צונאָמען „בעלגיש פערד“, נישט בלויז צוליב זיינע מאַסיווע גלידער, וואָס ער האָט אַזוי שווער באַ־וועגט, נאָר אויך צוליב דער שפּיציקער טשופּרינע, וואָס פלעגט אים שטענדיק נאָכהענגען צווישן די אויגן.

ער האָט געפילט, אַז מ׳לײדט אים נישט. ער פלעגט זיך זעצן ביים עק פון לאַנגן טיש, אָפּגעזונדערט פון אַלע, און קוקן די גאַנצע צייט אויף זיינע ברייט צעגאָסענע שיך.

פּיאָטר האָט פאַרשטאַנען, אַז וואַצעק און איך ווילן אים נישט האָבן צווישן זיך, אָבער ער האָט זיך געפילט אויף זיין בעט אַזוי אומגעשטערט, ווי יעדער איינוווינער אין באַראַק, און אים איז נישט אָנגעגאַנגען, צי עס אַרט עמעצן זיין כראָפּען פון שלאָף.

ווען פּיאָטר האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אַוועקגעלייגט צווישן אונדז, האָט אים נישט געקענט פאַרטראָגן אַפילו דאָס בעט, וואָס האָט אונטער אים געקרעכצט בעת ער האָט זיך איבערגעדרייט אָדער אַ וואָרף געטאָן מיט

זיינע שווערע הענט און פיס. באַלד נאָכן איינשלאָפן האָט ער אָנגעהויבן בלאָזן מיט די נאָזלעכער ווי אַ קו אין שטאַל. ער האָט אַלע שכנים אַרום זיך איבערגעוועקט. די קללות און זידלווערטער, וואָס די שכנים האָבן געשיקט צו זיין בעט האָט פּיאָטר אַפילו נישט געהערט. איבערגעריסן דאָס כראָפּען האָט ער ערשט דאַן, ווען וואַצעק האָט מיט אַ שוך געקלאַפּט אין די ברעטער איבער זיין בעט. אָבער ווי נאָר וואַצעק האָט צוריק אַוועקגעשטעלט דעם שוך אויף דער ערד, האָט מען ווידער דערהערט פּיאָטרס כראָפּען. צו אונדזער בעט האָבן אָנגעהויבן פליען שטרויענע קאָפּ־קישעלעך און מער האָבן מיר יענע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן.

אויף צו מאָרגנס האָבן די שכנים געפאָדערט, אַז מ׳זאָל פּיאָטרן באַזייטיקן פון באַראַק. די דייטשישע וואַכלייט האָבן אים געוואָלט געבן אַ בעט, וואָס ער זאָל פאַר זיך אויפשטעלן אין וואַש־רוים ביז זיין איינגעפאַלענער באַראַק וועט צוריק אויפגעבויט ווערן, אָבער פּיאָטר האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון און יעדן פון אונדז האָט ער געשאָלטן אין דער מאַמען אַריין. ער האָט געראָטן די, וואָס קענען צוליב אים נישט שלאָפן, אַז זיי זאָלן ווירקן אויפן לאַגער־פירער מען זאָל אים, פּיאָטרן, צוריק אַהיימשיקן קיין פוילן.

דאָס איז געווען אַ נאַכט ערב אַ פרייען זונטיק. די שכנים האָבן פאַרלאַנגט פון פּיאָטרן אַז ער זאָל זיך באַמיען וואָס ווייניקער צו כראָפּען, כדי זיי זאָלן זיין אויסגעשלאָפן צום מאָרגנדיקן רוטאָג. זיי האָבן אים געדראָט מיט אָנטאָן צרות ביינאַכט. פּיאָטר האָט זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן מיט זיינע פּעקלעך אין דעם נאָר וואָס צוריק־אויפגעשטעלטן, נאָך ליידיקן באַראַק.

די שכנים האָבן זיך געדרייט אויף די געלעגערס. עפּעס האָט זיי געוועקט און זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס עס שטערט זיי אין שלאָף. אויך וואַצעק האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער און מיך נישט געלאָזט איינשלאָפן. איינער פון די שכנים האָט אָנגעהויבן כראָפּען מיט אַזאַ אָפּהילך, ענלעך צו פּיאָטרס כאָרכלען. דאָס האָט אַלעמען איינגעשלעפערט...

אַ פרייער זונטיק. קיינער גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט. אַלע געפינען זיך אין לאַגער. ביי אונדז אין באַראַק איז פון באַלד אין דער פרי

אָן פֿול די לופֿט מיט טאַבאַק־רויך, רעשיקע רייד און קריגערייען צוליב דער ענגשאַפֿט פֿון די צוזאַמענגערוקטע בעטן: מען האָט געמוזט מאַכן פּלאַץ פֿאַר אַ טייל לאַגעריסטן פֿונעם איינגעפֿאַלענעם באַראַק.

וואַצעק און נאָך צוויי שכנים קענען דאָס מאָל נישט פֿאַרטראָגן דעם צו גרויסן טומל און די געדיכטע לופֿט אין באַראַק, זיי רופֿן מיך אויף אַ שפּאַציר אויסערן לאַגער, מיר גייען אַוועק אין דער ריכטונג, וואָס פֿירט צו די צענטראַלע גאַסן אין געלזענקירכען.

מיר בלייבן שטיין ביי אַ גרויסן שויפֿענצטער מיט שיין־אויסגעשטעלטע מאכלים, וואָס זענען געווען פֿריי צו באַקומען נאָר פֿאַר דייטשן.

מיט זשעדנע אויגן קוקן מיר אויף די אויסגעברוינטע קאָטלעטן פֿון פֿערדיש פֿלייש, אַרומגעלייגט מיט קאַרטאָפֿל, אויף די פֿאַרשידענע מינים געפֿרעגלטע פֿיש — אַפּעטיטלעך סערווירטע אויף געבלימטע טעלערס.

— דאָס וואָלט געגנוג געווען פֿאַר אונדז פֿיר? — פֿרעגט וואַצעק מיט צעשפּילטע אויגן.

— מיט פֿיר גרויסע פּאָרציעס ברויט, אפשר — רופֿט זיך אָן איינער צווישן אונדז.

— און איך זאָג אייך, אַז אין מיין מויל וואָלט איך דאָס נישט גענומען.

— פֿון וואָס ביסטו דאָס אַזוי זאַט געוואָרן? פֿון דער שוואַרצער בי־טערער קאַווע? — קוקן זיך אום צו מיר מיינע חברים מיט שפּאָטישע בליקן.

— לאַכט נישט, קוקט זיך גוט איין — מאַך איך זיי נייגעריק — וועט איר זען, אַז דאָס קען מען עסן נאָר מיט די אויגן.

מיינע חברים גראָבן טיפֿער איין די אויגן אין שויפֿענצטער און זיי איבערצייגן זיך, אַז די אויסגעשטעלטע מאכלים זענען טאַקע נישט מער ווי רעקלאַמע. דאָס ריכטיקע עסן באַקומען די דייטשן, וואָס זיצן אין רעס־טאָראַן אַרום די טישלעך.

— אין זייער מאַמען אַריין — שאָקלט וואַצעק מיטן קאָפּ — גיי ווייס, אַז דאָס איז גאָר געמאַכט פֿון עפּעס אַזאַ דרעק, אַז אַ הונט וועט זיך דערצו נישט צורירן.

פֿון אַ טישל אַנטקעגן פֿענצטער פֿון רעסטאָראַן האָט זיך אויפֿגעהויבן

אַ יונגער סאָלדאַט, אָנגעלענט אויף אַ קוליע, און ער האָט געמאַכט אַ פּאָר הינקענדיקע טריט צום אַרויסגאַנג. פּלוצלינג דערזע איך דעם איינפּיסיקן סאָלדאַט שטיין אָנגעבויגן צו מיר מיט אַ פאַרדעכטיקטן בליק.

— וואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר? — פרעג איך דעם דייטש.

דער דייטשישער סאָלדאַט, אַ שטילשווייגנדיקער און פאַרטראַכטער, גלייכט זיך אויס. די קוליע אונטערן אָרעם שטעלט ער אַוועק שטראַם, ווי זיין פוס. זיין שאַרפער בליק לאָזט זיך אַראָפּ פון מיין פּנים צו מיין ברוסט מיט דער אויסגענייטער „פּ״, צו די שווערע אַרבעטס־שיך, און קערט זיך צוריק צו מיין פּנים מיט די שפּיציקע באַקן־בערדלעך און שמאָלע צוגע־שניצטע וואָנסעס.

— צום טויפעל! איך קאָן דיך פאָן אירגענדוווּ אין פּאָלען...

— ניקס פערשטיין — שטעל איך אָן אַ תמעוואַט פּנים און איך ציִ מיט די אַקסלען.

פון די טישלעך אין רעסטאָראַן הייבט מען אָן צו קוקן אויף אונדז דורכן פענצטער. דער דייטש דערפילט זיך אומבאַקוועם צו שטיין מיט אונדז, די נישט גוט געזעענע, אויף די שטאָטישע גאַסן. אַן אַנטוישטער פון דעם טעות, וואָס ער האָט געמאַכט, טוט ער אַ ציִ די קוליע אויף צוריק צום אַריינגאַנג אין רעסטאָראַן. מיר גייען אַוועק פון דעם אָרט.

מיינע חברים זענען נייגעריק, וואָס דער דייטשער זעלנער האָט פון מיר פאַרלאַנגט.

— דער טשאָרט ווייסט אים, דעם שיכורן שוואַב, וואָס ער האָט געוואָלט פון מיר. מ'האָט נישט געדאַרפט בלייבן שטיין ביי דעם דרעקישן שויִ־פענצטער.

— אים האָט אַזוי שטאַרק אַ ציִ געטאָן אַהין — האָבן מיר אַלע געהאַט טענות צו וואַצעקן.

אין לאַגער האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט און פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דער אויסזען פון דייטשישן סאָלדאַט, וואָס האָט מיך דער־מאָנט אין שטעטעלע סטערדין. אין אַ שטילן זומערדיקן פאַרנאַכט איז צו מיין פענצטער צוגעקומען דער יוגנטלעכער פּיניע, אַ זון פון מיין שכן איטשע דעם בעקער, און מיר פאַרטרוילעך דערציילט וועגן פאַנטאַסטישע

קריגס־פלענער פון ענגלאַנד און אַמעריקע. ער האָט וועגן דעם געלייענט אין אַן אומלעגאַל בלעטל.

פיניע האָט גערעדט מיט אַן אייליק לשון, צו יעדן וואָרט האָט אים צוגע־פעלט אַן אות און איך האָב קוים פאַרשטאַנען די נישט פאַרענדיקטע ווער־טער. אין מיטן פון זיינע רייד איז פלוצלינג אויסגעוואַקסן הינטער זיינע פּלייצעס אַ יונגער דייטשישער סאָלדאַט און אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען:

— יודע! דו טרייבסט פּאָליטיק!

דאָס איבערגעשראָקענע יינגל האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, אַליין נישט ווייסנדיק וואָס ער רעדט.

דער זעלנער, אַן אָפּטער אַריינגייער צו מיין גוישן באַלעבאָס׳ טאָכטער האָט פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל אים אויפקלערן וואָס דער „יונגע האָט געקוואַטשט״. איך האָב דעם זעלנער דערציילט, אַז דאָס האָט ער זיך באַרימט פאַר מיר מיט אַרויסגעשיקטע שפּייז־פּאַקעטן פון זיינע ענגלישע און אַמעריקאַנער קרובים. דער זעלנער האָט זיך גראָב צעלאַכט און ער איז צוריק אַוועק הינטער דער וואַנט צו דער שיקסע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1940, אין פּוילישן שטעטעלע סטערדין, ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט.

און איצט, מיט דריי יאָר שפּעטער, אין געלזענקריכען, מערב־דייטש־לאַנד, שטייט דער זעלבער סאָלדאַט מיט איין פוס אויף אַ קוליע, און איך טראָג אַ גוישע מאַסקע אויף מיין פּנים...

## קאַפּיטל נײַן

יעדן זונטיק האָבן זיך געטוישט די שיכטן. דאָס מאָל זענען מיר פון דער מיטאָג־שיכט איבערגעגאַנגען אויף נאַכט־אַרבעט.

ביים נעמען דעם אַרבעטס־נומער האָט מיר זאַלעסקי געהייסן צוגיין צום פענצטערל ווּ עס איז געזעסן אונדזער שטייגער ברייטענשטיין. ער האָט מיר אויסגעשריבן אַ שיין און מיט דעם געהייסן מיך מעלדן זיך צום שטייגער העשקע. העשקע האָט פאַרשריבן מיין אַרבעטס־נומער און מיך איבערגעשיקט צו דעם אָרט, ווּ איך האָב געדאַרפט זיך פאַראייניקן מיט זיין גרופּע קוילנגרעבער.

אַחוץ וואַצעקן און נאָך עטלעכע לאַגעריסטן, מיט וועמען איך האָב ביז איצט צוזאַמען געאַרבעט, זענען כמעט אַלע פון דער גרופּע, דאָס רוב דייטשן, געווען פאַר מיר אומבאַקאַנט. און כאָטש איך האָב געוואָלט גלייבן, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר מיר נישט צו הערן מער די היסטערישע שטים פון שטייגער ברייטענשטיין און נישט צו זען זיין דראָענדיקן שטעקן, האָט מיך אָבער זיין אויסגעשריבענער בלויער שיין אָנגעפילט מיט שרעק פאַר דעם נייעם אַרבעטס־פּלאַץ.

דער שטייגער העשקע האָט אויסגעזען צו זיין דער יינגסטער פון אַלע שטייגערס אין „האַלאַנד". די מערסטע פון זיי האָבן שוין געהאַט גרויע האָר און בלאַסע פּנימער פון לאַנגע יאָרן אַרבעט אונטער דער ערד.

דער ברייטפּלייציקער און מיטלוווּקסיקער שטייגער העשקע האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די קנאָפּע יאָרן פון זיין אַרבעט צווישן די אונטערערדישע קוילנוועגט וואָלטן נאָך ווייניק אָנגערירט זיינע כוחות. זיין גאַנג און זיינע באַוועגונגען זענען געווען ענערגיש־פלינקע און מיט די לעבעדיקע צעשפּילטע אויגן האָט ער אָבסערווירט אַלץ אַרום זיך.

ביי דער אַרבעט אין שטרייב האָט העשקע זיך געהאַלטן רויק און

שטיל. זעלטן ווען האָט מען געהערט פון אים אַ העכערן טאָן. אַפילו צו די אויסלענדער איז זיין באַציונג געווען אַ מענטשלעכע און מיט דעם האָט ער מער באַווירקט צו פאַרגרעסערן דעם אַרבעטס־חשק, ווי אַנדערע שטייגערס מיט זייערע חוצפהדיקע געשרייען.

העשקע איז קיין מאָל נישט באַפאַלן מיט זידלערייען און ער האָט נישט געדראָט מיט שלאָגן צוליב אַרבעטס־הינטערשטעליקייט. ער פלעגט מילד אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דאָס דאַרף זיך מער נישט איבערחזרן.

אָט די טאַקטיק, וואָס העשקע האָט אָנגעווענדט צו זיינע קוילנגרע־בער, איז נישט געווען קיין אויסדרוק פון זיינע גוטע אייגנשאַפטן, נאָר געווען אויסגערעכנט צו ברענגען אים נוצן אין זיינע אַרבעטס־צילן. און דאָך האָט ער געשמט ביי די אויסלענדער פאַר אַ גוטן דייטש. מ׳האָט געהאַט פאַר אים רעספּעקט און זיינע פאַרלאַנגטע קוילן־נאָרמעס האָט ער באַקומען פון די קוילנגרעבער מיט ווייניקער אָנשטרענגונגען ווי אַ צווייטער שטייגער. אַ סך מאָל פלעגט ער העלפן אָן אויסלענדער באַזייטיקן די שוועריקייטן ביי דער אַרבעט.

אָבער נישט דער זעלבער איז דער שטייגער געווען נאָך דער אַרבעט, אויף דער ערד־אויבערפלאַך, ווען ער האָט זיך איבערגעטאָן אין זיינע ציווילע קליידער. דאַן פלעגט ער אויסמיידן און אַפילו אַוועק־קוקן אין אַ זייט, ווען אַן אויסלענדער פון זיין גרופּע קוילנגרעבער האָט געצויגן פאַר אים דאָס היטל.

ווען איך האָב זיך פאַראייניקט מיט דער גרופּע קוילנגרעבער פון שטיי־גער העשקע, האָב איך באַמערקט, אַז אַלע זענען מיר געווען ווי צוגעקליבן פון זעלבן נידעריקן וווּקס. פאַרשטענדלעכער איז מיר דאָס געוואָרן בעת מיר זענען אָנגעקומען נאָענט צום אַרבעטס־פּלאַץ און גענומען זיך שאַרן מיט איינגעצויגענע בייכער איבער די שמאָלע דורכגענג.

מיר האָבן דערגרייכט צו אַ קורצן קאָרידאָר. דאָ זענען מיר געבליבן שטיין. מיר האָבן אויסגעטאָן די רעקלעך, פאַרשנורעוועט אַרום די קניען גומענע קישעלעך, די לאָמפּן אויפגעהאנגען אויף די לעדערנע רעמלעך אַרום די העלדזער און מיט אויסגעצויגענע קעפּ זיך אַריינגעלאָזט אין אַ נידעריקן שוואַרצן רוים.

ווי שלאַנגען זענען מיר געקראָכן אויף די בייכער באַרג־אַראָפּ. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געשאַרט געקאָוועטע שיך. הענט און פיס האָבן זיך באַוועגט, ווי ביי קריכענדיקע זשאַבעס. פון די ברעקלעך קוילן אונטער מיינע הענט און פיס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט זיין מיין נייער אַ'רבעטס־פּלאַץ. אַ פּחד איז מיר באַפאַלן פון דעם נידעריקן שטיינערנעם סופיט איבער מיין רוקן.

ראָלאַנד, דער נייער רוטשע־מייסטער, האָט קריכנדיק פאַרויס געצייכנט און אויסגערופן די נומערן. די לאַנגע קריכנדיקע ריי איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שיטערער און קלענער ביז איך האָב דערהערט מיין נומער — 458.

איך בין געבליבן זיצן אַן איינגעבראָכענער אויף צוויי העלפטן און נישט געקענט פריי באַוועגן מיט די אברים. איך האָב געוואָלט פאַרנעמען אַ באַקוועמערע פּאָזיציע, אָבער דער נידעריקער סופיט איבערן קאָפּ האָט מיר פאַרשאַפט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט געווען אַ געבונדענער. דאָס אַרבעטן אויף דעם אָרט האָט מיר אויסגעזען ווי אַ שטראָף פאַר אַ נישט באַגאַנגענער זינד.

אַנטקעגן דער שיין פון מיין לאָמפּ האָט געבלישטשעט אַ שמאָלע קוילנוואַנט פון אַ האַלבן מעטער די הויך. איך האָב זיך איינגעקוקט אין דער טיפער שוואַרצקייט. מיך האָט באַהערשט אַ געפיל, ווי איך וואָלט גע־בליבן ליגן אין אַ נישט פאַרשאָטענעם קבר.

אַן אויסגעצויגענער אויפן רוקן, קוק איך זיך איין אין שטיינערנעם סופיט, וואָס הענגט נאָענט איבער מיין פּנים. איך קלער ווי אַזוי צו נעמען זיך צו דער אַרבעט, אָבער מיר דוכט זיך, אַז די גאַנצע ווילדקייט, וואָס רינגלט מיך אַרום, דריקט אויף מיינע הענט און פיס.

עס הייבן אָן צו רוישן די מאָטאָרן, די קייט אין דער רוטשע נעמט זיך שאַרן איבער די ליידיקע בלעכן. דער אָפּהילך פון די לופט־האַמערס דערמאָנט מיך, אַז איך דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס, אַז איך האָב נישט קיין שום דערפאַרונג פון אַרבעט אין אַזאַ נידעריקער שטרייב?

אונטער מיר האָט געאַרבעט אַ דייטש. פונעם אומאויפהערלעכן קלאַפּן

פון זיין לופט־האַמער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ געניטער קוילנ־גרעבער. איך בין אַראָפּגעקראָכן נענטער צו אים און זיך איינגעקוקט ווי יעדע זיין באַוועגונג ביי דער שמאָלער קוילנוואַנט איז פול מיט דערפאַרונג און קענטעניש. איך האָב זיך צוריקגעצויגן צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ און אָנ־געהויבן אַרבעטן אויף דעם זעלבן אופן. אָבער דאָס איז מיר אָנגעקומען אַזוי שווער, אַז מיינע הענט מיטן לופט־האַמער זענען געפאַלן אין אָנמאַכט. אַ דערשלאָגענער בין איך געלעגן און געוויינט פון מיין אומבאַהאָלפנקייט.

פאַר וואָס האָב איך געוויינט? איז דען דאָס געראַנגל פאַרן קיום פון לעבן טראַגישער ווי שטיין פּנים אל פּנים אַנטקעגן טויט? איך בין געלעגן אַ צוגעדריקטער פון דעם שטיינערנעם אַרום, וואָס האָט מיך געשראָקן מיט זיין אומבאַזיגבאַרקייט.

דער אָפּהילך פון די לופט־האַמערס, דאָס רוישן פון דער לויפנדיקער קייט אין דער רוטשע, די נאָך נישט אָנגערירטע קוילנוואַנט מיט די גלאַנצנ־דיקע געדרייטע שטריפן האָבן מיך דערמאָנט ווו איך געפין זיך. איך האָב ווידער גענומען דעם לופט־האַמער אין מיינע הענט.

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אין די פאַרשידענע סאָרטן קוילן, וואָס פערדינאַנד האָט מיר דערציילט וועגן זיי ווען איך האָב מיט אים געאַרבעט צוזאַמען. איך האָב גענומען אַ שטיקל קויל, צעריבן עס, און אויף מיינע הענט איז פון דעם געוואָרן אַ פעטער שטויב. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער סאָרט „פעט־קאָלע".

אַן אויסגעצויגענער, ליגנדיק אויף אַ זייט, האָב איך געלאָזט אין באַ־וועגונג דעם לופט־האַמער אין דער אונטערשטער טייל פון דער 50־צענ־טימעטערדיקער קוילנוואַנט. די גוט געצילטע טרעף־פּונקטן רופן אַרויס טיפע און לאַנגע שפּאַלטן. פון דער צעטרייסלטער קוילנוואַנט הייבן אָן פאַלן שטיקער און זיי צעשיטן זיך אויף דראָבנע ברעקלעך. איך קוק אויף דער צעריסענער קוילנוואַנט מיט נצחון. דער פריערדיקער פּחד איז פאַר־שוווּנדן. איך האָב דערפילט, אַז כ׳וועל נישט בלייבן הינטערשטעליק לגבי די אַנדערע פּוילישע חברים.

דעם איינגעבויגענעם גוף טויש איך אויף פאַרשידענע פּאָזיציעס, כדי צו פאַרלייכטערן דעם ווייטיק פון די איינגעבראָכענע גלידער, אָבער יעדע

געשפּאַנטע באַוועגונג מיט די אַרבעטס־מכשירים גרייפט אָן דעם גאַנצן גוף, וואָס לאָקט נאָך אַ ביסעלע רו.

די רוטשע בלייבט שטיין. פון דער פּלוצלינג אָפּגעשטעלטער פּרעס־לופט פאַרשטיי איך, אַז עס איז עפּעס געשען. פון די איבערגעשיקטע סיג־נאַלן דורך די לופטרערן דערוויס איך זיך, אַז אויף דער ערד־אויבער־פלאַך איז אַ לופט־אַלאַרם. איך צי אויס מיינע צעוויטיקטע גלידער און איך בעט, אַז דאָס זאָל וואָס לענגער דויערן.

ראָלאַנד דער רוטשע־מייסטער קומט צו קריכן. זיין בויך אַרבעט ווי אַ בלאָזזאַק. ער קוקט אויף מיין אָפּגעטוענער אַרבעט און ער איז נישט איבעריק צופרידן. ער ווייסט, אַז אין אַזאַ נידעריקער שטרייב קומט אָן שווער די אַרבעט. מ׳דאַרף נאָר וועלן, זאָגט ער, פאַרשטיין, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט די אַרבעטס־מכשירים, און דאַן קען מען אַרויסבאַקומען מער קוילן.

איך וואַרף אַרויס פון זיך אַ פּאָר קללות און זאָג דעם מייסטער, אַז דאָ, ביי דער אַרבעט, פיל איך זיך, ווי מיט געליימטע אברים. שמייכלט ראָלאַנד מיט זיינע שוואַרצע נעגער־ליפּן און ענטפערט, אַז אַזאַ געפיל האָבן נאָר אויסלענדער, וואָס ווילן נישט מיטן גוטן ווילן באַטייליקן זיך אין די אַלגעמיינע קריגס־אָנשטרענגונגען פון דייטשן פאָלק.

איך דערקען אויף ראָלאַנדן, אַז איצט, ווען די מאַשינען שטייען, האָט ער חשק צו רעדן. פרעג איך אים: צי קען אַ קוילנגרעבער זיין אַרבעטס־פעיק ווען ער ליידט הונגער? ער באַמיט זיך איבערצייגן מיך, אַז אַרבעטס־לייסטונג קומט גיכער פון גוטן ווילן איידער פון אַ גרעסער שטיקל ברויט אָדער פון נאָך אַ פּאָר לעפל זופּ. צו פיל עסן, גיט ער מיר צו פאַרשטיין, מאַכט פויל. דאַקעגן אַרבעט, וואָס קומט פון פרייען ווילן, מאַכט דעם מענטשן שעפעריש און נוצלעך, בפרט נאָך דאָ, אין דער שטרייב, וואָס אין פרידנס־צייט וואָלט נישט געלוינט צו מאַכן אַזעלכע אָנשטרענגונגען פאַר אַזאַ קליינעם קוואַנטום קוילן. אָבער איצט איז קריג, דייטשלאַנד נייטיקט זיך אין ברען־מאַטעריאַל — איז יעדע אַרבעטס־שיכט אין דער שטרייב אַ געווינס, ווייל פון דעם ווייכן סאָרט קוילן אַרבעטן די פאַבריקן אויס פאַרשידענע וויכטיקע קריגס־שטאָפן, ווי בענזין, פעטס צו שמירן מאַשינען,

און אַפילו אַ גוטע קוואַליטעט מאַרגאַרין, אַז מיר, אויסלענדער, זאָלן האָבן מיט וואָס צו באַשמירן דאָס ברויט.

— די 400 גראַם ברויט וואָס מיר באַקומען אַ טאָג?

ראָלאַנד פאַרשטייט די באַדייטונג פון מיין קורצער פראַגע. ווערט ער ערנסטער און באַמיט זיך מיר אויפצוקלערן, אַז מיין הונגער נעמט זיך דער עיקר פון דעם, וואָס איך טראַכט שטענדיק וועגן עסן, דערפאַר בין איך קיין מאָל נישט זאַט. ער מיינט, אַז די פּאָליאַקן האָבן אין דער היים ליב געהאַט אַ סך צו פרעסן און וויניק צו אַרבעטן. דאַקעגן זיי, די דייטשן, אַרבעטן און שאַפן פיל, אָבער זיי טראַכטן ווייניקער וועגן פרעס.

ער נוצט אויס די צייט וואָס די רוטשע שטייט און ציט אַרויס פון טאַש זיין „בוטאָן־ברויט". צווישן איין ביס און צווייטן אינטערעסירט אים צו וויסן מיט וואָס איך האָב זיך באַשעפטיקט אין פויזן. הערנדיק וועגן מיין שטיל און זאַט דאָרפיש לעבן, זע איך אין זיינע אויגן אויס ווי אַ פּראָסטער פויערן־יונג, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט צוזאַמען מיט פערד און קי.

ראָלאַנד ווישט זיך אָפּ מיטן פּאַפּיר פון ברויט די פאַרפעטסטע ליפּן און איך פרעג אים ווער עס דאַרף איצט טראַכטן וועגן פרעס: איך אָדער ער? מיט אַ בייזן בליק ענטפערט מיר ראָלאַנד, אַז אַזאַ „שאַ־קאָפּ" (שעפּסע־נער קאָפּ) ווי מיינעם איז שווער אויפצוקלערן, אַז איך דאַרף זיין דאַנק־באַר אויך פאַר דעם וואָס איך באַקום. די אויסלענדער, דער עיקר די פּאָליאַקן, פאַרגעסן, אַז זיי געפינען זיך ווי געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, אַז די אַרבעט אין קוילנגרובן איז אינטערעסאַנטער ווי שמעקן דאָס שטינקעכץ פון פערד און קי...

איך וויל נישט געבן ראָלאַנדן צו דערקענען אויף וויפל איך דער־שאַץ זיינע ציניש רייד. קוק איך אים אָן מיט אַן איינגעהאַלטענעם כעס.

ראָלאַנד שטעלט אָן דעם פינגער אויף זיין שלייף און זאָגט צו מיר מיט אַ שפּאָטישן טאָן, אַז די פּאָליאַקן זענען אַלע „דום" און ער קריכט אַוועק באַרג־אַרויף.

איך הער ווידער ראָלאַנדן, אָבער נישט רעדן, נאָר שרייען און זידלען זיך. איך פאַרשטיי, אַז דאָס קומט פון איוואַנס אַרבעטס־פּלאַץ. דער סיבירער קריגס־געפאַנגענער איז מיט כוח אַהין אַראָפּגעשטויסן געוואָרן

דורכן מייסטער און שטייגער; ער האָט זיך קעגנגעשטעלט אַראָפּצו־
קריכן אין אַזאַ נידעריקער שטרייב.

ראָלאַנדס קול ווערט אַלץ שאַרפער און דראָענדיקער. אַרויפקריכנדיק
נענטער צו זיי דערזע איך ווי איוואַן און ראָלאַנד ליגן מיט פאַרריסענע
קעפּ, גרייטע איינער אין דעם צווייטן זיך איינצובייסן. איוואַן, מיטן
שפּיז פון לופט־האַמער פאַרקוועטשט אין דער האַנט, איז אַנטשלאָסן
אויפצונעמען דעם קאַמף. ראָלאַנד שרייט, אָבער ער האָט מורא זיך צו
פאַרמעסטן מיט איוואַנען.

ערשט ווען די שיין פון שטייגערס לאָמפּ דערנענטערט זיך באַרג־
אַראָפּ, ווערט ראָלאַנד אָנגרייפערישער און שליידערט אַ שטיין אין איוואַ־
נען. איוואַן טוט זיך אַ שאַר מיטן אייזערנעם שפּיז אין דער אויסגע־
שטרעקטער האַנט. אין דעם מאָמענט גיט זיך אויף איוואַנס פּנים אַ שאָט
אַ הויפן קוילנשטויב און אים ווערט פינצטער פאַר די אויגן. איבער זיין
קאָפּ פאַלן גוט געצילטע קלעפּ מיט אַ קורץ דרענגל. איוואַנס אויסגע־
קרימטע פינגער זוכן אָנצוכאַפּן זיין אָנגרייפער, אָבער ראָלאַנד פּילט
זיך שטאַרקער. דער שטייגער העשקע איז שוין לעבן אים.

פון דער נישט אָנגערירטער קוילנוואַנט פאַרשטייט דער שטייגער
די סיבה פון געשלעג. דער שטייגער באַנדאַזשירט איוואַנס צעבלוטיקטן
קאָפּ, דערנאָך הייסט ער אים נעמען דאָס רעקל און קריכן באַרג־אַרויס
צום אַרויסגאַנג.

איוואַן פאָלגט דעם שטייגערס שטילע באַפעלן. אין פאַרגלייך צו
ראָלאַנדס ווילדע געשרייען זעען זיי אויס מילד און מענטשלעך. ער קריכט
באַרג־אַרויף, ווי אַ פאַרווונדעטע זשאַבע. ער מיינט, אַז ער האָט אויס־
געקעמפט אַ לייכטערע אַרבעט.

איוואַן איז אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען. זיין אָרט אין קוילנ־
גרובן האָט פאַרנומען אַ צווייטער רוסישער געפאַנגענער. ראָלאַנד האָט
מיט סאַטיספאַקציע דערציילט, אַז איוואַן וועט שוין קיין לעבעדיקער נישט
אַרויס פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.

# קאַפּיטל צען

די גאַנצע צייט, וואָס באַלעק איז געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָב איך געטראַכט וועגן זיין גורל. איך האָב דאָס געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַר מיינע שכנים, ווייל קיינער פון זיי האָט אים נישט דערמאָנט, ווי באַלעק וואָלט קיין מאָל מיט זיי נישט געלעבט צוזאַמען. אויך וואַצעק, באַלעקס נאָענטסטער שכן, האָט זעלטן דערמאָנט זיין נאָמען. מיר אָבער איז שווער געווען זיך צו באַפרייען פון דער בענקשאַפט צו באַלעקן און פון דער זאָרג פאַר אים צוליב זיינע יסורים, וואָס ער גייט איצט אַדורך.

יעדן פרימאָרגן, ווען איך פלעג זיך צוריקקערן נאָך דער נאַכט־שיכט, איז מיין בליק געפאַלן אויף זיין בעט, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך אַ צווייטן. און כאָטש דאָס בעט האָט מיט גאָרנישט נישט געענדערט פון זיין פריערדיקן אויסזען: דער זעלבער קאָץ, דער זעלבער שטרוי־זאַק, דער זעלבער שווייסיקער ריח — האָט אָבער געפעלט דער נאָכהענ־גענדיקער אַרבל, אָדער אַן אַנדערער עק פונעם רעקל, וואָס באַלעק פלעגט אַראָפּשאָקלען פון זיך און לאָזן עס ליגן אויפן בעט, אַזוי ווי עס איז אַראָפּגעפאַלן פון זיינע אַקסלען. באַלעקס צעוואָרפענע רעקל אויפן בעט איז שטענדיק פאַר מיר געווען אַ סימן, אַז ער איז געלאָפן פאַרנעמען אַן אָרט פאַר אונדז ביידע אין דער לאַנגער ריי נאָך עסן.

דער נייער שכן אויף באַלעקס בעט, וויצענטי, אַ שטילער דאָרפישער שגץ, האָט זיך באַצויגן צו מיר און צו די אַנדערע שכנים מיט דרך־ארץ, אָבער מיר האָט געפעלט באַלעקס נאָענטקייט און צוגעבונדנקייט. זיין היימיש אויסרופן מיין נאָמען „סטאַכו" אָדער „סטאַשו" האָט אויס־געדריקט עפּעס מער ווי שכנישע נאָענטקייט. אָן מיר איז באַלעק נישט געגאַנגען זיך מאָדלען, אַפילו ביים טוישן אין מאַגאַזין אַ רעקל האָב איך געמוזט מיט אים מיטגיין און זאָגן מיין מיינונג, צי דאָס מלבוש ליגט גוט אויף זיינע פּלייצעס.

פֿאַרן אַרעסט האָט באַלעק פֿאַרשפּילט אין קאָרטן זיינע זונטיקדיקע העמדער, האָט ער געוווּסט, אַז איך וועל אים געבן אַ העמד איבערצוטאָן. באַלעק האָט דאָס געהאַלטן פֿאַר נאַטירלעך. ווען דאָס זעלבע געשעט מיט מיר, וואָלט אויך ער אַזוי געהאַנדלט לגבי מיר.

נאָך באַלעקס אַרעסט האָב איך נישט געהאַט קיינעמען, וואָס זאָל צו מיר צוקומען זיך טיילן מיט די טאָג־טעגלעכע זאָרגן. באַלעקס אַוועקזעצן זיך אויף מיין בעט מיטן צעעפֿנטן פֿושקעלע טאַבאַק פֿלעגט מיך אָפּרייסן פֿון מיין אינערלעכער געדריקטקייט. אין די דאָזיקע מאָמענטן האָב איך פֿאַרנומען אַלע זיינע פּרעטענסיעס צו זיין אומצופֿרידן לעבן. באַלעקס אַראָפּגעלאָזן אומעטיק פּנים איבער מיין אויסגעצויגענער ברוסט איז געווען געמיטלעך נאָענט צו מיין אָפּגעשלאָסענער פֿאַראיינזאַמטער וועלט.

די לעצטע טעג פֿון זיין אַרעסט האָב איך שוין אויסגעקוקט זיין צוריקקומען. מיינע שכנים האָבן נישט געטאָרט דערקענען אויף מיר אַזעלכע געפֿילן, און דאָך האָבן זיי פֿאַרשטאַנען מיר אָנצוזאָגן אין קוילנגרובן די בשורה, אַז באַלעק איז שוין דאָ צוריק אין לאַגער.

די טישן אין גרויסן עס־באַראַק זענען שוין געווען שיטער באַזעצט, ווען איך בין, אַ פֿאַרשפּעטיקטער נאָך דער שיכט, געקומען נעמען מיין מיין מילכזופּ. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט עסן און מיט די אויגן געזוכט צווישן די זיצנדיקע באַלעקס פּנים אָדער רוקן. מיין בליק איז פֿאַמעלעך איבערגעגאַנגען פֿון טיש צו טיש און אים נישט געפֿונען.

טיף אין באַראַק איז געשטאַנען אַן אָפּגעליידיקטער טיש. פֿייגעלעך, וואָס פֿלעגן זיך אַריינבאַקומען דורך די אָפֿענע טיר און פֿענצטער, זענען געשפּרונגען איבער אַ האַלבן טיש, פֿון מאָל צו מאָל זיך אַ הייב געטאָן צום הויכן סופֿיט און צוריק זיך אַראָפּגעלאָזן צו די קרישקעס אויפֿן טיש. קיינער אַחוץ מיר, האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם. נאָכן ענדיקן דאָס עסן בין איך צוגעגאַנגען צו יענעם טיש און כ׳האָב באַמערקט דאָרט עמעצן זיצן אין ווינקל. דאָס פּנים פֿון דעם מענטש איז געווען באַהאַלטן צווישן די אויסגעשפּרייטע הענט אויפֿן ראַנד פֿונעם טיש. פֿון דעם גלאַט אָפּגעשוירענעם קאָפּ איז געווען צו דערקענען, אַז דער שלאָפֿנדיקער איז איינער פֿון יענע, וואָס זענען באַגינען צוריקגעקומען פֿון

קאָנצענטראַציע־לאַגער. מיר איז אָבער שווער געווען צו געפינען וועלכן ס׳איז סימן אויף דעם איינגעקאָרטשעטן גוף, אַז דאָס זאָל זיין באָלעק.

ביי דער טיר האָבן זיך פאַרהאַלטן נייגעריקע און זיי האָבן געפּרוווט טרעפן ווער ס׳איז דער מיטן אָנגעשפּאַרטן קאָפּ אויפן טיש. פון הינטן האָט מען נישט געזען זיין פּנים. לויט דעם גלאַט אָפּגעשווירענעם קאָפּ, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ גאָלדפּאַרביקער דיניע, האָט מען אָנגערופן פאַרשידענע נעמען און גלייך אָפּגעלייקנט.

— דאָס זאָל זיין באָלעק רוטקאָווסקי? — האָט ווער אויסגערופן נישט זיכער.

— ניין, לויטן שמוציקן אויער, דאַרף דאָס זיין איינער פון די צוויי ברידער וואָזשניאַק...

— איך וועל אייך באַלד זאָגן ווער ער איז — האָט איינער אויסגע־צויגן זיין האַנט איבערן טיש צום שלאָפנדיקן.

— העי דו! נעם צוריק דיין האַנט! לאָז אים שלאָפן נאָך דרייסיק טעג קאָנצענטראַציע־לאַגער!

— זאָל ער גיין זיך לייגן אין באַראַק!

— אויף וועמענס בעט?

— אין וואַש־רוים שטייט אַ בעטל.

— לייג דו זיך דאָרט מיט פליי און וואַנצן!

— אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט ער געהאַט בעסער?

— אָבער דאָ איז נישט קיין קאָנצענטראַציע־לאַגער!

— ביסט גערעכט, דאָ איז אַ קוראָרט...

— שלאָפסט דאָ באַקוועמער, ווי אין דיין דאָרפישער סטאָדאָלע.

— און דו ביסט געשלאָפן מיטן לויזיקן הונט צוזאַמען.

— ניין, האָסט אַ טעות. דער הונט — אויף דער ערד, און ער איז גע־שלאָפן אויפן דאַך פון דער הינטישער בודע.

פון דעם הילכיקן געלעכטער האָט זיך אַ ריר געטאָן דער טיש. דער שלאָפנדיקער האָט האַסטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געבליבן זיצן מיט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן.

— יאַק באָגאַ קאָכאַם, טאָ באָלעק!

— גייט צום טייוול! — האָט אַ ברום געטאָן דער מענטש מיט אַ פאַרשלאָפן קול. ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער באַנק און זיך אויסגעדרייט צום אַרויסגאַנג.

— באָלעק! באָלעק!

מיט וואַקלדיקע טריט איז באָלעק געגאַנגען פאָרויס און נישט אומגעקוקט זיך אויף מיינע רופן. איך האָב אים באַגלייט, ביז ער האָט זיך איינגעזעצט אויף אַ שוועל ביים אַריינגאַנג פון אַ באַראַק.

— יאַק שיען מאַש, באָלעק!? — שריי איך אויס צוקומענדיק צו אים מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

באָלעק דערלאַנגט מיר זיין האַנט און וויל זי גלייך צוריקציען. איך לאָז אָבער זיין האַנט נישט אַרויס און איך קוק אים גלייך אין די אויגן אַריין. ער קען נישט פאַרטראָגן מיין בליק און דרייט אַוועק דאָס פנים.

— פאַר וואָס דרייסטו זיך אַוועק פון מיר?

— איך וויל נישט מ׳זאָל צו מיר רעדן!

— איך אויך נישט?

— קיינער נישט! — שרייט ער אויס און גיט אַ שליידער דאָס היטל צו דער ערד.

אַ געטראָפּענער פון באָלעקס בייזקייט, לאָז איך נישט אַראָפּ דעם בליק פון זיין שמאָלן אויסגעצויגענעם פּראָפיל. איך קוק אויף זיין איינגעפאַלן פנים, אויף זיין שפיציק האַלדז־ביינדל וואָס באַוועגט זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט אַן איינגעהאַלטן געוויין.

— באָלעק, ביסט הונגעריק? — וויל איך מיט עפּעס אַ וואָרט אים איינגעמען. ער ענטפערט נישט. איך זע בלויז, ווי זיינע אויגן קרימען זיך אויס צו מיר.

— אין דער מאַמען אַריין! פאַר וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? האָב איך דיר עפּעס שלעכטס געטאָן? האָב איך דיך געשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער?

באָלעק רוקט זיך אָפּ צום עק פונעם טרעפּל. ער דערשרעקט זיך פון מיין צודרינגלעכן טאָן.

— סטאַכו, דאַי מי ספּאָקוי — בעט ער זיך מיט פּחד אין די אויגן — אויך דו ווילסט מיך שלאָגן, ווי יענע באַנדיטן?

— וועלכע באַנדיטן? — מאַך איך זיך נישט פאַרשטיין.

— נאַ, זע! — זאָגט באָלעק און ציט אַרויף דאָס העמד איבערן קאָפּ.

— ווער האָט דיר אַזוי צעקאַטעוועט די פּלייצעס?

— נאָר די פּלייצעס? נאַ, קוק! — פאַרקלאָגט זיך באָלעק, ווי אַ קליין קינד. ער שאַרט אַרויף די הויזן ביז איבער די קניען און דעקט אויף די ווונדן און בלויע צייכנס אויף זיינע פיס. דערנאָך ציט ער אַראָפּ די שיך און ער ווייזט מיר די אַרומגעוויקלטע שמאַטעס אויף די אייטער־דיקע ווונדן פון די פוסטריט.

— אַ כאָליערע זאָל זיי נעמען די הורן־זין! אַזוי האָבן זיי דיך צורעכט געמאַכט? קום מיט מיר...

איך האָב אים גענומען אונטערן אָרעם און אַוועקגעפירט אין לאַגער־שפּיטאָל. דאָרט האָב איך אים איבערגעגעבן אין די הענט פון יאַנעק דעם געהילפס־סאַניטאַר, וואָס האָט אים פאַרשריבן אויף דער ליסטע צום דאָקטער.

איך האָב געוואָלט באָלעקן איבערלאָזן און גיין אין באַראַק זיך לייגן שלאָפן נאָך דער נאַכט־שיכט. אָבער ער האָט מיך צוריקגעהאַלטן און זיך געבעטן, אַז איך זאָל נאָך בלייבן מיט אים ביז דער דאָקטער וועט אים אויפנעמען. מיט אַזעלכע ווונדן דאַרף ער בלייבן אין שפּיטאָל. ער האָט אָבער געצווייפלט, צי דער דייטשישער דאָקטער וועט וועלן זיך רעכע־נען מיט זיין מצב. ער האָט מיך געבעטן רעדן מיטן הויפּט־סאַניטאַר, אַז יענער זאָל משפּיע זיין אויפן דאָקטער.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן באָלעקן. אַן אומרויקער האָט ער כסדר געטוישט זיין פּאָזיציע אויף לינקס און אויף רעכטס פון געזעס. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס טוט ער צוליב די ווייטיקן, וואָס ער שעמט זיך אָדער ער האָט מורא וועגן זיי צו רעדן.

איך האָב זיך געוואָלט דערוויסן פאַר וואָס ער איז אַרויס פון קאָנ־צענטראַציע־לאַגער מיט אַזוי פיל ווונדן אויפן לייב, אָבער ער האָט אויס־געמיטן מיר צו געבן אַ קלאָרע תשובה. פון זיינע קללות און זידלווערטער

איז מיר שווער געווען צו פֿאַרשטיין קעגן וועמען זיי זענען געצילט. איך האָב באָלעקן גוט געקענט און ביי יעדער אַזאַ אויפֿרעגונג זיינער האָב איך געוווּסט צו לאָזן אים מיט דער שטימונג.

באָלעק האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין עלנבויגן און געגעבן אַ ווונק מיט די אויגן אין דער זייט פֿון וואַנען ס׳איז אָנגעקומען דער הויפּט־סאַניטאַר.

דער הויפּט־סאַניטאַר איז שוין געשטאַנען לעבן אונדז אין דעם לאַנגן ווייסן כאַלאַט, וואָס ער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן פֿאַרקנעפּלען. ער האָט גלייך זיך געווענדעט צו מיר:

— נו, סטאַניסלאַוו, ווידער אַ געשווילעכץ צווישן די פֿיס?

— דאָס מאָל, פּאַניע סאַניטאַזשע, צווישן זיינע פֿיס... — האָב איך זיך אויפֿגעשטעלט און אָנגעוויזן אויף באָלעקן.

— וואָס עפּעס פֿאַרנעמסטו זיך מיט אים?

— ער איז מיין חבר נאָך פֿון פּוילן.

— אַ חבר?... קום מיט מיר — האָט ער אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ צו באָלעקן.

איך האָב באָלעקן גענומען אונטערן אָרעם און געפֿירט אים נאָך די טריט פֿון הויפּט־סאַניטאַר. פֿאַר דער טיר פֿון זיין צימער האָט ער באָלעקן געהייסן אַריינגיין און מיר געוויזן מיטן פֿינגער, אַז איך זאָל בלייבן אין קאָרידאָר.

אַרומגענומען מיט אַ פּלוצלינגדיקער שרעק, בין איך געבליבן זיצן דרויסן פֿון סאַניטאַרס צימער. וועט דער סאַניטאַר פֿאַרבאָרגן מיין סוד פֿאַר באָלעקן, אָדער ער וועט מיך פֿאַרראַטן, צי מיט אַ וואָרט מיך מאַכן פֿאַרדעכטיקט אין זיינע אויגן? וואָס לענגער באָלעק האָט פֿאַרבראַכט אין זיין צימער, אַלץ מער האָט זיך פֿאַרגרעסערט דער פּחד, וועלכן איך האָב געמוזט באַהאַלטן פֿאַר די אַלע דורכגייענדיקע אין קאָרידאָר.

גאָט מיינער! וואָס זיצט ער דאָרט אַזוי לאַנג? דער סאַניטאַר דאַרף דאָך נישט מער ווי אָנקוקן זיינע ווונדן, כדי צו וויסן פֿאַרצושטעלן באָלעקס צושטאַנד פֿאַרן דאָקטער. יעדער קוק אויף דער פֿאַרמאַכטער טיר שניידט מיינע געדעריב. עס הייבט מיך פֿון דער באַנק, איך גיי אַריין

אין קלאָזעט. איך קום צוריק — און באַלעק איז נאָך אַלץ נישטאָ. איך רייכער אויס די לעצטע פּאַפּיראָסן, וואָס איך האָב געהאַט באַהאַלטן אויף מכבד צו זיין באַלעקן. איך האָב שוין נישט געפונען קיין מיטלען, מיט וואָס זיך צו באַהערשן. איך גיי אַוועק אין באַראַק, אָבער איך קען נישט איינליגן אויפן בעט. איך קום צוריק אין שפּיטאָל אַריין און טרעף באַלעקן זיצן אויפן זעלבן אָרט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער ערד. ער האָט נישט געענדערט זיין אויסזען אַפילו נאָך מיין אַוועקזעצן זיך לעבן אים. דאָס פאַרגרעסערט נאָך מער מיין אומרו. איך זוך אַ וואָרט מיט וועלכן אים צו מאַכן רעדן.

— אין זיין מאַמען אַריין! — גיט באַלעק זיך אַ טרייסל אויפהייבנדיק זיינע אויגן צום הויפּט־סאַניטאַר וואָס איז גראָד אַרויס פון זיין צימער און צוגעקלאַפּט די טיר הינטער זיך.

— וועמען שעלסטו ווידער?

— דעם הורן־זון אין ווייסן כאַלאַט!

— פאַר וואָס?

— ווייל ער איז אַ הורן־זון און נישט קיין סאַניטאַר.

— וואָס האָט ער דיר געטאָן?

באַלעק לאָזט ווידער אַראָפּ דאָס פּנים און קוקט צווישן די קניען צום נאַסן פלעק אויף דער ערד, ווו ער האָט נאָר וואָס אויסגעשפּיגן, און ענטפערט נישט.

— באַלעק, ביסט אויך אויף מיר בייז?

— וואָס האָב איך דען צו דיר?

— טאָ פאַר וואָס ווילסטו מיר נישט דערציילן?

— וואָס קען דיך אָנגיין דעם סאַניטאַרס קורווישע שטיק?

— באַלעק! האָב איך געקריגן מוט — זאָג מיר ווער עס וויל דיר שלעכטס טאָן, וועל איך דיך פאַרטיידיקן.

— וואָס קענסטו טאָן קעגן אַזאַ הונט? ווען איך בין אַריין מיט אים אין צימער, האָב איך אָנגעהויבן אויסטאָן דאָס העמד. האָט ער אַ זאָג געטאָן צו מיר, איך זאָל אַראָפּלאָזן די הויזן. האָב איך אַראָפּגעשאַרט די הויזן און געוואָלט אים ווייזן די געשוואָלענע פיס, האָט דער הורן־זון

אַ געשריי געטאָן: „אַראָפּלאָזן!" האָב איך צעעפנט דעם פּאַסיק, צעקנעפּלט די הויזן און זיי זענען אַראָפּגעפאַלן ביז דער ערד. איז וואָס מיינסטו אין זיין מאַמען אַריין, איז אים געווען טשעקאַווע צו וויסן? איך האָב אים געוואָלט אָנכאַפּן ביים גאָרגל, נאָר גלייכער, אַז איך האָב דאָס נישט געטאָן. איך האָב נאָר אויסגעשפּיצט דעם בויך אָנטקעגן זיינע ברילן: „נאַ, זע, אַן אָבזשינעק (אָפּגעשניטענער), אָדער נישט"? דער הורן־זון האָט זיך פאַרענטפערט, אַז נישט דאָס האָט ער געמיינט. טאָ נאָך וואָס האָט ער מיך געהייסן אַראָפּלאָזן די הויזן און נאָך וואָס האָט ער געוואָלט וויסן ווען און ווו איך האָב דיך באַקענט? דערנאָך האָט ער מיך גענומען אויס־פרעגן פאַר וואָס איך בין פאַרמשפּט געוואָרן צו קאָנצענטראַציע־לאַגער. ערשט צום סוף האָט ער געוואָלט זען מיינע ווונדן. איך האָב אים געמוזט דערציילן, אַז די צעריבענע פּלייצעס זענען פונעם שטיק שטיין, וואָס איך האָב גאַנצענע טעג געטראָגן אָנגעהאָנגען אויפן רוקן, אַז די בלויע פאַסן זענען פון די שמיץ ביי דער אַרבעט, און די ווונדן אויף די פוסטריט זענען פון די שטיינדלעך אין די הילצערנע שיך. נאָכן אויסהערן דאָס אַלץ זאָגט צו מיר דער הורן־זון, אַז דער דייטשישער דאָקטער באַציט זיך אַנדערש צו אַ קראַנקן צוליב דער אַרבעט אין קוילנגרובן, און אַנדערש צו אַזעלכן, וואָס קומט מיט ווונדן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.

באַלעק איז אַריין צום דאָקטער און צוריקגעקומען מיט אַ צעטל צו גיין אויף דריי טעג אין שפּיטאָל.

## קאַפיטל עלף

שוין איבער אַ חודש ווי איך אַרבעט אין דעם נידעריקן שטרייב. איך קען כמעט קיינעם נישט פון די קוילנגרעבער, וואָס זעען גאָרנישט אַרום זיך, נאָר דעם אַרבעטס־פלאַץ אונטערן שטיינערנעם סופיט.

אַחוץ דעם שטייגער העשקע און דעם רוטשע־מייסטער ראָלאַנד באַווייזט זיך קיינער נישט פאַר מיר אין משך פון דער גאַנצער שיכט. בלויז דער יונגער דייטשישער קוילנגרעבער פריץ, מיטן פוילישן פאַמיליע־נאָמען באַנדערסקי, וואָס אַרבעט נידעריקער פון מיר, קומט אַ מאָל צו קריכן, שענקט מיר אַ שמעק טאַבאַק מיט אַ פאַרפום־ריח און בלייבט ליגן אויפן בויך. ער קוקט זיך איין אַ פּאָר מינוט, ווי אַזוי איך אַרבעט, קאָלערט זיך איבער און קריכט, ווי אַ שלאַנג, צוריק אַראָפ צו זיין אַרבעטס־פלאַץ.

אַז פריץ האָט דאָס ערשטע מאָל זיך באַוויזן פאַר מיר, האָב איך געמיינט, אַז ער איז בלויז נייגעריק צו זען, ווי אַזוי איך אַרבעט. ער האָט מיר אָבער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך זאָל אַרבעטן לאַנגזאַמער, כדי דער רוטשע־מייסטער זאָל אים, ווי אַ קוואַליפיצירטן קוילנגרעבער, נישט אויסמעסטן נאָך אַ מעטער קוילן. פון דאַן אָן האָב איך גענומען האַמעווען מיינע אָנשטרענגונגען און פריץ איז געווען צופרידן.

דאָס איז געווען דער ערשטער שריט פאַר אַ דערנענטערונג צו פריצן. ער האָט מיר באַלד דערנאָך דערציילט, אַז אויך זיין פאָטער איז אַ פאָליאַק, אַן אָפשטאַמיקער פון פויזן, און דערפאַר קען ער אַ ביסל פויליש רעדן. ווען פריץ האָט דערהערט, אַז איך שטאַם אויך פון פויזן, איז ער צו מיר געוואָרן צוגעלאָזענער, היימישער, און אויפגעהערט קוקן אויף מיר מיט יענעם פאַראַכטונגס־בליק פון זיינע דייטשישע קאַמעראַדן אין קוילנגרובן.

פריץ איז נאָר וואָס געהאַט געקומען פון לענינגראַדער פראָנט, ווו

ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. נאָכן אויסהיילן די ווונדן האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט אין קוילנגרובן.

פון פראָנט איז פריץ צוריקגעקומען אַן אַנטוישטער אינעם גלויבן וועגן אַ שנעלן זיג איבער די רוסן. ער האָט דאָס מיר נישט געזאָגט אָפן, אָבער איך האָב עס אַרויסגעדרונגען פון זיינע רייד.

פריץ איז געווען גליקלעך מיט זיין גורל, וואָס האָט אים צוריק־געבראַכט אַהיים פון מזרח־פראָנט, ווו ער האָט דורכגעמאַכט די בלוטיקע קאַמפן. ער האָט וועגן זיי דערציילט מיט אַ באַהאַלטענעם שוידער, און וואָס מער פריץ האָט געשוידערט ביים דערמאָנען די אכזריותדיקע שלאַכטן, אַלץ בעסער איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן.

די איינדרוקן פון פראָנט האָט פריץ דערציילט נאָר דאַן, ווען איך האָב בכיוון אים אַראָפּגעפירט פון די געשפּרעכן, וואָס האָבן געטראָגן גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער. פריץ, נאָך נישט קיין פאַרהייראַטער, האָט ליב געהאַט מיט מיר צו רעדן וועגן זיינע אינטימע באַציִונגען מיט דייטשישע פרויען, וואָס האָבן אים פּשוט פאַרפאָלגט און נישט געלאָזט רוען. פריץ האָט גערעדט וועגן זיינע געשלעכטלעכע באַציונגען אַזוי פּשוט און פריי ווי וועגן זיין אַרבעט אין קוילנגרובן. טייל מאָל נאָר פלעגט ער אַ שמייכל טאָן ווען ער האָט גערעדט וועגן די סאַמע דראַסטישע סצענעס.

פריץ האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט אַ באַזונדערן מענערישן חן. ער איז געווען נידעריק און מאָגער, מיט אַ שמאָל שפּיציק פּנים און ער איז געגאַנגען אַ ביסל קרום נאָך דער שווערער ווונד, וואָס ער האָט באַקומען אין דער זייט. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו זיין דערפאָלג ביי די פרויען.

איך האָב זיך געצווונגען אַרויסצווייזן געדולד צו זיינע זנות־מעשיות, און דאָס האָט ביי פריצן פאַרגרעסערט דעם חשק צו רעדן מיט מיר. יעדן טאָג האָט ער געהאַט צו דערציילן וועגן פרישע אַזעלכע איבערלע־בונגען.

פריץ האָט אויסגעפונען צייט צו רעדן צו מיר בעת איך האָב אונ־טערגעבויט, אָבער נישט ווען מ׳האָט גערופן „בוטאַן“ און ער האָט געגעסן זיין ברויט מיט חזיר־פעטס. ער האָט געוווּסט, אַז איך קום צו דער אַרבעט

מ'ים לײדיקע טאַשן. אַנדערש איז געװען מיט זײַן טאַבאַק־פּושקעלע. ער איז תמיד גרייט געװען מכבד צו זײַן מיט אַ שמעק־טאַבאַק. אײן מאָל, װען ער איז צוגעקומען מיטן צעעפנטן טאַבאַק־פּושקעלע, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט אַרײַנצושטעקן אַהין די פינגער. פריצן האָט דאָס פאַרדראָסן. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז זײַן גוטער טאַבאַק איז געשמאַק — װען מ'עסט עפּעס פריער...

אויף צו מאָרגנס האָט ער מיר געבראַכט אַ פּאָר ברױט־שניטן. איך האָב דערפאַר מיט נאָך מער געדולד אויסגעהערט זײַנע אַ נײַע מעשה, װאָס ער האָט מיר דערציילט מיט אַ געװיסער פאַרזאָרגטקייט.

צװישן די אַלע פרויען, װאָס פריץ האָט געהאַט אויסצוװײלן, האָבן זיך אויך געפונען אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. די מוטער, קרוב צו די פערציקער, איז געװען די פרוי פון אַן אָפיציר װאָס האָט זיך געפונען אויפן פראָנט. איר טאָכטער איז אַלט געװען זיבעצן יאָר. געקומען איז ער צו דער טאָכטער נאָך אַ צופעליקער באַקאַנטשאַפט מיט איר אין גאַס, און ער איז עטלעכע מאָל געבליבן ביי איר נעכטיקן. אָבער די פאַר־גאַנגענע נאַכט איז געשען עפּעס אַזעלכעס, װאָס האָט אים אַרויסגעפירט פון גלײַכגעװיכט און געמאַכט אים נערװעז און מיד.

אין מיטן שלאָף האָט ער דערפילט לעבן זיך פון דער צװייטער זייט נאָך אַ פרוי װאָס האָט אים אָנגעהויבן צערטלען און קושן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די מוטער פון דער טאָכטער, מיט װעלכער ער ליגט אין בעט. פריצן האָט אין אָנהייב שטאַרק פאַרדראָסן פאַר דער מוטערס חוצפּה אים צו שטערן דעם שלאָף, אָבער ער האָט דאָך געמוזט שיצן איר כבוד און נאָכקומען איר פאַרלאַנג...

ביים אויפשטיין האָט די טאָכטער זיך געברוגזט, אַז פאַר דריי איז דאָס בעט צו ענג. לסוף האָבן בײדע, די טאָכטער מיט דער מוטער, זיך צונויפגערעדט, אַז פריץ זאָל פאַרברענגען באַזונדער מיט יעדער אײנער פון זיי, אָדער װי אַזוי פריצן אַליין װעט װוילגעפעלן. שטייענדיק פאַר אַזאַ דילעמע, האָט פריץ געװאָלט אויסהערן מײַן מײנונג.

איך האָב פריצן געראָטן, אַז ער זאָל זיך נישט לאָזן צו פיל אויסנוצן

פון זיינע ווייבער. זיי וועלן פון אים אויסזייגן די כוחות. פריץ האָט נישט געגלייבט, אַז מיט אים קען אַזאַ זאַך געשען.

פריץ איז נייגעריק געווען צו דערוויסן זיך פון מיר וועגן דעם אינטימען צוזאַמענלעבן צווישן פּוילישע מענער און פרויען. אים האָבן שוין אָנגעהויבן מיאוס ווערן די אופנים פון זיין פאַרברענגען מיט פרויען. האָט ער געזוכט נייע איינדרוקן, און דאָס האָט ער געוואָלט דערגרייכן מיט דער הילף פון מיינע דערפאַרונגען אויף דעם געביט.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין זיינע נייגעריקע פראַגעס. ער איז געווען הונגעריק נאָך אָרגיעס, און איך — נאָך אַ ביסן ברויט. איך האָב פאַר אים אויסגעפאַנטאַזירט פאַרשידענע סצענעס, און ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַלע זיינע חושים. פאַר אים זענען מיינע שילדערונגען געווען אַ חידוש און ער האָט אָנגעקוואָלן פון פרייד.

אויף צו מאָרגנס האָט מיר פריץ געבראַכט אַ גרעסערע פּאָרציע ברויט מיט שמאַלץ און איך האָב שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אים אַ נייע אויסגעטראַכטע מעשה. פריץ איז דערפאַר מיר געווען אַזוי דאַנק־באַר, אַז ער האָט מיך אָפּגעוואָרט ביים אַרויסגאַנג פון וואַש־רוים און אַריינגערוקט אין האַנט אַריין עטלעכע סיגאַרעטן.

פאַר זיינע דייטשישע אַרבעטס־חברים האָט פריץ שטאַרק אויסגעהיטן זיין קאָנטאַקט מיט מיר. דאָך האָט ער זיך דערלויבט כמעט יעדן טאָג צו פאָרן מיט מיר צוזאַמען צו דער שטרייב אין איין וואַגאָנדל, ווייל כמעט אַלע האָבן דאָך געוווסט, אַז מיר אַרבעטן איינער לעבן צווייטן.

אין וואַגאָנדל האָבן מיר געהאַט גענוג צייט צום רעדן. צוליבן רעש פון די לויפנדיקע רעדער האָט קיינער, אויסער אונדז ביידע, נישט געקענט הערן ווי פריץ האָט מיר דערציילט וועגן זיינע גרויסע דער־פאָלגן ביי פרויען.

יעדן טאָג האָט פריץ געבראַכט ברויט מיט שמאַלץ, און איך אים — אַ נייע „פיגור". אונדזער אָפּמאַך האָט געדויערט איבער צוויי חדשים, ביז מיינע פאַנטאַזיעס האָבן זיך אויסגעלאָזט און פריץ האָט מיר אָנגעהויבן אויסרעדן, אַז איך צאָל אים נישט אָפּ פאַר זיין ברויט.

פריץ האָט אויפגעהערט צו ברענגען מיר ברויט און אַפילו צו געבן

אַ שמעק־טאַבאַק. ער האָט אַפילו זיך נישט פאַרענטפערט פאַר זיין גע־ענדערטער באַציונג צו מיר.

איך האָב געטראַכט, אַז פריץ האָט מורא באַקומען פאַר דער איבער־געכאַפּטער מאָס אין זיין קאָנטאַקט מיט מיר. ער האָט ריזיקירט כל־זמן ער האָט געהאַט אַ נוצן.

פריץ האָט מיך מער נישט געקענט. ווען מיר פלעגן זיך אַ מאָל צוזאַמענשטעלן אין דער ריי צו דער ווינדע, האָב איך נישט באַמערקט אויף אים קיין סימן פון וועלן מיט מיר באַנייען די פריערדיקע באַציונגען. אָבער איין מאָל האָב איך פריצן ווידער דערזען לעבן זיך. דאָס מאָל איז ער געקומען מיט אַ פאָרשלאַג מיך צו באַקענען מיט אַ דייטשישער פרוי. ער האָט אָנגעהאַלטן מיט איר אינטימע באַציונגען און באַשלאָסן זיך צו דערווייטערן פון איר, אָבער ער וויל נישט, אַז נאָך זיין אַוועקגיין זאָל זי בלייבן אָן אַ מאַן. ער מיינט, אַז איך וואָלט געקענט זיין זיינס אַ גוטער פאַרטרעטער.

פאַר וואָס גראָד איך, און נישט קיין אַנדערער? אויף דעם דערקלערט מיר פריץ, אַז אַלע זיינע דייטשישע חברים געפינען זיך אין מיליטער. די אַרבעטס־קאַמעראַדן פון קוילנגרובן זענען פאַרהייראַטע, אָדער עלטערע מענער. דעריבער האַלט ער, אַז איך בין אַ פּאַסיקער קאַנדידאַט פאַר אַזאַ געהיימער ליבע. דאָס וואָלט מיר, לויט זיין מיינונג, נישט בלויז פאַרלייכטערט מיינע לעבנס־באַדינגונגען, נאָר אויך געמאַכט אינטע־רעסאַנטער און פריילעכער דאָס אומעטיקע לאַגער־לעבן.

פריץ דערציילט מיר, אַז ער האָט מיך שוין אָפּגעשילדערט פאַר דער פרוי און איר דערציילט וועגן מיין „דערפאַרונג" אויף דעם געביט. נישט קענענדיק ביי אים פועלן, אַז ער זאָל מיט איר ווייטער פאַרברענגען, איז זי איינגעגאַנגען אויף פריצס פאָרשלאַג מיך צו באַקענען.

פריץ האָט געוווסט, אַז פאַר אַ דייטשישער פרוי איז שטרענג פאַר־באָטן צו האָבן אינטימע באַציונגען מיט אַ פּוילישן מאַן. אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז מען קען אַרומגיין דאָס געזעץ, ווייל קיינער, אַחוץ ער, איך און זי, וועלן וועגן דעם נישט וויסן. די פרוי האָט אים פאַרזיכערט, אַז אַלץ וועט בלייבן דיסקרעט, אויב איך וועל קומען צו איר אין באַ־

שטימטע שעהען און זיין אָנשטענדיק אָנגעטאָן מיט אַ דייטשיש היטל אויפן קאָפּ. עסן און טרינקען וועט מיר ביי אַזאַ „וויזיט" זיכער נישט פעלן.

איך האָב פריצן דערציילט, אַז מ'האָט אונדז באַלד נאָכן קומען קיין דייטשלאַנד געצווונגען אונטערצושרייבן אויף זיך אַ טויט־אורטייל פאַר האָבן געשלעכטלעכע באַציונגען מיט אַ דייטשישער פרוי. ער האָט מיר באַרויקט, אַז די פרוי וועט שוין זאָרגן פאַר מיין זיכערקייט... און אויסער דעם בין איך דאָך, ווי אַן אָפּשטאַמיקער פון פויזנער אומגעגנט, מער דייטש ווי פּאָליאַק. ער האָט געגלייבט, אַז ערגעץ אין די אַרכיוון אין מיין פויזנער שטעטל קען מען דאָס פעסטשטעלן. אַזוי איז אויך געווען מיט זיין פוילישן פאָטער. דער פאַקט אַליין, וואָס איך רעד אין זיין שפּראַך און טראָג אַ דייטשישן פאַמיליע־נאָמען פריבעל, באַווייזט, אַז אין מיר פליסט דייטשיש בלוט...

ווען איך האָב, נאָך אַלע זיינע צורעדענישן, דאָך זיך אָפּגעזאָגט אָנ־צונעמען זיין פאָרשלאַג, האָט ער אויסגעלאַכט מיין נאַיווקייט און מיין שרעק. איך האָב פאַרלוירן ביין ביסל אָנזען ביי אים. מער האָט ער מיט מיר וועגן דעם נישט גערעדט און מער בין איך אים נישט אָנגעגאַנגען.

פריצס דערווייטערן זיך פון מיר האָט מיר נאָך שווערער געמאַכט איבערצוטראָגן די לאַסט פון דער אַרבעט אין דער נידעריקער שטרייב. איך האָב זיך דערפילט ווי אַן איינזאַמער אויף אַ פינצטערן אינדזל. אַחוץ דעם מייסטער און דעם שטייגער, וועלכע פלעגן פאַרבייקריכן, האָב איך קיין לעבעדיקן נפש פאַר די אויגן נישט געזען אין משך פון דער גאַנצער שיכט.

פריץ פלעגט זיך אָנעסן צו דער זעט, און ביי דער שטילער אַרבעט, ווען ער האָט אונטערגעבויט, צוגעזונגען צום טאַקט פון דער לויפנדיקער רוטשע, וואָס האָט גערוישט ווי אַ וואַסער־שטראָם. מיטן זינגען האָט ער געוועקט אין זיך חשק צו דער אַרבעט צווישן די נידעריקע שטיינערנע ווענט. פריץ האָט אפשר נישט געמיינט זיך צו רייצן מיט מיר, אָבער יעדעס מאָל ווען איך האָב דערהערט זיין געזאַנג, האָט אין מיר געקאָכט דאָס בלוט פון קנאה און ווייטיק.

נאָך עטלעכע וואָכן פון נישט רעדן צווישן זיך, ווען פריץ איז געזעסן

און צוגעזונגען צו די קלעפּ פון האַמער אין מיטן אונטערבויען, האָב איך זיך אַראָפּגעשאַרט נידעריקער צו אים און אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע, וואָס איך האָב אים שוין אַ סך מאָל געהערט זינגען. איך האָב אויף אַזאַ אופן געוואָלט ווידער זיך דערנענטערן צו אים. פריץ האָט זיך אומגעקוקט מיט אויסגעקרימטע אויגן און מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז פאַר אַזאַ פּאָליאַק ווי איך בין, פּאַסט נישט מיטצוזינגען אַ דייטשיש ליד. איך האָב געפּרוווט אים אַריינצוציען אין אַ שמועס.

— איז דיר נישט לאַנגווייליק אַליין?

— שייסע מיט דיין געזעלשאַפט!

— פריץ, האַלטסט מיך פאַר דיין פיינט?

— יאַ! דו ביסט נאָך שלימער ווי אַ צווייטער פּאָלע!

— וואָרום?

— דו ביסט אַ פיינטלעכער פּאָלע מיט דיינעם דויטשישן נאָמען!

— פריץ, פאַרשטייסט מיך שלעכט.

— שייסע מיט דיין פערשטאַנד! האַו אַפּ!

איך בין צוריקגעקראָכן צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ. פריץ האָט זיך ווייטער צוגעזונגען און מיך האָט געערגערט זיין בולטע שנאה צו מיר.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך פּלוצלינג דערהערט זיין פאַרשטיקטע שטים:

— סטאַניס! סטאַניס! קאָם היר! קאָם היר!

איך בין שנעל אַראָפּ און געטראָפן אים מיט אַ פאַרקוועטשטן אַקסל אונטער אַ שפּיץ פון אַן איינגעבראָכענעם שטיין. פריץ האָט מורא געהאַט אַליין זיך צו באַפרייען פון אונטער דער לאַסט, כדי ער זאָל אין גאַנצן נישט פאַרשאָטן ווערן. איך האָב שנעל אונטערגעבויט אויף דעם געפערלעכן אָרט און פריץ איז אַרויסגעקראָכן פון אונטערן שטיין מיט אַ פאַרבלוטיקטן אַקסל.

נאָכן פאַרוווּנדעט ווערן האָט פריץ באַקומען אַ קראַנקייט־אורלויב. אויף זיין אָרט איז געקומען אָטאָ, אַ נידעריק שמאָל דייטשל, וואָס האָט ביים ערשטן אויגנבליק אויסגעזען, ווי אַ ייִנגל אין שול־עלטער, אָבער איינקוקנדיק זיך פון דער נאָענט אין זיין אָפּגענוצט פּנים, האָב איך

געהאַלטן פאַר נאַטירלעך זיין איבער 15־יאָריקע אַרבעט אין קוילנגרובן.

אָטאָ איז פאַר מיר געווען אַ חידוש סיי מיט זיין אויסזען, סיי מיט זיין באַלדיק פאַרהיימישט ווערן מיט מיר. ער איז געווען אַנדערש ווי דאָס רוב זיינע דייטשישע קרעפּטיקע חברים. עס האָט געמאַכט אַן איינ־דרוק, ווי ער וואָלט ספּעציעל, צוליב זיין וווּקס, צוגעקליבן געוואָרן פאַר דער נידעריקער שטרייב.

אָטאָן האָט תיכּף פאַראינטערעסירט צו וויסן פון וואַנען איך שטאַם און וואָס איז געווען מיין באַשעפטיקונג פאַר דער מלחמה. אים איז געפעלן געוואָרן וואָס איך קען זיך מיט אים צונויפרעדן אין זיין שפּראַך. בלייבנדיק אַליין מיט מיר האָט ער מיט זיין פריינדלעכער באַציונג פאַרווישט די גרענעץ פון האַס צווישן אים דעם דייטש און מיר דעם פּאָליאַק. מיט קינדערישער נאַיווקייט האָט ער מיר דערציילט, אַז מ׳האָט אים נישט גענומען אין מיליטער צוליב זיין נידעריקן וווּקס און צוליב דעם איז אים אויך שווער געווען חתונה צו האָבן.

דיביידע געשעענישן אין זיין לעבן האָט ער נישט באַדויערט. די ערשטע — ווייל ער האָט פיינט געהאַט באָמבעס איבער זיין קאָפּ, און די צווייטע — ווייל פרויען האָבן אים אויסגעמיטן און ער אַליין האָט קיין מאָל נישט באַמיט זיך צו האָבן ביי זיי דערפאָלג.

אַז אָטאָ ליידט פון אַ מינדערוואַרטיקייט־געפיל איז מיר קלאָר געוואָרן באַלד נאָך די ערשטע טעג פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים. איך האָב דאָס דערקענט אין זיין אויפפירן זיך צווישן די דייטשישע קוילנגרעבער. זעלטן ווען האָט ער אויפן וועג צו דער אַרבעט אָנטייל־גענומען אין זייערע געשפּרעכן. האָט ער אַ מאָל געלאָזט הערן אַ וואָרט, האָבן זיי פון אים חוזק געמאַכט, אָדער פּשוט אים אויסגעלאַכט. ביי דער אַרבעט האָט אים שטענדיק פאַרפאָלגט דער פּחד פאַרן שטייגער און פאַרן רוטשע־מייסטער. אָבער די דאָזיקע שוואַכקייטן האָבן אים דערנענטערט צו מיר.

אָטאָ האָט בולט אַרויסגעוויזן זיין מיטלייד צו מיר ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך הונגער. איך האָב אים נישט געדאַרפט בעטן, אָדער זוכן מיטלען פאַר דעם, נאָר ער אַליין האָט זיך מיט מיר אָנגעהויבן טיילן

מיט זיין עסן, וואָס ער האָט געבראַכט אין קוילנגרובן. איך האָב אים דערפאַר אָפּגעצאָלט מיט אַ טייל פון מיין פאַרדינסט.

נאָך יעדער שיכט איז מיין קאָנטשאַפּט מיט אַטאַן געוואָרן שטאַרקער. דאָס האָט מיר אויסגעזען כמעט ווי אומגלויבלעך אין דער אַטמאָספער פון שנאה און האַס צווישן די דייטשישע און אויסלענדישע קוילנגרעבער.

ווען די רוטשע איז געבליבן שטיין ביים אויסרופן „בוטאָן", פלעגט אַטאַ צוקריכן מיטן פּעקל עסן, צעטיילן די ברויט־שניטן אויף צוויי העלפטן און ביידע האָבן מיר געשמאַק געגעסן. אַ זאַטער, איז אַטאַ געוואָרן פריילעך און שטיפעריש. הגם עס האָט מיר אויסגעזען מאָדנע און נישט פאַרשטענדלעך זיין קיצלען מיך און קאָלערן זיך איבער מיר, האָב איך אים דאָס מוחל געווען, און אַליין זיך באַטייליקט אין זיינע זינלאָזע שטיפערייען — צוליבן געשענקטן ברויט.

צווישן די אימהדיקע שטיינערנע ווענט האָט מיר שוין מער גאָרנישט געשראָקן, אַחוץ דער הונגער. דעם סוד פון אַרויסבאַקומען קוילן האָב איך אַליין געלערנט דורך אייגענער איניציאַטיוו און געפּאַר. דאָס, וואָס די דייטשן האָבן במשך פון צוויי יאָר געלערנט אין אַ גרובן־שולע, האָב איך געמוזט דערגרייכן דורך אייגענער דערפאַרונג. אָבער צו באַקעמפן דעם הונגער איז ווייניק געווען מיין איניציאַטיוו. איך האָב געמוזט וואַרטן אויף אומגעריכטע צופאַלן, וואָס איך האָב געזוכט ביי יעדער געלעגנהייט און אין יעדן מאָמענט. מיט ווענען נאָר איך בין געקומען אין קאָנטאַקט, צו ווענען נאָר איך האָב זיך דערנענטערט, האָט מיך געפירט ביי דער האַנט דער הונגער. דאָס מאָל איז דער צופאַל געווען מיין נייער דייטשי־שער שכן אַטאַ.

שוין זייענדיק דרייסט מיט אים, האָב איך אַטאַן איין מאָל געבעטן, ער זאָל מיר ברענגען אַ „ברויט־שיין". ער האָט נישט געשטעלט קיין פרייז, אָבער ער האָט מיר גלייך צוגעזאָגט אַנטקעגנצוקומען מיין בקשה.

איצט, האָב איך געטראַכט, בין איך אַ געהאָלפענער. מיט אַ ברויט וועל איך שוין וויסן וואָס צו טאָן. קודם כל, האָב איך אויסגערעכנט, וועל איך אַ גאַנצן חודש מער נישט הונגערן און יעדן טאָג זיך קענען דערלויבן איינצובראָקן אין דער מילך־זופּ נאָך אַ פּאָר פּענעצלעך ברויט. און אַז

מיר וועט געלינגען דורך אָטאָן צו פאַרשאַפן זיך נאָך אַ ברויט, וועל איך לאַכן פון דער וועלט. איך וועל דאָס ברויט צעשניידן אויף דינע פּענעצ־לעך און לאָזן עס אויסטריקענען אין מיין טאָרבע. בלויז דער געדאַנק, אַז ביי מיר אין שאַפע ליגט אַ ברויט, וועט מיך זאַט מאַכן און כ׳וועל זיך באַפרייען פון הונגער־ווייטיק.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט מיר אָטאָ אויפן וועג צו דער אַרבעט אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין אַן איינגעוויקלט שטיקעלע פּאַפּיר. דערין האָט זיך געפונען אַ שמאָל געל צעטעלע. אויף צו מאָרגנס האָב איך אויף דעם זעלבן וועג געגעבן אָטאָן אַן איינגעוויקלט שטיקעלע פּאַפּיר. דאָרט איז געלעגן אַ צענער־מאַרק־באַנקנאָט — אַ זעקסט־חלק פון מיין חודש־לעכן פאַרדינסט.

דעם רוף „בוטאָן״, וואָס איז, ווי יעדעס מאָל, פון מאָטאָר־פּונקט דערגאַנגען צו מיר, האָב איך צווישן מיינע האַנט־פלאַכן איבער־געשיקט טיפער אַראָפּ, ביז דער אָפּהילך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון פּונקט צו פּונקט איז פאַרלוירן געגאַנגען אין דער שוואַרצער טיפקייט. די רוטשע איז שטיין געבליבן.

אָטאָ איז דאָס מאָל נישט אַרויפגעקראָכן צו מיר מיט זיינע פּירקאַנ־טיק־איינגעוויקלטע ברויט־שניטן. ער איז געבליבן אונטן אויף זיין אַר־בעטס־פּלאַץ, צווישן די אונטערגעבויטע קלעצלעך, געזעסן אַן איינגע־בויגענער מיטן אַראָפּגעלאָזטן פּנים איבערן פונאַנדערגעוויקלטן פּאַפּיר צווישן זיינע פיס, געקייעט, און יעדן ביס פאַרטרונקען מיט קאַווע. ער איז געזעסן זיבן מעטער פון מיר, און דאָך האָט געשלאָגן פון דאָרט דער ריח פון פריש ברויט מיט שמאַלץ, אַזש דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַר־דרייט. ער האָט געגעסן שנעל. דאָס האָב איך דערקענט פון גיכן אונטער־טראָגן די בלעכענע באַנקע צום מויל. און וואָס שנעלער ער האָט געשלונ־גען, אַלץ שטאַרקער האָט מיר געשטאָכן אונטער די באַקן. פאַר וואָס האָט זיך אָטאָ אַזוי געאיילט מיטן עסן? ער האָט דאָך נאָך געהאַט גענוג צייט ביז צום סוף פון אַרבעטס־איבעררייס.

אָטאָ האָט היינט נישט געטיילט מיט מיר זיין עסן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז איך האָב שוין מיטגעבראַכט פון דעם ברויט, וואָס ער האָט

מיר פאַרקויפט. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז אויסטוישן דעם „שייך״ אויף אַ ברויט איז פאַר מיר געווען אַ שווערע אונטערנעמונג. איך האָב זיך געגרייט אים דאָס דערציילן. זאָל ער וויסן, אַז איך הונגער. דערווייל איז אַטאַ צוגעקראָכן צו מיר. זיינע ליפּן האָבן נאָך געגלאַנצט, פון זיין מויל האָב איך דערפילט דעם ריח פון ברויט מיט שמאַלץ. איך האָב זיך געמוזט פון אים אָפּרוקן.

— וואָרום דערווייטערסטו זיך פון מיר?

— ווייל דער גערוך פון ברויט, וואָס דו האָסט געגעסן, פאַרשאַפט מיר קאָפּ־שמערצן.

— נייק, סטאַניס, דו לייגסט! — האָט מיר אַטאַ פאָרגעוואָרפן.

— אַטאַ, גלייב מיר, אַז מיין הונגער טוט מיר איצט וויי.

— שייסע מיט דיינעם הונגער! — האָט זיך אַטאַ אַ טרייסל געטאָן — איצט וויל איך, אַז דו זאָלסט זיין גוט צו מיר, ווי איך צו דיר.

— וואָרום מיינסטו בין איך צו דיר שלעכט?

— ווייל דו רוקסט זיך אָפּ פון מיר.

— צו וואָס ברויכסטו מיך לעבן דיר?

— איך וויל דיך צערטלען...

— דו טרוימסט? מיינסט, אַטאַ, אַז די קוילן־ברעקלעך אונטער דיר זענען שפּרינגפעדערן פון אַ מאַטראַץ און איך — אַ פרוי?...

— פוי! איך האָס די פרויען! איך ליב נאָר מענער!

איך האָב אָנגעקוקט אַטאַן, געזוכט אויף זיין פּנים כאָטש אַ סימן פון אַן איראָנישן שמייכל נאָך זיינע ווערטער, וואָס האָבן אויסגעזען גיכער ווי אַ באַנאַלער שפּאַס, אָבער אַטאַס פּנים האָט אויסגעדריקט כעס צוליב מיין צווייפלהאַפטן בליק אויף אים. באַלד איז זיין אָנגעצויגענע שטימונג געוואָרן נאָכגעלאָזענער.

— סטאַניס, לאַזטו דיך „פּיקן״, האָסטו מער קיינעם הונגער...

דאָס געפיל פון עקל, וואָס אַטאַ האָט דערוועקט אין מיר, האָב איך פאַרדעקט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל. דאָס האָט אַטאַן פאַרפירט און ער איז געוואָרן נאָך דרייסטער:

— ווען דו איינשטימסט, ברענגע איך דיר מאָרגן פיל צום פרעסן...

איך האָב זיך אָפּגערוקט פון אָטאָן און אים אויסגעלאַכט.

— טרייבסטו שפּאַס מיט מיר, סטאַניס?

— איך דענקע, דאָס דו, אָטאָ, טרייבסט מיט מיר שפּאַס.

— סטאַניס, דו ביסט דום, דו פאַרשטייסט ניכטס... — האָט אָטאָ אָנגעוויזן מיטן שפּיץ פינגער אויף זיין שטערן.

די קייט האָט זיך אַ שאַר געטאָן אין דער רוטשע. איך האָב געלאָזט אין גאַנג מיין לופט־האַמער. אָטאָ האָט זיך דערפילט אַנטוואָפנט. אַן אָנגעלאָדע־נער מיט אַ פאַרביסענעם שווייגן איז ער אַראָפּגעקראָכן צו זיין אַרבעטס־פּלאַץ.

דאָס איז געווען מיין לעצטער געשפּרעך מיט אָטאָ. ער האָט מיך אָנ־געהויבן אויסמיידן, און ווען אים איז אויסגעקומען מיר פאַרבייצוגיין, האָט ער געוואָרפן אין מיין זייט אַ פיינטלעכן בליק.

דערנאָך האָט אָטאָ אַרויסגעוויזן זיין פיינטשאַפט צו מיר אויך ביי דער אַרבעט. ווען די רוטשע איז געוואָרן איבערגערוקט נאָענט צו דער קוילן־וואַנט, האָט ער מיט אַ בייזער כוונה אַריינגעוואָרפן אַ שפּיציקן קוילן־שטיק, וואָס האָט דורכגייענדיק געדאַרפט מיך צודריקן צו דער וואַנט. איך האָב דאָס באַצייטנס באַמערקט און מיט דעם לופט־האַמער געשפּאָלטן דאָס שטיק. אַ ביסל שפּעטער האָט ער איבערגעחזרט דאָס זעלבע. איך האָב אַראָפּגעשריגן צו אָטאָן און אים געוואָרנט.

— לעק מיר דעם „אַרש" — האָט ער אַרויפגעשריגן צו מיר.

— דיינעם באַשייסטן „אַרש"?

— האַלט די שנאָוצע, פערפלוכטער פּאָלע!

קעגן אָטאָס אַגרעסיווקייט האָב איך זיך געמוזט פאַרטיידיקן.

— 1X1־1

מיט די ציפערן האָב איך סיגנאַליזירט דורך דער לופטרער.

די רוטשע איז געבליבן שטיין.

— פונקט 12! רוטשע־מייסטער, אַרונטערקומען!

מיין רוף איז איבערגעגאַנגען פון פונקט צו פונקט איבער דער גאַנצער שטרייב.

— 2X1־1

די רוטשע האָט ווידער אָנגעהויבן גיין. דער מייסטער איז אָנגעקומען צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ. איך האָב אים געמאָלדן וועגן אָטאָס שטערן מיר אין דער אַרבעט. אָטאָ האָט געלייקנט און געפּרוווט וואַרפן זיך אויף מיר שלאָגן. איך האָב זיך געכאַפּט צום לופט־האמער. ראָלאַנד איז אַריין צווישן אונדז און געוואָרנט קעגן שטערן די אַרבעט. די וואָרענונג האָט אָטאָן גע־צוימט ביז צום סוף שיכט.

אויף צו מאָרגנס האָט ראָלאַנד אונדז פונאַנדערגעטיילט אין באַזונ־דערע פּונקטן, ווייטע איינער פון צווייטן. אָטאָ איז מער נישט געווען מיין אַרבעטס־שכן.

דער ברויט־קופּאָן, וואָס איך האָב באַקומען פון אָטאָ איז נאָך געלעגן ביי מיר אין טאַש. איך האָב געזוכט אַ מעגלעכקייט אויף וואָס פאַר אַן אופן איינצוקויפן דאָס ברויט. אַ ניי אָנגעקומענער פּאָליאַק פון אַ דייטשיש דאָרף האָט מיטגעברענגט ברויט־קופּאָנען. איך האָב זיך אָפּגערעדט צו גיין מיט אים אין שטאָט.

יוזעף, מיין נייער שכן, איז געגאַנגען מיט מיר איינקויפן דאָס ברויט. ער האָט גענומען אויך מיין קופּאָן און איך האָב אים באַגלייט ביזן שפּייז־געוועלב, ווּהין ער איז אַריין און זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ריי צווישן די דייטשישע קונים.

יוזעף איז צוריקגעקומען פון געוועלב אין דער באַגלייטונג פון אַ געל־מונדירטן דייטש, וואָס האָט אונדז ביידן אַוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס. דער דייטש מיטן האַקנקרייץ אויפן אַרבל האָט אונדז באַפוילן צו גיין פאָרויס.

— יוזעף, זאָלסט זאָגן דעם אמת, אַז די ברויט־קופּאָנען האָט דיר גע־שענקט דער דייטשישער פּויער ביי וועמען דו האָסט געאַרבעט.

מיט אַ קלאַפּ אין רוקן האָט דער דייטש מיך געוואָרנט נישט צו רעדן, מיר זענען איצט אַרעסטירטע.

אין דער זשאַנדאַרמעריע האָט דער געל־מונדירטער דייטש געמאָלדן, אַז ער האָט אונדז פאַרהאַלטן ביים וועלן איינקויפן ברויט.

אַ זשאַנדאַר האָט מיך מיט יוזעפן פונאַנדערגעטיילט. מיך האָט ער דעם ערשטן אַריינגעפירט אין אַ צימער. אַ דיקער פּאָליציימאַן ביי אַ שרייבטיש האָט מיט אַ שאַרפן בליק מיך צוגערופן צו זיך.

— וויסטו, דאָס אים דויטשלאַנד פאַרבאָטען איזט פיר אָוסלענדער קאַופען בראָט? — האָט דער פּאָליציימאַן געפרעגט נאָכן אויסהערן דעם ראַפּאָרט צוליב וואָס פאַר אַ חטא איך שטיי פאַר אים.

— ניקס פערשטיין דויטש — האָב איך געענטפערט מיט אַ געצוימ־טער רויקייט.

— צייג דיין קענקאַרטע!

איך בין געשטאַנען גלייך אויסגעצויגן און נישט געענטפערט.

— דאָקומענט! דאָקומענט! — האָט אין אויפרעגונג געשריגן דער פּאָליציימאַן.

איך האָב פון בוזעם־טאַש אַרויסגעצויגן מיין אַרבעטס־קאַרטע. דער זשאַנדאַר האָט אַריינגעקוקט אין דאָקומענט און געכאַפּט אַ בליק אויף דער אויסגענייטער „פּ״ אויף מיין ברוסט. ער האָט אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן. באַלד איז פון אַ צווייטן צימער אַריינגעקומען אַ פרוי, און זי האָט פאַר מיר איבערגעחזרט זיין פראַגע אין אַ צעבראָכענעם פּויליש.

— איך בין נישט אַריין קויפן קיין ברויט.

— וועמען געהערן די ברויט־שיינען? (די פרוי זעצט איבער אין פּויליש).

— נישט צו מיר.

— פון וואַנען האָט דיין קאָלעגע גענומען די ברויט־שיינען?

— פון דייטשישן פויער ביי וועמען ער האָט געאַרבעט — זעצט די פרוי איבער אין פּויליש.

— און דו האָסט ברויט־שיינען?

— ניין.

דער אויספאָרשער האָט באַפוילן דעם זשאַנדאַר, אַז ער זאָל מיך רעווידירן. אַלע מיינע טאַשן זענען געווען לער. נאָך דעם האָט מען מיך אַרויסגעפירט, און יוזעף איז אַריין אין זעלבן צימער. נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג איז ער פון דאָרט אַרויס מיט אַ בלאַס פּנים. ער האָט מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן. אַ זשאַנדאַר האָט אונדז געוואָרנט נישט צו קויפן מער קיין ברויט, אויב מיר ווילן אויסמיידן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, און באַפוילן אונדז צו גיין צוריק אין לאַגער.

יוזעף איז געווען צופרידן נאָך דער איבערגעקומענער שרעק, אָבער מיר איז געווען אומעטיק, ווי איך וואָלט פאַרלוירן אַ גרויס פאַרמעגן.

# קאַפּיטל צוועלף

נאָכן אומקערן זיך פון קאָנצענטראַציע־לאַגער איז באָלעק געווען שטאַרק נערוועז. אין קוילנגרובן האָט אים יעדע שווערקייט געערגערט. ער האָט פאַרלוירן דאָס געדולד צו מענטשן און אויך צו זיינע אַרבעטס־מכשירים, וועלכע ער האָט געשאָלטן און געשליידערט פון די הענט ביי יעדער מינדסטער שטערונג.

אין די נעכט האָט באָלעקן זיך געדאַכט, אַז אַלע פליי, לייז און וואַנצן מיידן אויס זיינע שלאָפנדיקע שכנים און זיי קריכן נאָר צו אים, שטעכן, בייסן זיין לייב און רייסן פון אים לעבעדיקע שטיקער.

באָלעק האָט אויסגעפונען אַ מיטל ווי אַזוי צו טויטן די ווערעם. ווי נאָר ער האָט דערפילט אַ שטאָך אויף זיין לייב, האָט ער צעשניטן דעם וואָרעם מיט די לאַנגע נעגל, וואָס ער האָט ספּעציעל זיך געלאָזט וואקסן. באָלעק איז שוין געווען אַזוי איינגעאיבט אין דער אַרבעט, אַז ער פלעגט עס מאַכן אין מיטן שלאָף.

אָבער אין די זומערדיקע חדשים, ווען די ווערעם האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט, איז באָלעק מיט זיינע לאַנגע נעגל געוואָרן מאַכטלאָז. דער עי־קר קעגן די צעקוועטשטע וואַנצן מיט דעם איבלדיקן ריח, וואָס האָט גע־שלאָגן צום האַרצן. אַ פאַרשלאָפענער האָט ער זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און געהאַקט דעם קאָפּ אין שטרוי־קישעלע.

די שכנים אין באַראַק האָבן מיט אומצופרידנקייט אויפגענומען באָלעקס אומרו. זיי איז נישט אָנגעגאַנגען צוליב וואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרענדערט, און זיי האָבן אים פיינט געקריגן. נישט איין מאָל האָט באָלעק געפּרוווט פאַרטיידיקן זיך קעגן די אָנפאַלן און זידלערייען פון די שכנים, אָבער ער איז פון אַלעמען פאַרשריגן געוואָרן ווי אַ נאַר און עקשן. דאָס האָט ביי באָלעקן אָפּגעשוואַכט דעם ווידערשטאַנד־געפיל און ער איז געוואָרן ביי זיך אין די אויגן נאָך מער געפאַלן.

וואַצעק איז מיטגעריסן געוואָרן מיט די שכנים. אויך ער האָט זיך געשטעלט אויף זייער זייט, ווען באָלעק איז אָנגעגריפן געוואָרן. וואַצעק האָט איצט געפינען די געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט באָלעקן פאַר אַלע קלענערע און גרעסערע סכסוכים צווישן זיך אין משך פון זייער שלאָפן אויף איין פּריטשע־בעט.

באָלעק האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן אין די אָנגע־שטרענגטע באַציִונגען מיט די שכנים. צו בלייבן שטענדיק דער אויסגע־לאַכטער און אומגערעכטער — איז געווען קעגן זיין נאַטור. אים האָט גע־פּרעסן דער כעס פאַר וואָס אַנדערע אין באַראַק פירן זיך אויף ווי זיי ווילן, קיינער האָט נישט צו זיי קיין טענות, און נאָר צו אים האָט יעדער איינער חוצפה. אָדער מען לאַכט אים אויס, אָדער מען שרייט אויף אים.

אויך פאַרן אַוועקנעמען אים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט באָלעק שטאַרק געליטן. אָבער פריער האָט ער געהאַט אין זיך מער מוט און כוח צו באַקעמפן די צרות און דעם הונגער. די ערשטע צייט פלעגט ער גנבֿנען פון די שאַפקעס אַ נישט דערהיטן שטיקל ברויט, ביז מ׳האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט און ער האָט דערפאַר באַקומען גוט אָנגעבראָכן די ביינער. נאָך דעם פלעגט ער מיט חניפה־שטיקלעך אויסבעטן אַ פּענעצל ברויט אָדער אַ פּאָר לעפל זופּ, ביי וועמען ער האָט געקענט, אַבי איין מאָל כאָטש צו דערפילן דעם טעם פון ווערן זאַט. אַזוי איז עס געווען ביז ער איז אַריינ־געפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

פון קאָנצענטראַציע־לאַגער איז באָלעק צוריקגעקומען מיט גרעסערע ווונדן אין זיין נשמה, ווי אויף זיין לייב. אים איז שווער געווען צו פאַרגעסן די אַלע איבערגעלעבטע פּיינען אין משך פון די דרייסיק טעג קאָנצענטראַציע־לאַגער. די ווונדן אויף זיין קערפּער זענען שוין געווען פאַרהיילט, אָבער אין אים איז נאָך געבליבן דאָס געפיל פון שרעק צו יעדן, וואָס האָט זיך קעגן אים פאַרמאָסטן.

די שכנים האָבן געחוזקט פון באָלעקס נידערשלאָגנקייט. אַז באָלעק האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים עק פון טיש מיט אַן אַראָפּגעלאָזט פּנים אויף זיינע צונויפגעלייגטע הענט און אומעטיק געקוקט צום שטיינערנעם דיל, האָבן שטענדיק זיך אויסגעפונען פלינקע הענט, וואָס האָבן אים אַ צופּ

געטאָן ביי אַן אויער און גיך זיך צוריקגעצויגן הינטער זיינע פּלייצעס. דאָס האָט אַלעמען געמאַכט לאַכן, אָבער באָלעקן האָט דאָס אויפגערעגט ביז ציין־קריצעניש.

איין מאָל האָט באָלעק אָנגעכאַפּט בראָנעקס האַנט, וואָס איז שוין גע־ווען נאָענט צו זיין אויער. צווישן זייביידע איז אויסגעבראָכן אַ קורץ גע־שלעג, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט באָלעקס נצחון. בראָנעק איז געבליבן שטיין ביי דער וואַנט מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז און באָלעק האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט מיט אַ נאָך נישט געשטילטן כעס. דאָס מאָל איז בראָנעק געבליבן דער אויסגעלאַכטער.

בראָנעק, דער אַלטער קאַוואַלער, וואָלט זיך מיטן יונגן באָלעק קיין מאָל נישט אַריינגעלאָזט אין אַ געשלעג. דאָס וואָלט אים נישט געפּאַסט צו דער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט צווישן די שכנים אין באַראַק. ער, דער פרומער בראָנעק, האָט מער נישט געוואָלט, ווי מיטבאַטייליקן זיך אין דער אַלגעמיינער חוזק־שפּיל איבער באָלעקן, און אויך ער האָט אים געפּרוּווט געבן אַ צופּ ביים אויער. ביי אַלעמען האָט באָלעק פאַרשפּעטיקט מיטן אויפהייבן דעם קאָפּ, נאָר גראָד אים, בראָנעקן, האָט באָלעק גע־כאַפּט פאַר דער האַנט. בראָנעקן האָט דאָס שטאַרק געקרענקט, ווייל זינט ער וווינט אין באַראַק האָט ער שוין אויסגעפירט אַ סך גנבהלעך און קיין מאָל האָט אים קיינער נישט געקענט כאַפּן ביי דער האַנט.

אים האָבן גוט געקענט זיינע דאָרפישע שכנים פון לוויוויטשער געגנט. זיי האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז בראָנעק איז אין איין נאַכט פעיק געווען צו מאַכן אַ גנבה אין דאָרף, פאַרקויפן זי, פאַרשיכורן דאָס געלט, און דערנאָך זאָל מען אים געפינען אַ רויקן שלאָפן אויף זיין שטרויזאַק.

איין מאָל איז ער אַריינגעפאַלן ביי אַ גנבה. ער האָט איבערגעטראָגן סנאָפּעס קאָרן פון אַ ווייטן שכן אין דאָרף צו זיך אויף זיין פעלד. בראָנעק האָט זיך געשוווירן, אַז דאָס איז זיין קאָרן, אָבער דער שכן האָט דער־קענט די זאַנגען פון זיין שניט, וואָס זענען שוין געווען צוזאַמענגעמישט מיט בראָנעקס סנאָפּעס. אין געריכט האָט דער שכן פאַרשפּילט, אָבער אין דאָרף האָט מען בראָנעקן געהאַלטן פאַר אַ נישט אַנטדעקטן גנב.

אַזאַ איז בראָנעק אויך געווען צווישן די שכנים אין באַראַק. ער האָט קיין מאָל נישט געגנבעט פון אַ שאַפּקע מער וויפל ער האָט באַוויזן גלייך אויפצועסן.

נאָכן געשלעג מיט באָלעקן האָט בראָנעק זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ באַהאַלטן נקמה־געפיל און געזוכט אַ געלעגנהייט אָפּצוצאָלן באָלעקן פאַר דער חרפה, וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט.

איין מאָל, אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן, ווען אַלע לאַגעריסטן פרייע פון דער אַרבעט האָבן זיך געפונען אין לאַגער, איז צווישן די שכנים אין באַראַק אויסגעבראָכן אַ קריגערײַ צוליב אַ געגנבעטן קוכן. לעאָן, בײַ וועמען מ׳האָט דעם קוכן געגנבעט, האָט געהאַקט מיט דער פויסט אין טיש און געדראָט מיט איבערקערן דעם באַראַק, אויב מ׳וועט אים תיכף נישט אומקערן דעם קוכן, וואָס ער האָט מיט אַ טאָג פריער באַקומען צוגע־שיקט פון דער היים.

לעאָנס אויפגערעגטע שטים האָט אָפּגעהילכט אין באַראַק. קיינער האָט נישט געוואָגט צו פאַרמעסטן זיך מיט אים. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין לעאָנס קרעפטיקע הענט איז בעסער נישט אַרײַנצופאַלן.

האָט זיך אויסגעפונען איינער, וואָס האָט מיט אַ דרייסטער שטים זיך אַרויסגעשטעלט פאַרטיידיקן דעם כבוד פון די באַליידיקטע שכנים, און דאָס איז, צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, געווען גראָד בראָנעק. לעאָן איז צוגעלאָפן צו אים מיט אויסגעצויגענע שטייפע פינגער, ווי דורכצו־שטעכן בראָנעקס אויגן, אָבער בראָנעק האָט זיך נישט פאַרלוירן, נאָר מיט אַ פּאָר שטילע ווערטער פאַריאָגט לעאָנען צו באָלעקס שאַפּקע.

די שכנים האָבן אָנגעשטעלט זייערע בליקן אויפן איינגעבויגענעם לעאָן בײַ באָלעקס שאַפּקע, פון וואַנען עס האָבן אָנגעהויבן אַרויספליען אַלטע צעקנייטשטע שמאַטעס. פּלוצלינג האָט זיך אויפן דיל אַ קאָלער געטאָן אַ שטיקל קוכן. לעאָן האָט דאָס אַ כאַפּ געטאָן, אַ ווײַלע זיך אײַנגעקוקט אין דעם און גלייך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום בעט, פון וואַנען באָלעק האָט אַרויסגעקוקט אַ צעטומלטער.

— אין דײַן מאַמען אַרײַן! איך וועל דיך צעטרעטן ווי אַ וואָרעם. דו וועסט וואַגן בײַ מיר צו גנבענען?

מיט אַ פֿאַרהאַקטן אָטעם איז באָלעק געזעסן אַ נאַקעטער אַנטקעגן לעאָנס געביילטע פויסטן איבער זיין פּנים.

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט ביסטו צוגעגאַנגען צו מיין שאַפקע?

— איך בין ביי דיין שאַפקע נישט געווען און דיין קוכן פאַר מיינע אויגן נישט געזען — האָט באָלעק געענטפערט מיט אַ ציטערדיק קול.

— דו האָסט נאָך די חוצפּה צו לייקענען? קריך אַראָפּ פון בעט!

— לעאָן, ווי גאָט איז מיר ליב!

— דו שטיק טינופת! — האָט לעאָן אים געשלעפּט פאַר די האָר — פאַרמאַך די מאָרדע!

די אָנגעלאָפענע שכנים האָבן גערופן צו לעאָנען:

— לערן אים אָן, אַז ער זאָל מער נישט גנבענען!

— אין די ציין אַריין! אין די ציין אַריין! — האָט בראָנעק אַראָפּ־געשריגן פון אַ באַנק.

לעאָן האָט געוויזן זיין כוח. מיט איין קלאַפּ האָט ער באָלעקן אַוועק־געלייגט אַ צעבלוטיקטן.

— גיב אים! גיב אים נאָך!

— זאָל אים דער טייוול נעמען! — האָט לעאָן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַוועק אין אַנדערן עק באַראַק.

באָלעק איז געלאָפן מיט דער האַנט אויפן פּנים אין וואַש־צימער, געשווענקט דאָס מויל ביז פון זיינע ציין האָט אויפגעהערט רינען בלוט.

לעאָנס צעקאָכטע בלוטן האָבן זיך נישט געקענט איינשטילן. ער האָט אַ רוף געטאָן בראָנעקן צו זיך, און ביידע זענען זיי מיט אייליקע טריט אַרויס פון באַראַק.

באָלעק איז געלעגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט מיט אַן איבערגעדעקט פּנים. אַלע זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז ער האָט באַקומען אַ פאַר־דינטע שטראָף. „זאָל ער נישט גנבענען — האָבן די שכנים גערעדט צווישן זיך — וועט אים קיינער נישט שלאָגן“.

פיאָטר, מיין נאָענטסטער שכן פון אויבערשטן פּריטשע־בעט, איז געלעגן אויף דער זייט און אַראָפּגעקוקט צו באָלעקן. אויף זיין פּנים האָב

איך דערקענט, אַז ער, דער געוועזענער פּאַראָבעקביים יידישן מילנער אין לוויטש, נעמט זיך איבער פון באָלעקס מצב.

איך האָב געוואָלט אויפוועקן אין דעם שטילן באַיאָרטן פּיאָטר דאָס געפיל פון מיטלייד צו אַן אומשולדיק געשלאָגענעם. איך האָב אים געזאָגט, אַז עס איז אַ גרויסע זינד צו רודפן אַזאַ אויסגעמאַטערטן מענטש, ווי באָלעק.

פּיאָטר האָט נישט אָראָפּגענומען זיין בליק פון באָלעקס בעט, גע־שאָקלט מיטן קאָפּ און אַ פּאָר מאָל איבערגעחזרט:

— אַ גרויסע זינד... אַ גרויסע זינד...

— פּאַניע פּיאָטזשע — האָב איך זיך אויסגעבויגן צו זיין בעט — פּאַר וואָס זאָלן מיר דערלאָזן, אַז באָלעק זאָל שטענדיק זיין דער באַעוול־טער און געשלאָגענער?

— ווער פון אונדז קען דען פּאַרמעסטן זיך מיטן שטאַרקן לעאָן, בפרט נאָך, אַז באָלעק האָט ביי אים געגנבעט?

— דאָס איז נאָך קלאָר נישט באַוויזן געוואָרן.

— אָבער ביי באָלעקן האָט דאָך לעאָן געפונען אַ שטיק פון זיין קוכן. איז דאָס נישט קיין באַווייז?

— אין דעם גייט עס טאַקע. איך האָב אַ חשד, אַז נישט באָלעק, נאָר בראָנעק האָט דעם קוכן געגנבעט.

— פּאַר וואָס — האָט פּיאָטר אָפּגעריסן זיין קאָפּ פון שטרוי־קישעלע — מיינט איר אַזוי, פּאַניע סטאַניסלאַוויע?

— ווייל דווקא בראָנעק דער גנב האָט אָנגעוויזן לעאָנען אויף באָ־לעקס שאַפּקע.

— מ׳קען אפשר אַזוי טראַכטן, אָבער אַלע האָבן דאָך געזען די גנבה ביי באָלעקן אין שאַפּקע — האָט פּיאָטר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו זיינע ווערטער.

— פּאַניע פּיאָטזשע, ווען לעאָן האָט אָפּגענומען דאָס פּעקל פון פּאָסט, איז באָלעק געווען אין קוילנגרובן. פּאַרן שלאָפּנגיין זענען מיר אַלע געווען אין באַראַק. אין דער צייט פון נאַכט־אַלאַרם איז באָלעק געווען צוזאַמען מיט אונדז אין בונקער. איז ווען האָט ער געגנבעט?

— ביי נאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן.

— איך בין זיכער, אַז נישט.

— זייט נישט אַזוי זיכער. באַלעק איז צו דעם פעיק.

— ווען באַלעק האָט דאָס לעצטע מאָל געקריגן געשלאָגן פון סטע־פאַנען, האָט ער פאַר מיר געשוואוירן, אַז ער וועט שוין מער נישט גנבענען.

— יאָ — האָט פּיאָטר זיך צעשמייכלט — ביז ס׳האָט אים ווידער אַ צי געטאָן צו לעאָנס שאַפּקע.

— איר האָט אַ טעות, פּאַניע פּיאָטזשע. איך קען גוט באַלעקן. ער וועט מער נישט גנבענען.

— ווער ווייסט ? קען זיין — האָט פּיאָטר אַ קוועטש געטאָן מיט די ליפּן.

— צווייפלט נישט אין דעם. איך מיין, אַז ווען מיר ביידע נעמען זוכן אין בראָנעקס שאַפּקע, וואָלט זיך אַרויסגעוויזן ווער ס׳האָט געגנבעט דעם קוכן.

— קען זיין, קען זיין — איז פּיאָטר געוואָרן נאָכגיביקער — אויף דעם סקורוויסין איז אַלץ צו גלייבן.

פּיאָטר האָט צוריק זיך אַוועקגעלייגט. מיר האָבן ווייטער געשמועסט וועגן באַלעקן און וועגן אונדזער טאָג־טעגלעכן לאַגער־לעבן. איך האָב אויסגעהערט מיט געדולד פּיאָטרס אַלע טענות און פאָרווורפן קעגן די, וואָס פאַרשטייען נישט, אַז כאָטש אין באַראַק דאַרף זיין רויק.

באַלעק איז געלעגן מיטן פּנים פאַרגראָבן צווישן זיינע צונויפגעלייגטע הענט אונטערן שטערן. ער האָט זיך געפילט אָפּגעזונדערט פון זיינע שכנים און נישט געוואָלט קיינעמען קוקן אין פּנים אַריין. וואַצעק איז געלעגן אין זיין אונטערשטן בעט מיט אָפענע אויגן און אַרויפגעקוקט צו אונדז. אים איז יאָ אָנגעגאַנגען וואָס מיר רעדן, אָבער ער האָט מיט קיין וואָרט זיך נישט אָנגערופן.

די מערהייט שכנים זענען שוין געווען אָנגעטאָן אין זייערע ריינע מלבושים. אין באַראַק האָט זיך געשטעלט מיט רעש און באַוועגונג דער זונטיקדיקער טאָג, ווען אַלע זענען באַפרייט פון דער אַרבעט אונטער

דער ערד און מען קען זיך פריִען מיט דער אויפגייענדיקער זון איבערן לאַגער.

מיט אַ מאָל האָט זיך צעפּראַלט די טיר. אין באַראַק זענען מיט אימ־פּעט אַריין זבישעק און יאַנטשוק. הינטער זיי — לעאָן און בראָנעק. די אַלע פיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פון ביידע זייטן בעט, ווו באָלעק איז געלעגן אין זיין פריערדיקער פּאָזע.

— העי, דו, פריץ! קענסט אפשר אַרויסקריכן פון אונטערן קאָץ? — האָט זבישעק אויסגעשריגן.

— פּאָשאָל אַרויס! — האָט יאַנטשוק איבערגעשריגן זבישעקן און אַ טרייסל געטאָן דאָס בעט.

— הינטישער זון, הערסט נישט וואָס מ׳רעדט צו דיר? — האָט לעאָן געגוואַלדעוועט.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט באָלעק געפרעגט, אַ צעטומל־טער פון פלוצלינגן אָנפאַל אויף אים.

— מילטש! (שווייג) — האָבן אַלע צוזאַמען אויסגעשריגן.

אַראָפּרייסנדיק דעם קאָץ פון באָלעקן, האָט זבישעק באַפוילן:

— אַרויס פון בעט! אָבער גלייך!

— דו קורווישער זון, פאַר וואָס ביסטו ווידער געקראָכן צו אַ פרעמ־דער שאַפקע? — האָט יאַנטשוק אויסגעצויגן זיין קאָפּ צו באָלעקן, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון בעט.

— איך האָב ביי לעאָנען נישט געגנבעט... איך ווייס פון גאָרנישט, פון גאָרנישט, ווי גאָט איז מיר ליב...

— האָסט נאָך מוט צו לייקענען?! נאַ דיר! איצט וועסטו וויסן וואָס מ׳באַקומט פאַר גנבענען!

— נעמט אים! — האָט זבישעק אָנגעררייצט זיינע געהילפן.

באָלעק האָט זיך אָנגעהאַלטן אין זיינע נישט פאַרמאַכטע הויזן.

יאַנטשוק, לעאָן און בראָנעק האָבן אַ כאַפּ געטאָן באָלעקן פאַר די הענט און פיס און אים אויסגעלייגט אויפן טיש. די שכנים האָבן זיך געשטויסן צום אָרט, ווו באָלעק איז געלעגן און געריסן זיך פון די פאַר־קלעמטע הענט. זבישעק האָט אַרויסגעצויגן פון טאַש אַ געפלאָכטענע

בייטש און אָנגעהויבן ציילן די שמיץ אויף באַלעקס הינטן: איינס, צוויי, דריי, פיר, — ביז צען.

פּיאָטר האָט מיט שאַרפע בליקן געקוקט פון זיין אויבערשטן בעט אויף דער אינקוויזיציע־סצענע. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער געכאַפּט די הויזן און שנעל אַרויפגעצויגן זיי אויף די פיס. אַ באָרוועסער איז ער צוגעלאָפן צו בראָנעקס ווינקל, גענומען אויסטאַפּן דעם שטרויזאַק, גע־זוכט און גענישטערט אין די ווינקלען פון בעט.

אַן איינגעבויגענער איבער בראָנעקס בעט האָט פּיאָטר דערזען ווייסע קרישקעס, צוגעקלעפּטע צום גרויען קאָץ. ער האָט די ברעקלעך צוזאַ־מענגעשאַרט אויף זיין האַנטפלאַך און דאָס בערגעלע קרישקעס אונטער־געטראָגן צו דער נאָז. ער האָט האַסטיק זיך אַ קער געטאָן צו בראָנעקס שאַפקע און מיט איין דריי אַראָפּגעריסן דאָס שלעסל פון אייזערנעם אויערל.

פּיאָטר איז מיטן קאָפּ אַריין אין דער צעעפנטער שאַפקע. פון זיינע שנעל באַוועגנדיקע עלנבויגנס האָט מען דערקענט, אַז ער מישט דאָרט מיט די הענט צווישן בראָנעקס אָנגעוואָרפענע שמאַטעס. צוריקציענדיק זיך פון דער שאַפקע מיט אַ שטיוול אין די הענט, האָט פּיאָטר אויסגע־רופן:

— קומט, וועט איר זען, וואָס דער סוקינסין האָט באַוויזן אָפּצוטאָן!

די נייגעריקע צוזאַמענגעקוועטשטע שכנים אַרום פּיאָטרן האָבן אַריינ־געקוקט אין לאָך פון שטיוול און אַריינגעמרוקעט אין דער כאָלעווע: „אַזאַ הורנזון". אַ שטיק פון לעאָנס קוכן איז געלעגן טיף פאַררוקט אין האַלדז פונעם שטיוול.

פּיאָטר האָט מיטגערופן די פּאָר שכנים צום אַנדערן עק באַראַק, צום טיש, אויף וועלכן מען האָט באַלעקן נאָר וואָס געשמיסן. פּיאָטר האָט אויסגעשריגן פון זיין אָנגעדראָלענעם האַלדז:

— לאָבוזי! איר האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן פון דעם גנב! לאָבוזי!

זבישעק מיט יאַנטשוקן האָבן זיך פאַרהאַלטן אין מיטן וועג צום אַרויסגאַנג פון באַראַק. מיט פאַרוווּנדערטע בליקן האָבן זיי זיך אומגע־קוקט אויף פּיאָטרס צעשטרייטן אויסזען, אויפן נאָכהענגענדיקן שטיוול

אין זיין אויסגעצויגענער האַנט. מיט צעשמייכלטע פּנימער האָבן זיי זיך אומגעקערט צום טיש.

— איר לאַכט? אָבער דער גנב לאַכט נישט! — האָט פּיאָטר געשאָקלט מיט זיין פויסט קעגן בראָנעקן.

זבישעק איז צוגעגאַנגען נענטער צו פּיאָטרן:

— אין וואָס גייט איך דאָ? פון אייער שרייען פאַרשטיי איך גאָר־נישט.

— איר האָט צעהאַקט באַלעקס הינטן — האָט פּיאָטר אָפּגעמאָסטן זבישעקן מיט אַ שאַרפן בליק — ווייל בראָנעק האָט געגנבעט דעם קוכן?

— אַ משוגענער! — האָט זבישעק געזאָגט צו די צוזאַמענגעקומענע שכנים — הערט זיך איין: בראָנעק, זאָגט ער, האָט געגנבעט, און ביי באַלעקן האָט מען געפונען דעם קוכן.

— משוגע בין איך? וועט איר באַלד זען ווער ס׳האָט געגנבעט!

פּיאָטר האָט איבערגעדרייט דעם שטיוול, און אויפן טיש האָבן גענו־מע פאַלן צעריבענע שטיקער קוכן. נאָכן אויסשאָקלען אַלע ברעקלעך, האָט פּיאָטר מיט אַ הילכיקן זעץ אַוועקגעשטעלט דעם שטיוול אויפן טיש.

בראָנעק האָט זיך צוגערוקט צו דער וואַנט. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן, ווי ער וואָלט נישט געקענט פאַרטראָגן די בליקן פון אַלע זייטן.

זבישעק איז צוגעגאַנגען צו בראָנעקן און אים געפרעגט:

— דער שטיוול איז דיינער?

— יאָ, פּאַניע זבישקו.

— פאַר וואָס האָסטו אָנגעוויזן אויף באַלעקן?

— ווייל ער האָט געגנבעט.

— טאָ פון וואַנען קומען די שטיקער קוכן צו דיר אין שטיוול?

— באַלעק האָט מיר דאָס זיכער אונטערגעוואָרפן.

— וואָס? באַלעק האָט געגנבעט, אַז דו זאָלסט פרעסן דעם קוכן און ער זאָל קריגן שמיץ?

ס׳האָבן זיך דערהערט חוזק־געלעכטערס. בראָנעק האָט עפּעס גע־שטאַמלט, אָבער קיינער האָט אים נישט געהערט.

— נו, און אפשר — האָט זבישעק צוזאַמענגעלייגט זיינע הענט אויף

דער ברוסט — איז דאָס געווען פּונקט פאַרקערט? דו האָסט געגנבעט, און באַלעקן האָסט דו אונטערגעוואָרפן אַ שטיק קוכן?

— ריכטיק, אַזוי איז ריכטיק! — האָבן זיך דערהערט קולות.

בראָנעק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין". לעאָן האָט זיך אַ ריס געטאָן צו אים מיט אַ געביילטער פויסט.

— ניין, ניין! האַלט זיך איין! — האָט זבישעק צעשפּרייט זיינע הענט צווישן לעאָנען און בראָנעקן — ער וועט אַליין דערציילן דעם אמת.

בראָנעק איז געשטאַנען אַ בלייכער און געשוויגן.

— זאָגסט דעם אמת, אָדער נישט?

— ווי גאָט איז מיר ליב, אַז איך זאָג דעם אמת.

— דו קורווישער זון! — האָט פּיאָטר אַ שפּרייז געטאָן צו בראָנעקן — זאָג, ווּ ביסטו געווען ביי נאַכט, אין דער צייט פון אַלאַרם?

— אין לופטשוץ־קעלער — האָט בראָנעק קוים אַרויסגערעדט.

פּיאָטר האָט זיך אויסגעדרייט:

— ווייז אָן כאָטש איינעם פון די שכנים, וואָס האָט דיך געזען אין קעלער!

— ס'איז דאָך געווען פינצטער.

— דו גנב! — האָט פּיאָטר אַריינגעשריגן אין בראָנעקס פּנים — טאַקע אין דער פינצטער ביסטו אַליין געבליבן אין באַראַק...

זבישעק האָט געפרעגט:

— ווער האָט געזען באַלעקן אין קעלער?

— איך! איך! איך אויך! — האָבן אויפגעהויבענע פּנימער זיך איבערגעשריגן.

וואַצעק האָט זיך אַרויסגערוקט פון צווישן די צוזאַמענגעקוועטשטע שכנים:

— באַלעק איז געשטאַנען לעבן מיר מיט אַן אַרומגענומענעם קאַץ.

— און ווער האָט געזען בראָנעקן אין קעלער?

קיינער האָט נישט געענטפערט אויף זבישעקס אַרומקרייזנדיקן בליק איבער אַלעמענס קעפּ.

זבישעק האָט זיך אַ קער געטאָן מיט אָנגעצונדענע אויגן צו בראָנעקן, אָנגעכאַפּט אים פאַר די קלאַפּעס און צוגעשטופּט צו דער וואַנט.

— איך וועל דיך אָנלערנען!

עמעצער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם שטיוול און בראָנעק האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן אויג מיט אַ יאָמער: „אוי, יעזו!".

— נעמט אים! — האָט זבישעק אויסגעשריגן.

יאַנטשוק, לעאָן און פּיאָטר האָבן בראָנעקן געשלעפּט. ער האָט זיך געווערט, געקאָפּעט און געביסן די איינגעקלאַמערטע הענט.

— אויפן טיש! אויפן טיש! — האָט זבישעק נאָך העכער זיך צע־שריגן.

שטייף־אויסגעצויגענע הענט האָבן בראָנעקן אַ הייב געטאָן אין דער לופט און אויסגעלייגט אים ווי אַ צוגעשמידטן צום טיש. זבישעק האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן בראָנעקס צענומענע פיס און אָנגעהויבן ציילן נאָך יעדן מאָל אַראָפּלאָזן די בייטש אויף בראָנעקס הינטן: איינס, צוויי, דריי — פופצן.

נאָכן לעצטן שמיץ האָבן די הענט זיך צוריקגעצויגן. זבישעק האָט אויסגערופן:

— פון איצט אָן וועסטו שוין מער נישט גנבענען!

דער טיש האָט זיך אויסגעקרימט און בראָנעק איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. מיט וואַקלדיקע טריט איז ער אַוועק צום וואַש־צימער און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ פאַרעיפּושטן ריח פון זיינע דורכגענעצטע הויזן.

באָלעק איז געלעגן אויף זיין בעט און געשטילט די ווייטיקן פון זיין געשמיסן לייב מיט בראָנעקס חרפּה...

## קאַפּיטל דרײַצן

ראָלאַנד, דער רוטשע־מייסטער, האָט אָנגעהויבן אויסמעסטן אַ מעטער קוילן מער אויף אַ שיכט. מיטן אויספירן די פאַרגרעסערטע נאָרמע איז מיר אויסגעקומען שווער צו ראַנגלען זיך. זעענדיק מיינע שוועריקייטן ביי דער אַרבעט, האָט מיך ראָלאַנד באַרויקט, אַז דער מעטער ווערט צוגעלייגט בלויז צייטווייליק, ביז ער וועט באַקומען פּאָר זיין נידעריקער שטרייב נאָך אַ פּאָר קוילנגרעבער. איך האָב נישט געגלייבט אין זיינע צוזאָגן.

צווישן די קוילנגרעבער פון אונדזער שיכט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עטלעכע קוילנגרעבער פון דער נידעריקער שטרייב וועלן איבערגעשיקט ווערן אין אַ צווייטן קוילנגרובן. יעדער איינער האָט זיך געווונטשן צו זיין צווישן די, וואָס וועלן אַרויס פון דער נידעריקער שטרייב. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דעם קלאַנג, ווי אַ טרינקנדיקער אין דער שאַרף פון אַ מעסער.

נאָכן פאַרגרעסערן די נאָרמע האָט ראָלאַנד מיר אָנגעהויבן מאַכן פאָרווורפן, אַז איך באַגרענעץ מיט אַ כוונה מיין אַרבעטס־קראַפט און דערמיט שטעל איך זיך אויס אויף קאָנפליקטן מיט אים און מיטן שטייגער. ראָלאַנד האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז איך בין נישט בכוח צו געבן אין משך פון זיבן שעה מיט נאָך אַ מעטער קוילן מער. ער האָט מיר אָנגע־וויזן אויף יענע, וואָס באַווייזן יאָ אויסצופילן אַ נאָרמע, און איך טאָר נישט זיין קיין אויסנאַם.

איך האָב געוווסט, אַז ראָלאַנד שפּיאָנירט מיר נאָך אין מיטן דער אַרבעט. אים איז אָבער נישט געלונגען מיך צו כאַפּן אין אַ מאָמענט פון אַן אָטעם־פּויזע.

איין מאָל, אין מיטן דער אַרבעט, האָב איך פּלוצלינג דערזען אָנקו־

מען דעם שטייגער העשקע. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביי מיין אַרבעטס־פּונקט און אַ שטילשווייגנדיקער איז ער געבליבן זיצן הינטער מיין רוקן. דעם שטייגערס אָנגעצילטע אויגן אויף מיר האָב איך נישט געזען, אָבער איך האָב זיי גוט געפילט. פון שטייגערס פאַרהאַלטן זיך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ראָלאַנד האָט מיך פאַרמסרט פאַר אים און ער איז איצט געקומען מאַכן זיין חשבון מיט מיר.

מיין לופט־האַמער האָט אומאויפהערלעך געקלאַפּט און געריסן שטיקער פון דער שמאָלער קוילנוואַנט. אַ געדיכטער שטויב־וואָלקן האָט גע־קנוילט אַרום מיר און פאַרטונקלט פאַר מיינע אויגן די שיין פון לאָמפּ. איך האָב זיך אַלץ טיפער און טיפער איינגעגראָבן אין דער קוילנוואַנט.

דער ליכט־פּאַס פון שטייגערס בליצלאָמפּ האָט אַ שפּרונג געטאָן פאַר מיינע אויגן. איך האָב אָפּגעשטעלט דעם לופט־האַמער. דער שטייגער איז צוגעקראָכן נענטער צו מיר, פאַרלאָשן זיין לאָמפּ און געפרעגט מיט אַן אָנגעלאָדענער רויקייט פאַר וואָס איך ענדיק נישט אַרויס די גאַנצע נאָרמע קוילן, וואָס ראָלאַנד צייכנט אָן פאַר מיר. דעם שטייגערס איינגע־האַלטענער טאָן האָט מיר געגעבן מוט צו ענטפערן, אַז אויך אָן דעם צוגעלייגטן מעטער באַווייז איך קוים צו ענדיקן מיין אַרבעט ביזן סוף פון דער שיכט.

דער שטייגער האָט מיר נישט געשטערט זיך צו פאַרטיידיקן; ער האָט אַרויסגעוויזן געדולד צו מיינע רייד. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז אַלע, וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד, מוזן זיך אָנשטרענגען לטובת די קריגס־באַדערפענישן. זיבן מעטער קוילן אין זיבן שעה איז נישט צו פיל. דער שטייגער האָט געמאָסטן מיטן זייגער מייך אָפּגעטועטע אַרבעט אין משך פון דער צייט, וואָס ער איז לעבן מיר געזעסן און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז עס איז נישט צו פיל, אַז איך בין בכוח צו ענדיקן מיין נאָרמע קוילן צו דער צייט.

איך האָב גוט געקענט דעם שטייגער העשקע. ער ווערט נישט דער־צאָרנט און ער דראָט נישט מיט קיין רעפּרעסיעס, ער איז אָבער פעיק זיך נוקם צו זיין אין אַן אויסלענדער, וואָס לאָזט זיך נישט גענוג אויסנוצן און ער קען אים איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אָן אַ וואָרט

צו ענטפערן האָב איך אויסגעהערט זיינע רייד און בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

איך האָב געוווּסט, אַז איך שטיי פאַר אָנשטרענגונגען, וואָס שטייגן איבער מיינע אָפּגעשוואַכטע כוחות. ממשיך זיין די אַרבעט אין דער נידעריקער שטרייב האָט געהייסן לאָזן אויסצאַפּן פון מיר דאָס לעצטע ביסל לעבן. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון שטייגערס הענט.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָב איך אַריינגעלייגט אין די שוך־גומעס אויף די קני דראָבנע שטיקלעך קוילן. נאָך דער שיכט בין איך צוריקגעקומען אין לאַגער מיט געשוואָלענע קניען. איך האָב זיך פאַרשריבן צום דאָקטער, און ער האָט מיר באַשטימט דריי טעג לייכטע אַרבעט. דער שטייגער האָט געמוזט רעספּעקטירן מיין קראַנקן־שיין און ער האָט מיך איבערגעשיקט אויף עטלעכע טעג צום האָלץ־טראַנספּאָרט.

דורך אויסגעקרימטע פינצטערע וועגן בין איך אָנגעקומען צו אַ העל באַלויכטענעם קאָרידאָר מיט באַן־־רעלסן. לאַנגע רייען וואַגאָנדלעך, אָנגעלאָדענע מיט רונדע קלעצער, זענען געשטאַנען גרייטע צום אָפּפאָרן.

פון צווישן הויכע שטויסן האָלץ איז אַרויסגעקומען היינריך — אַ לאַנגער דאַרער דייטש מיט אַן אָפּגעצויגן פּנים. נאָכן איבערגעבן אים די „שיין", האָט ער מיך צוגענומען צו דער אַרבעט.

היינריך האָט מיך געהייסן זיך אָפּרוען נאָך מיין שווערן הינקענדיקן גאַנג צו אים. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר און מיך מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק. ער האָט אָנגעהויבן רעדן מיט מיר מיט אַזאַ דרייסטער היימישקייט, ווי ער וואָלט מיך שוין לאַנג געקענט. פון זיין לאַנגאָטעמדיק רעדן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין דעם גרויסן קאָרידאָר ווערט קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פון די האָלץ־טראַנספּאָרטן, וואָס קומען אָן מיט דער צענטראַלער ווינדע.

היינריכס אויפגאַבע איז געווען צו סאָרטירן די פאַרשידענע גרייסן קלעצער פאַר די באַנטע און ווייטערע קוילנגרובנס. ער האָט געגנוי גע־ווּסט וואָסער לענג פון די קלעצער עס פּאַסט פאַר די פאַרשידענע שטרייבן, וואָס ער דאַרף באַזאָרגן מיט האָלץ צום אונטערבויען.

היינריך איז געווען דער איינציקער באַלעבאָס איבער אַלץ, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם לאַנגן אויסגעווייסטן קאָרידאָר מיט די באַן־שינעס צווישן די הויכע בערגער האָלץ. ער האָט זיך נישט געדאַרפֿט אויס־היטן פֿאַר קיין מייסטער אָדער אַ שטייגערס בליצלאָמפּ. טעג און נעכט איז ער געשטאַנען ביים אָנלאָדן די קלעצער אויף די וואַגאָנדלעך און נישט געהאַט צו ווערמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן אַחוץ צום מאַשיניסט, וואָס האָט זיך פֿאַרהאַלטן מיט זיין לאָקאָמאָטיוול אויף אַ פּאָר מינוט ביים אַרויסציען פֿונעם קאָרידאָר די וואַגאָנדלעך מיט האָלץ.

פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט דער שטייגער קומען צו היינריכן אָפּנעמען אַ באַריכט וועגן די האָלץ־טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָנגעקומען און אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון קאָרידאָר. דאָס פֿלעגט דער שטייגער טאָן שוין ביים סוף פֿון דער שיכט, אין זיין איילעניש צום אַרויספֿאָרן פֿון קוילנ־גרובן. און ווידער איז היינריך געבליבן אַליין מיט די שטומע קלעצער. ווען עס פֿלעגט אַ מאָל אָנקומען צו אים אַ לייכט־פֿאַרווונדעטער קוילנ־גרעבער אויף עטלעכע טעג לייכטערע אַרבעט, און ער איז גראָד געווען אַן אויסלענדער, וואָס האָט נישט געקענט רעדן קיין דייטש, האָט היינ־ריך, אַן אויפֿגערעגטער, אים אַוועקגעשטעלט אַרבעטן ווייט פֿון זיך, אין צווייטן קאָרידאָר. ווען ער האָט מיך דערהערט רעדן דייטש, איז ער געבליבן מיט מיר צוזאַמען.

זינט איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין קוילנגרובן בין איך דאָס ערשטע מאָל געזעסן אויפֿן חשבון פֿון די קוילן־מאַגנאַטן, געשמעקט טאַ־באַק און אויסגעהערט היינריכס דערציילונגען וועגן זיינע פֿאַרגאַנגענע יאָרן אין קוילנגרובן, נאָך דעם ווי זיין פֿאָטער, אויך אַ קוילנגרעבער, האָט אים אָפּגעגעבן אויף לערע אין דער באַרגשולע. דאָרט האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מיט מיליאָנען יאָרן צוריק איז דאָס אָרט, וווּ מיר זענען איצט געזעסן, געווען ים. אין רעזולטאַט פֿון נאַטור־קאַטאַסטראָפֿעס איז דער ים פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַסע זומפּן, וועלכע זענען ווידער, אין משך פֿון לאַנגע צייטן, איבערגעביטן געוואָרן אין קוילן און שטיין. אַזוי זענען די שיכטן געוואַקסן אין משך פֿון לאַנגע יאָרן, ביז צו דער איצ־טיקער ערד־איבערפֿלאַך איבער די וועסטפֿאַלישע קוילנגרובנס.

מיט יאָרן צוריק — האָט היינריך פאַרגעזעצט — האָבן קוילנגרעבער בעת דער אַרבעט זיך אָנגעשטויסן אויף אינטערעסאַנטע שפּורן פון יענער תקופה. נאָכן אויסגראָבן די קוילן האָבן זיי דערזען אויפן שטיינער־נעם סופיט טיפע אָפּדרוקן אין דער פאָרעם פון ביימער. דאָס איז געוואָרן אַ באַווייז, אַז אין די העכערע שיכטן, אַ ביסל נענטער צו דער ערד, זע־נען שוין אויף יענע זומפּיקע שטחים געוואַקסן ביימער און אַנדערע מינים געוויקסן.

היינריך האָט מיר אויך דערציילט וועגן זיינע פאָרפאַלן ביי דער קוילנוואַנט אין משך פון די איבער צוואַנציק יאָר אַרבעט אונטער דער ערד, ביזן פאַרלירן די צוויי פינגער פון אַ האַנט. ערשט דאַן איז ער אָנגעע־קומען צו דער איצטיקער אַרבעט אין דעם קאָרידאָר.

נאָכן דערציילן וועגן זיך איז היינריך מיך באַפאַלן מיט פראַגן: פון וואַנען איך שטאַם און וואָס איך האָב געטאָן פאַר דער מלחמה. אַלע מיינע דערציילונגען האָט ער אויסגעהערט מיט דער נייגעריקייט פון אַ נאַיוו ייִנגל.

אין היינריכס אויגן האָב איך, דער פויער פון פויזנער דאָרף, אויס־געזען אַזוי פּרימיטיוו ווי דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק, וואָס האָט זיך געלאָזט, לויט זיינע רייד, פאַרפירן אויף אַזאַ נאַרישן אופן פון רידז־שמיגלין מיט זיין פאַנטאַסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַז די דייטשע טאַנקען זענען פון בלעך און פון דיקט. אָט די בלעכענע טאַנקען, האָט היינריך געחוזקט, האָבן פאַריאָגט די פּוילישע רעגירונג צוזאַמען מיט רידז־שמיגלין נאָך די ערשטע פינף טעג מלחמה.

רעדנדיק וועגן פּוילן האָט היינריך זיך דערמאָנט אין די ייִדן, וואָס העצן אין אַלע צייטן די פעלקער צו מלחמה, און דערפאַר מוזן אַזעלכע ווי איך לעבן אין געפאַנגענשאַפט. היינריך האָט געוווּסט, אַז די ייִדן זענען דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן, אים האָט אָבער אינטערעסירט צו וויסן, צי אַלע זענען זיי שוין אויסגעהרגעט געוואָרן אָדער עס געפינען זיך נאָך ערגעץ־ווו ייִדן.

מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויפן פּנים האָט היינריך געהערט, אַז

אין פּוילן זענען שוין קיין יידן מער נישטאָ. ער איז אָבער געווען פול מיט חשד, אַז צווישן די פּאָליאַקן אין לאַגער באַהאַלטן זיך אויס יידן.

היינריך האָט מיר דערציילט, אַז פאַר מיין קומען צו אים האָט דאָ געאַרבעט אַ פּאָליאַק, וואָס אים איז גליייך געוואָרן פאַרדעכטיקט זיין לאַנגע נאָז, איינגעהויקערטער גאַנג און זשעסטיקולירן מיט די הענט ביים רעדן. אָט די סימנים, האָט היינריך געוווּסט, זענען כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר יידן.

פון היינריכס שילדערן דעם פּאָליאַקס אויסזען האָב איך תיכף פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט ער עדוואַרדן פון בידגאָשטש, אַן איינוווינער פון אונדזער לאַגער, וועמען די שכנים פון באַראַק האָבן צוליב זיין אויסזען גערופן מיט דעם חוזק־נאָמען "קופּיעץ" (הענדלער). עדוואַרד האָט טאָקע געהאַלטן אין איין פאַרקויפן און צוריק אָפּקויפן זיינע מלבושים ביים שפּילן אין קאָרטן.

מיט גאַליקער שנאה האָט היינריך גערעדט וועגן עדוואַרדן, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, ענלעך געווען צו די יידישע קאַריקאַטורן אין „שטירמער". ער האָט אים נישט געלאָזט רוען אין משך פון דער גאַנצער שיכט, געיאָגט אים פון איין קופּע האָלץ צו דער צווייטער, געהייסן אים שטויסן די וואַגאָנדלעך מיט קלעצער הין און צוריק — צי דאָס איז נייטיק געווען אָדער נישט.

פון אָנהייב האָט עדוואַרד נישט פאַרשטאַנען די סיבה פון דעם בייזן יאָגעניש. ער האָט געמיינט, אַז אַזאַ איז דער טעמפּאָ ביי דער אַרבעט צווישן די וואַגאָנדלעך מיט האָלץ, ביז היינריך האָט בעת אַ היסטערישן אָנפאַל אים אָנגערופן „יודע".

עדוואַרד האָט אַ ציטער געטאָן דערהערנדיק פון היינריכן דאָס שרעק־לעכע וואָרט, צוליב וועלכן ער איז שוין אין לאַגער אויסגעשטאַנען אַזוי פיל צרות. קיין שום באַליידיקונג האָט עדוואַרדן נישט אַזוי צערייצט, ווי דאָס זידלוואָרט „יודע" אָדער „זשיד". עדוואַרד, וואָס האָט אַליין שטאַרק פיינט געהאַט יידן, האָט מיט זיין גאַנצער קראַפט אָפּגעשטויסן פון זיך אָט דאָס וואָרט, דעם נידעריקסטן אויסדרוק פון גאַנצן לעקסיקאָן זידלווערטער צווישן די באַראַק־שכנים. איצט האָט ער פאַרגעסן, אַז ער שטייט פאַר אַ

דייטש און אין דעם זעלבן טאָן האָט ער היינריכן אָפּגעענטפערט: „דו יודע!"

היינריך איז גרייט געווען אַ כאַפּ צו טאָן אַ קלאַפּ און אַראָפּלאָזן אים אויף דעם פּאָליאַקס קאָפּ. נאָר עדוואַרדס באַנדאַזשירטע האַנט און דאָס פעלן פון זיין אַבסאָלוטער זיכערקייט, אַז פאַר אים שטייט באמת אַ ייד, האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפון. אָבער היינריך האָט דאָך עדוואַרדן נישט געוואָלט צו רו לאָזן.

נאָך דער שיכט איז היינריך אַריין אין באָד, ווו עס האָבן זיך געוואַשן די אויסלענדער. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל ביי דער טיר. פאַר די, וואָס האָבן זיך אומגעקוקט אויף אים, דעם דייטש אין דער פרעמ־דער פאַר אים אָפּטיילונג, האָט ער געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואַרט אָפּ אַ פּאָליאַק, וואָס דאַרף נאָך אָנקומען מיט דער לעצטער ווינדע פון קוילנ־גרובן. אין דער אמתן איז היינריכס זייטיקער בליק געווען געווענדט צום אַרויסגאַנג פון וואַש־רוים.

ווען ער האָט דערזען עדוואַרדן אָנקומען אַ נאַקעטן, איז היינריך אים אַנטקעגנגעגאַנגען און אָפּגעשטעלט אים אין מיטן גאַנג. היינריך האָט פאַר־לאַנגט, אַז עדוואַרד זאָל נאָכזען צי ער האָט כלומרשט נישט פאַרטוישט זיינע לעדערנע הענטשקעס ביי דער אַרבעט. אין משך פון דער קורצער צייט, וואָס היינריך איז געשטאַנען אַנטקעגן נאַקעטן עדוואַרד, האָט ער נישט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון עדוואַרדס נאַקעטן פאַרנט.

היינריך איז אַרויס פון וואַש־רוים אַן אַנטוישטער. ער האָט אָבער נישט געוואָלט רעזיגנירן פון זיין חשד, אַז עדוואַרד איז דאָך נישט קיין ריינער אַריער.

איך האָב היינריכן געפרעגט, אַז אויב עדוואַרד זעט אויס ווי אַ ייד, קען דאָך ווילי מיט דער אָדלערנאָז, וואָס אַרבעט ביים מאָטאָר פון דער גומי־באַנד, אויך זיין אַ ייד. אויף דעם האָט מיר היינריך געענטפערט:

— דו קערל! וואָן אין איינער קרומען נאַזע דויטשעס בלוט פליסט, איז עס איינע דויטשע נאַזע!

— איך ווייס? — האָב איך זיך געמאַכט נאַיוו — דאָס בלוט איזט ביי יעדעם מענטשן רויט, ניכט וואַר? איך זע עס אויך אין דעם קוילנגרובע...

— דו ביסט דום, סטאַניס! — האָט היינריך אָנגעקלאַפּט מיט זיין פינגער אין מיין העלם — דו האַסט נאָך ניקס געלערנט.

איך האָב אַ הייב געטאָן די אַקסלען און תמעוואַטע פאַרקוועטשט מיט די ליפּן.

— יאַ, יאַ, סטאַניס — האָט היינריך זיך געגרייסט — נאָך דעם קריג מוזטו נאָך פיל לערנען וועגן דעם דויטשן פאָלק.

אויף די באַן־ליניעס האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון לויפנדיקע רעדער. היינריך האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צום פינצטערן וועג, וווּ עס האָבן אויפגעבליצט צוויי העלע ליכט־פּאַסן פון אַן אָנקומענדיקן לאָקאָמאָטיוול מיט אַ לאַנגן צוג לערע וואַגאָנדלעך. דער מאַשיניסט האָט איינגעהאַלטן דעם שנעלן לויף און מיט אַ הילכיקן קלאַפּ געבליבן שטיין אויף די באַן־רעלסן. היינריך האָט אַ שאָקל געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ:

— איצט פאַנגען מיר אָן די מאָרגן־שיכט.

דער מאַשיניסט האָט איבערגעוועקסלט דאָס לאָקאָמאָטיוול, אַרויס־געשלעפּט פון קאָרידאָר די פולע וואַגאָנדלעך מיט האָלץ און צוריק פאַרשוווּנדן צווישן די פינצטערע ווענט.

היינריך האָט מיר געהייסן אָנלאָדן די ליידיקע וואַגאָנדלעך, איינציקווייז זיי איבערוועקסלען אויף אַ צווייטער ליניע און פאַרקייטלען איינס אין צווייטן. נאָך מער ווי אַ האַלב יאָר מאַטערניש ביי דער קוילנוואַנט בין איך דאָס ערשטע מאָל געשטאַנען ביי דער אַרבעט מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן.

היינריך האָט פון דער ווייט נאָכקאָנטראָלירט מיין אַרבעט. פון צייט צו צייט איז ער געבליבן שטיין מיט אַ פאַרריסן פּנים, זיך איינגעקוקט אין דער וואָס אַ מאָל גרעסערער שורה אָנגעלאָדענע וואַגאָנדלעך. ווען ער האָט זיך אומגעדרייט מיטן רוקן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז צו־פרידן פון מיין אַרבעט.

נאָך דער ערשטער האַלבער שיכט האָט מיר היינריך געהייסן אַוועק־זעצן זיך רוען. ער אַליין איז אַוועק טיפער אין קאָרידאָר, וווּ ס׳איז געהאָנ־גען זיין אַרבעטס־רעקל, און זיך אַוועקגעזעצט עסן זיין בוטאָן־ברויט.

נאָך אַ האַלבער שעה זיצן איז היינריך צוגעקומען צו מיר, אַרויסגע־

צויגן פון טאַש דאָס טאַבאַק־פּושקעלע, אַריינגעשטעקט אונטערן צעעפנטן דעקעלע זיינע צוויי פינגערשפּיצן. ער האָט אַ טיפּן צי געטאָן דעם אָטעם, זיך צעניסט און געריבן די נאָז.

היינריך האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ שטויס קורצע קלעצלעך, וואָס איך האָב זיי געדאַרפט אָנלאָדן און דערנאָך איבערוועקסלען צו די פּאָדער־שטע וואַגאָנדלעך, אַז זיי זאָלן אויסקומען די ערשטע צום לאָקאָמאָטיוו. דאָס איז געווען מיין עיקר־אַרבעט אויף דער צווייטער העלפט שיכט. נאָך דעם האָב איך געדאַרפט צונויפזאַמלען אויף איין אָרט די קלעצער, צעוואָרפענע איבערן קאָרידאָר.

פאַרן ענדיקן די שיכט איז היינריך אַרומגעגאַנגען קאָנטראָלירן מיין אָפּגעטוענע אַרבעט. צווישן דעם איינגעלייגטן האָלץ האָט ער געזוכט די צעשניטענע קלעצער, וואָס ער האָט פאַרגעסן מיר אָנצוזאָגן, אַז איך זאָל זיי סאָרטירן באַזונדער. איך האָב זיך דערמאָנט מיט וועלכן האָלץ איך האָב זיי צוזאַמענגעלייגט און געזאָגט צו היינריכן: „דאָרט, אויף יענער זייטע״.

מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז היינריך האָט נישט גוט דערהערט. האָב איך נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער: „דאָרט, אויף יענער זייטע״.

— אויף יענער זייטע? — האָט היינריך זיך געחידושט.

— יאָ! — האָב איך באַשטעטיקט, נישט פאַרשטייענדיק דעם מיין פון זיין איבערפרעגן זיך.

— זאָג מיר, סטאַניס, ווו האָסטו געלערנט זאָ דויטש שפּריכן? — האָט היינריך געפרעגט מיט אַ פאָרשנדיקן בליק.

— צו האָזע אים פאָזען — האָב איך אים געענטפערט און געכאַפּט זיך אויף מיין פאַרגרייזטן אויסדרוק.

— ביסטו יודע? — האָט מיך היינריך געפרעגט מיט אַ שמייכל.

איך האָב צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף אים און צום סוף זיך צעלאַכט.

— וואָרום מאַכסטו שפּאַס פאָן מיר, היינריך?

— זאָ שפּרעכן יודען... „יענע זייט״? זאָג „אַוף אַנדרע זייט!״

— איך האַבע נימאַלס יודען געהערט דויטש שפּרעכן...

— פאַן וועם האַסטו דאָך דיין דויטש געלערנט? — האָט היינריך געוואָלט איך זאָל אים איבערצייגן.

— פאַן מיינעם פאַטער קאַרל.

— קאַרל?

— יאַ, קאַרל.

— סטאַניס, ווי איזט דיין פאַמיליען־נאַמען?

— פריבעל.

— וואַר דיין פאַטער איין דויטשע?

— פאָלע. אַבער מיין גראָספאַטער וואַר איין דויטשע.

— מיין גאָט. וואַרום ווירסטו קיין פאָלקס־דויטשע?!

— ווי קאַן איך דאַס? מיינע עלטערן וואַרן דאָך פּאָלען!

— שייסע מיט דיינע עלטערן! דיין נאַמען צייגט דאַס דו ביזט פאָלקס־דויטשע...

היינריך האָט מיר דערציילט וועגן אַ סך פאָליאַקן, וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק אויסגעוואַנדערט פון פויזנער אומגעגנט קיין וועסטפאַלען, ווו זיי האָבן געהייראַט מיט דייטשישע פרויען און שוין פון לאַנג פאַרגעסן זייער פוילישן אָפּשטאַם. זייערע קינדער טראָגן די פוילישע פאַמיליע־נעמען פון זייערע פאַטערס, אָבער זיי זענען עכטע דייטשן, קעמפן אויף די פראָנטן ווי עס־עס־מענער. און דו, האָט ער זיך געוווּנדערט, מיט אַן עכט דייטשישן פאַמיליע־נאָמען, געבוירן און דערצויגן אויף דייטשישער ערד, לעבסט גאָר ווי אַ פאָליאַק...

— יאַ, היינריך, מיינע געבורטס־שיין האָבע נישט איך אָוסגעשטעלט.

— דאַס איזט וואַר, אַבער דו בלייבסט קיין פאָלע. דו קומסט נאָך אינס מיליטער... — האָט מיר היינריך פאַרזיכערט און איך האָב איינגעשטימט.

די צוויי שיכטן, וואָס איך האָב נאָך געדאַרפט מיט אים אַרבעטן, בין איך שוין געווען פאַרזיכטיקער מיט מיין דייטש רעדן. אויף היינריכס באַרעדעוודיקייט האָב איך, ווען כ׳בין געווען אומזיכער, געענטפערט מיט אַ שטומען קאָפּ־שאָקל.

פון היינריכס געשפּרעכן מיט מיר האָב איך אָנגעהויבן בעסער צו

פאַרשטיין דעם דייטשישן קוילנגרעבער, וואָס נישט געקוקט אויף זיינע שווערע לעבנס־באַדינגונגען, האָט ער זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון אַגרעסיוון נאַציאָנאַליזם און פון דער נאַציסטישער לערע.

ווען איך פלעג היינריכן באַגעגענען אַהיימגיין פון קוילנגרובן, האָב איך, דערזעענדיק דעם האַקנקרייץ אויף זיין קלאַפּע, אויסגעמיטן זיך צוזאַמענצוטרעפן מיט זיינע אויגן.

# קאַפּיטל פערצן

באַלד ווי איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין קוילנגרובן, איז פאַר מיר געוואָרן אַ שווערער ענין דאָס טעגלעכע באָדן זיך נאָך דער אַרבעט. דאָס ביסל דערפאַרונג, וואָס איך האָב געהאַט נאָך די ערשטע דעזינפעקציע־בעדער פאַרן אַוועקפירן פון פוילן, איז געווען נישט צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען אין דייטשלאַנד. אַלע פּרוּוון, וואָס איך האָב געמאַכט, האָבן נישט באַזייטיקט מיין פאַרדאַכט, אַז די גויים קוקן אויף מיין אָנטבלויזטער יידישקייט.

זוכנדיק אַן אויסוועג, ווי אַזוי צו באַפרייען זיך פון דער געפאַר, האָב איך, ביים ערשטן מאָל וואַשן זיך מיט קאַלט וואַסער, פעסטגעשטעלט, אַז די ענדערונג פון מיין איינגעשרומפּטן גוף אונטערן קאַלטן וואַסער־שטראָם פאַרקלענערט מיין בולטע אַנדערשדיקייט לגבי די נאַקעטע גויים.

פון דעם טאָג אָן האָב איך, נאָכן אויסטאָן די שמוציקע אַרבעטס־קליידער, צו ערשט אָפּגעשווענקט פון זיך די ערשטע שיכט שטויב מיט וואַרעם וואַסער, איינגעזייפט דעם גוף און גלייך אַריבער צום קאַלטן וואַסער־שפּריץ. מ'האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג, און איך האָב די נייגעריקע געזאָגט, אַז דאָס קאַלטע וואַסער פרישט אויף מיין מידן גוף. זיי האָבן דעם ענטפער אָנגענומען, און אַ סך האָבן מיר נאָכגעטאָן, אָבער בלויז יחידים האָבן באַוויזן אויסצוהאַלטן דעם ערשטן שוידער פון אייז־קאַלטן וואַסער־שטראָם.

באַלעק און וואַצעק האָבן לכתחילה נישט אויסגעהאַלטן. מיט קוויטשערייען זענען זיי צוריקגעלאָפן צום וואַרעמען וואַסער. אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך איינגעעקשנט און געבליבן שטיין אונטערן קאַלטן וואַסער מיט צוגעשלאָסענע ציין. זייער כוונה איז געווען צו פאַרקילן זיך און באַפרייט צו ווערן אויף עטלעכע טעג פון דער שווערער אַרבעט אין

קוילנגרובן. באַלעק איז מיד געוואָרן צו דערוואַרטן זיך אויפן קראַנק ווערן. וואָס מער ער האָט זיך צוגעווּוינט צום קאַלטן וואַסער, אַלץ וויניקער האָפענונג איז אים געבליבן צו באַקומען אַ ביסעלע היץ, און לסוף האָט ער אויפגעהערט אַרונטערצוגיין אונטערן קאַלטן שפּריץ.

וואַצעק דאַקעגן האָט געהאַט מער געדולד. נאָך יעדן מאָל שטיין אונטערן קאַלטן וואַסער האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט ווערט ער קראַנק און ער וועט קענען זיך לייגן אין אַ ווייס־באַצויגן שפּיטאָל־בעט, קריגן בעסער עסן און דער עיקר — ער וועט עטלעכע טעג נישט אָנקוקן דעם קוילנגרובן.

וואַצעק האָט נישט סתּם זיך איינגערעדט אַ קרענק. וועגן דעם האָט ער זיך אינפאָרמירט ביי זיינע שכנים, וואָס זענען צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. יורעק, דער פעיקסטער סימולאַנט און אָפטער פּאַציענט אין לאַגער־שפּיטאָל, האָט אים געזאָגט, אַז דער עיקר איז דאָס ערשטע ביסעלע פיבער מיט קאָפּ־ווייטיק. ער האָט אים געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף צוקלאַפּן מיטן עלנבויגן אין דער וואַנט, און ווען דער סאַניטאַר קוקט אַוועק — אָנרייבן דעם שפּיץ פון טערמאָמעטער.

וועגן די נאַטירלעכע ערשטע סימפּטאָמען פון אַזאַ קרענק האָט וואַצעק קיין אָנונג נישט געהאַט. אין דער היים איז ער קיין מאָל נישט געלעגן צו בעט און נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַזאַ היץ אונטערן אָרעם. אים האָט שוין אַ סך מאָל דער קאָפּ וויי געטאָן, געאיבלט צום ברעכן, געדרייט אין בויך, אָבער דאָס איז שטענדיק געשען נאָך אַ הוליאַנקע ווען ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט בראָנפן. ער פלעגט דאַן אויסזופּן אַ האַלבן טאָפּ זויערמילך, דערנאָך זיך אויסציען אויפן בוידעם היי, איבערשלאָפן די נאַכט, און באַגינען איז ער אַראָפּגעקראָכן פון לייטער אַ געזונטער. אָבער קראַנק ווערן אַזוי, אַז ער זאָל זיך אַוש דאַרפן לייגן אין בעט אַריין — וועגן דעם האָט ער זיך דערוווּסט ערשט פון יורעקן, און וואַצעק האָט אים שטאַרק געוואָלט נאָכטאָן.

נאָך אַ שווערער שיכט אין קוילנגרובן, ווען וואַצעק האָט זיך געפילט שטאַרק מיד און צעבראָכן, איז ער לענגער ווי שטענדיק געשטאַנען אונטערן קאַלטן וואַסער־שטראָם מיט אַ ציטערנדיק מויל. אים האָט

זיך אויף אַן אמת געדוכט, אַז דאָס מאָל איז ער באַגליקט געוואָרן מיטן ערשטן ביסעלע היץ.

צוריקגעקומען אין לאַגער, האָט וואַצעק שנעל אָפּגעגעסן און מיט דער ליידיקער שיסל אונטערן אָרעם געגאַנגען צו יאַנעקן דעם סאַניטאַר, אַז ער זאָל אים מעסטן די היץ. דער סאַניטאַר האָט שוין געוווסט, אַז וואַצעק רייסט זיך צו ווערן זיינער אַ פּאַציענט, האָט ער אים קודם אויסגעפּרוווט דעם פּולס און אויסגעשריגן אים אין די אויגן: זדראָווו! (געזונט).

איין מאָל האָט וואַצעק זיך שטאַרק איינגעעקשנט, ער האָט געמאָנט זיין רעכט צו וויסן וויפל היץ ער האָט — נישט אין פּולס, נאָר אויפן ריכטיקן אָרט — אונטערן אָרעם. און ער איז אַזוי לאַנג געשטאַנען אונ־טער דער טיר מיטן רויטן קרייץ, ביז דער סאַניטאַר האָט אים מיט אַ חוזק־שמייכעלע אַריינגעלאָזט אין צימער, געהייסן צעקנעפּלען דאָס העמד און אים אַריינגעשטעקט דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם.

וואַצעק איז געווען שטאַרק צופרידן און אויסגעלאַכט אין זיך דעם סאַניטאַר מיטן פאַרריסענעם פּנים. אָט באַלד וועט ער יאַנעקן ווייזן, אַז אונטערן אָרעם האָט ער יאָ היץ, און ער האָט שטיל געקלאַפּט מיטן עלנ־בויגן אין דער וואַנט.

דער סאַניטאַר האָט אַרויסגעצויגן דעם טערמאָמעטער און וואַצעקן אַ זאָג געטאָן אין פּנים אַריין: „זדראָווו יאַק קאָן" (געזונט ווי אַ פערד). וואַצעק איז געבליבן זיצן אַן אַנטוישטער. ער האָט דעם סאַניטאַר נישט געגלייבט. אַלע, ווען ער האָט געזען מעסטן די היץ, האָט יאַנעק פאַר־שריבן צום דאָקטער, נאָר אים, וואַצעקן, וויל ער נישט אָנערקענען פאַר אַ קראַנקן. פון דעמאָלט אָן האָט דער סאַניטאַר פאַרלוירן זיין אָנזען ביי וואַצעקן. ער האָט אויפגעהערט פאַר אים צו ציען דאָס היטל. פלעגט יאַנעק פאַרבייגיין, האָט וואַצעק אָוועקגעדרייט דאָס פּנים און געמורמלט: „קורוואַ גאָ מאַטש".

מער איז וואַצעק צום סאַניטאַר נישט געגאַנגען. האָט ער אַ מאָל זיך שלעכט געפילט, איז ער געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער אונטערן קאָץ, ביז ער האָט געדאַרפט אויפשטיין צו דער אַרבעט.

איין מאָל האָט וואַצעק באַקומען ביי דער אַרבעט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין די פינגער־שפּיצן. די שוואַרצע פלעקן אונטער די נעגל האָבן אים געשטאָכן און קעגן זיין ווילן האָט ער געמוזט גיין צום סאַניטאַר. דאָס מאָל איז ער ביי זיך געווען זיכער, אַז יאַנעק וועט אים נישט קענען אָפּ־פּטרן ווי אַלע מאָל — זיין רעכטע האַנט איז נאָכגעהאָנגען ווי אַ געליימטע.

— מעסט מיר די היץ — האָט וואַצעק פאַרלאַנגט אַריינקומענדיק צום סאַניטאַר מיט דער אויסגעצויגענער קראַנקער האַנט.

— פון דעם האָט מען יסורים, אָבער נישט קיין היץ — האָט דער סאַניטאַר זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצולאַכן.

— איך פיל דאָך אָבער היץ! — האָט זיך וואַצעק אָנגעהויבן דענער־ווירן.

— וווּ פילסטו די היץ? — האָט יאַנעק אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים.

— אין דער גאַנצער האַנט, ביז אונטערן אָרעם! — האָט וואַצעק גע־זאָגט אַ פאַרזאָרגטער.

— אַזש ביז אונטערן אָרעם? — האָט זיך יאַנעק געוווּנדערט.

— יאָ! — האָט וואַצעק פאַרזיכערט.

— טאָ זעץ זיך און קנעפּל אויף דאָס העמד — האָט דער סאַניטאַר אָנגעוויזן אויף אַ שטול לעבן טישל.

וואַצעק האָט זיך אַוועקגעזעצט מיטן טערמאָמעטער אונטערן אָרעם און יאַנעק מיטן ווייסן פאַרטעך האָט ווייטער געטאָן זיין אַרבעט. וואַצעק האָט זיך אַרומגעקוקט. ער געפינט זיך אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע: דער סאַניטאַר האָט אים נישט אַוועקגעזעצט אויף דער שטול לעבן דער וואַנט און דערפאַר קען ער נישט אָנווענדן יורעקס אויסגעפּרוּווט מיטל. אין איילעניש האָט ער געקלאַפּט דעם שפּיץ פון זיין עלנבויגן אין קאַנט פון טישל.

— פּירסט זיך דאָ אויף ווי אַ חזיר אין שטאַל — האָט יאַנעק אויסגע־שריגן צו וואַצעקן און באַמיט זיך איינצוהאַלטן די פלעשלעך און סלאָי־קלעך, וואָס זענען אומגעפאַלן פונעם קלאַפּ אין טיש.

וואַצעק איז רויט געוואָרן פון חרפּה. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן, געוואָלט מיט עפּעס זיך פאַרענטפערן און נישט געפונען קיין וואָרט. די

עטלעכע קראַנקע, וואָס זענען גראָד פאַר דעם אַריין צום סאַניטאַר, האָבן זיך צעלאַכט.

נאָכן צוריקשטעלן די אָרדענונג אויפן טישל האָט דער סאַניטאַר אַרויסגעצויגן פון וואַצעקס צעשפּילעטן העמד דעם טערמאָמעטער, אים אַ דריי געטאָן פאַר די אויגן און בייז אויסגעשריגן צו וואַצעקן:

— אין דיין קאָפּ איז דאָ פיבער, נישט אין טערמאָמעטער!

אַ צעטומלטער האָט וואַצעק געשטעלט אַ פּאָר טריט צום אַרויסגאַנג. דער סאַניטאַר האָט אים צוריקגערופן און אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין:

— זדרווו יאַק קאָן! זאָלסט מער נישט קומען דאָ מעסטן די היץ!

פון דעמאָלט אָן האָט אויך וואַצעק אויפגעהערט צו באָדן זיך אונטערן קאַלטן וואַסער. אָנקומענדיק אין שפּיטאָל אַריין, האָט ער זיך איבערצייגט, איז בלויז אַ מזל־זאַך. נאָר אַזעלכע ווי יורעק ווייסן דעם סוד פון קראַנק ווערן.

אין דער זעלבער צייט בין איך קראַנק געוואָרן אויף אַן אָנצינדונג אין האַלדז. מיט וויניקער ווי 38 גראַד היץ האָט דער סאַניטאַר נישט פאַרשריבן צום דאָקטער. אַן איינגעקאָרטשעטער פון שוידער בין איך געשטאַנען אונטערן קאַלטן וואַסער און געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. אין האַלדז האָט געשטיקט דער ווייטיק און איך האָב דערפילט אַ הויכן פיבער.

ביים סאַניטאַר האָט דער טערמאָמעטער געוויזן נאָענט צו 40. דער דאָקטער האָט מיך באַפרייט אויף דריי טעג. צום צווייטן מאָל בין איך געווען אין לאַגער־שפּיטאָל מיט דער רויקער אָבער געשפּאַנטער אַטמאָספער פון דער שטרענגער דיסציפּלין, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דורכן הויפּט־סאַניטאַר און זיינע צוויי געהילפן.

איך בין געלעגן און געטראַכט: ווי מאָדנע איז דער איבערגאַנג פון חושכדיק־פאַרשטויבטן קוילנגרובן ביז דער זויבערער לופט און די גאָל־דענע זון־שטראַלן אויף דעם ווייסן שפּיטאָל־בעט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיין גוף ווערט געהיילט פון בלויזן איינקוקן זיך אין דעם טאָג־ליכט, וואָס איך האָב אַזוי זעלטן געזען פאַר די אויגן. צו דער אַרבעט פלעג איך גיין אין פאַרטאָגיקן פינצטער און צוריקקומען אין פאַרנאַכטיקער טונקל־

קייט. ווי אַ קליין פאַרגאַפּט קינד האָב איך זיך איינגעקוקט דורך די פּענצ־טער־שויבן אין וועסטפאַלישן שפּעטזומער־טאָג מיט דעם הימל, וואָס איז געווען פאַרטונקלט פון די טאָג־און־נאַכט־רויכערנדיקע פאַבריק־קוימענס.

מיך האָט שוין מער נישט געשראָקן דאָס טאָג־ליכט. איך האָב שוין נישט קיין מורא געהאַט פאַר דער רויקער אַטמאָספער אין שפּיטאָל. אויך די געשטאַלט פון הויפּט־סאַניטאַר האָט אויף מיר נישט אָנגעוואָרפן קיין פּחד. איך האָב זיך געפילט ווי אַן אייגענער צווישן דער גרויסער מאָסע לאַגעריסטן. אויך די קראַנקע האָבן זיך צו מיר באַצויגן נישט אַנדערש, ווי צו אַ צווייטן סטאַניסלאַוו.

מיינע נאָענטסטע שכנים אין שפּיטאָל זענען געווען קאַזשיק און וויטעק, צווישן זיי ביידע בין איך געלעגן. מיט קאַזשיקן האָב איך זיך געקענט פון שטיין צוזאַמען אין דער ריי ביים טיילן עסן און פון אָפטן גיין צוזאַמען צו דער אַרבעט.

קאַזשיק איז געווען פון מיטעלן וווּקס. די לענגלעכע אויגן־שפּאַלטן איבער דער ברייטער נאָז האָט אים צוגעגעבן אַ אַזיאַטישן אויסזען. ער איז געווען אַ שטילשווייגנדיקער און אַן אָפּגעזונדערטער אַפילו פון זיינע בידגאשטשער שטאָט־חברים.

וויטעק, אַ בחור פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, האָט געשטאַמט פון קאַטאָוויץ. אַ שלאַנקער, מיט גלאַט־פאַרקעמטע בלאָנדע האָר און אַ ראָז־זלעך פּנים, איז ער תמיד געווען אַ לוסטיקער, צעשמייכלטער.

וויטעק האָט געוווינט אין באַראַק קעגנאיבער מיינעם. ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי זיינע שכנים פאַר זיין אַריינברענגען לעבעדיקייט מיטן שיינעם האַרמאָשקע־שפּילן און מיט זיינע „באַיקעס" (מעשהלעך), וואָס פלעגן ביי אַלע אַרויסרופן געלעכטער.

וויטעק איז געווען אַ פיין־מעכאַניקער, אַ ספּעציאַליסט אין זיין פאַך און ער האָט געאַרבעט אין אַ שלאָסעריי ביי די קוילנגרובנס. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין לייכטערער אַרבעט און די בעסערע לעבנס־באַדינ־גונגען.

אין שפּיטאָל איז ער געלעגן אַ צוגעשמידטער צום בעט צוליב אַ שווע־

ד'ער ווּנד אויפן פוס. אים איז שווער געווען צו פאַרטראָגן די אַטמאָספער אין שפּיטאָל, ער איז נישט געווען זשעדנע נאָכן קראַנקן־בעט.

באַלד נאָכן אַריינלייגן זיך אין בעט, האָב איך באַמערקט, אַז צווישן מיינע שכנים קאַזשיק און וויטעק זענען די באַציונגען אָנגעצויגן. וויטעק האָט גערן געהאַלטן, אַז מ׳זאָל אונטערהאַלטן זיין מונטערע שטימונג. קאַזשיק דאַקעגן האָט פאַרלאַנגט מנוחה און אָפּגעזונדערטקייט. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט וויטעקס ווילן צו שפּילן אין קאָרטן, דאָמינע און אַנדערע שפּילערייען, וואָס זאָלן פאַריאָגן דאָס לאַנגווייליקן ליגן אין שפּיטאָל־בעט. קאַזשיק האָט אויסגעפונען מער אינטערעס אין לייענען געבאָרגטע ביכער און זשורנאַלן אָדער אַריינשרייבן עפּעס אין אַ גראָבן העפט. וויטעק האָט געלאַכט פון קאַזשיקן, אַז ער שרייבט אַ נייעם „פּאַן טאַדעוש" אין דייטשישן גלות...

מיר איז מערער געווען צום האַרצן קאַזשיק. איך האָב מיט נייגעריקייט אָבסערווירט זיין שטיל לייענען און זיין שרייבן די קורצע שורהלעך אין ד'ער פּאָרעם פון לידער.

ווען איך האָב זיך דערפילט בעסער אין געזונט האָב איך וויטעקן געוויילט מיט די אַלע שפּילערייען, וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייגט. די אינטערעסאַנטסטע שפּיל איז ביי אים געווען דאַמקע. ער פלעגט דערביי שטאַרק זיך פאַרטיפן און פרייען זיך נאָכן געווינען.

אַז וויטעק האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פון בעט, האָב איך אָנגעהויבן פירן מיט קאַזשיקן קורצע געשפּרעכן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ האָלץ־זעגער אין אַ טאַרטאַק. ביי אַ „לאַפּאַנקע" איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט און ער האָט נישט באַוויזן אַפילו צו געזעגענען זיך מיט זיין כלה.

קאַזשיק איז פול געווען מיט אַ ברענענדיקער שנאה צו די דייטשן. ער האָט געקענט זייער שפּראַך און זי געהאַסט. אין אַלע דייטשן האָט ער געזען זיינע אַמאָליקע שכנים, וואָס האָבן פאַרכאַפּט זיין שטוב און אים פאַרמשפּט אויף היימלאָזיקייט. אָבער פון אַלע צרות, וואָס די דייטשן האָבן אים פאַרשאַפט, איז די גרעסטע געווען דאָס אַוועקרייסן אים פון זיין סטעפּאַ.

אויף אַלע זיינע בריוו צו איר האָט זי אים געענטפערט אין איר

פשוטער דאָרפישער שפּראַך. קאַזשיקן זענען ליב געווען אירע בריוו, אין וועלכע ער האָט תמיד געפונען פאַרטריקנטע בלעטלעך פון אַ בוים, גראָזן פון פעלד, אָדער פאַרשידנפאַרביקע בלומען־בלעטלעך. מיט דעם האָט סטעפאַ אויסגעדריקט איר בענקשאַפט.

זיינע בריוו צו סטעפען האָט קאַזשיק געשריבן אין פערזן. יעדן בריוו האָט ער אָפּקאָפּירט אין אַ דיקן העפט און זיי געזאַמלט ווי אַן אָנדענק.

קאַזשיק האָט מיר פאָרגעלייענט עטלעכע פון זיינע לידער־בריוו און געגעבן צו פאַרשטיין לויט זיין פאַך־פּראַקטיק, אַז גראַמען מוזן זיין אַזוי געפּאַסט און אויסגעמאָסטן, ווי יעדעס ברעט פון אונטער דעם שניידמעסער. נישט גוט־צונויפגעשטעלטע גראַמען זענען ווי אַ נישט גלייכע מאָס פאַר איין שטויס ברעטער.

וויטעקן האָט קאַזשיק נישט פאָרגעלייענט זיינע געגראַמטע בריוו. איין מאָל האָט ער יאָ געפּרוּווט לייענען פאַר אים, האָט וויטעק זיך שטאַרק צעלאַכט און קאַזשיק האָט זיך טיף באַליידיקט.

איין מאָל, ווען קאַזשיק איז אַרויסגעגאַנגען שטעלן זיך אין דער ריי נאָך עסן, האָט וויטעק אַ כאַפּ געטאָן דעם העפט און פון דאָרט איבערגע־שריבן עטלעכע פערזן, און אין אַ גוטער שטימונג האָט ער זיך געוויצלט מיט קאַזשיקס גראַמען צו סטעפען: „נאָגאַ — פּאַנאַ באָגאַ" (פוס — גאָט) „טשעמנע אָטשי" — טשעמנע נאָצי" (טונקעלע אויגן — טונקעלע נעכט).

קאַזשיק האָט געפאָדערט פון וויטעקן, אַז ער זאָל זיך מודה זיין אין דער גנבה. וויטעק האָט לאַכנדיק געטענהט, אַז ער האָט די גראַמען געלייענט אין אַ פּאָעזיע־בוך, ווען ער איז נאָך געווען אַ שילער. דאָס איז אים פאַרבליבן אין זכרון אויפן פאַל, ווען ער דאַרף זיך דערקלערן אַ מיידל אין ליבע.

קאַזשיקן איז דאָס שווער געווען אָפּצולייקענען. ער איז נאָר נייגעריק געווען צו וויסן ווער דאָס איז דער פּוילישער פּאָעט וואָס האָט אַ מאָל געשריבן מיט די זעלבע גראַמען.

נאָך קאַזשיקס אַרויסגיין פון שפּיטאָל האָט וויטעק אַרויסגעצויגן פון צווישן זיינע זאַכן אַ פּאָר איבערגעשריבענע זייטלעך און געפּלאַצט פון געלעכטערביים רעציטירן די גראַמען, וואָס סטעפאַ טראָגט ערגעץ אַרום אין איר פּולן בוזעם.

נאָך עטלעכע טעג איז באָלעק געקומען צו מיר אין שפּיטאָל. אַ נישט דרייסטער, איז ער געבליבן שטיין אין קאָרידאָר ביי דער צעעפנטער טיר און געזוכט מיט די אויגן איבער די רייען בעטן, ביז איך האָב אים דערזען און מיט דער האַנט אַ רוף געטאָן צו זיך.

איך האָב נישט געהאַט קיין פּרעטענסיעס צו באָלעקן פאַר וואָס ער איז ביז איצט נישט געקומען מיך באַזוכן. איך האָב געוווסט, אַז אים איז פרעמד דאָס געפיל פאַר פריינדשאַפט און חברישקייט. ווי ביים ערשטן מאָל פון מיין ליגן אין שפּיטאָל, וואָלט ער אפשר אויך דאָס מאָל נישט אַריינגע־קומען, אָבער אויף מיין בעט אין באַראַק איז געלעגן אַ בריוו, וואָס איך האָב צו זיך אַליין געשריבן. באָלעק איז געקומען מיר איבערגעבן דעם בריוו און פאַר איין וועגס זיך דערוויסן וואָס איך מאַך.

דאָך האָב איך באָלעקן פאַרגעהאַלטן פאַר וואָס אים גייט נישט אָן, אַז איך נויטיק זיך אין זיין הילף, ווען מיר איז שווער צו גיין נאָכן ביסל זופּ.

באָלעק איז געשטאַנען אָנגעלענט ביים צופוסנס־ווענטל פון מיין בעט און איך האָב גענומען לייענען דעם בריוו וואָס איז געווען אַדרעסירט פון עסען, מיט דער דאַטע פון אָנהייב סעפּטעמבער 1943.

„טשאָלעם, סטאַניסלאַוו!

פון מיעטעק שטשיגעלסקי האָב איך זיך דערוווסט, אַז דו געפינסט זיך אין אַ לאַגער הינטער וואַטענשייד און אַז דו אַרבעטסט אין קוילנגרובן.

מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל געקליבן זיך צו קומען צו דיר אין לאַגער, אָבער מיר ווייסן נישט ווען זונטיק דו ביסט פריי. איך אַרבעט אין קרופּס פאַבריקן ביי מיין פאַך אַלס שלאָסער. מיט מיר צוזאַמען אַרבעטן אויך יוזעף, איגנאַץ און טאַדעוש, דו געדענקסט זיי זיכער פון פּויזנער קאַנט. יוזעף ליגט אין שפּיטאָל, ער האָט פאַרלוירן ביי דער אַרבעט דריי פינגער פון דער רעכטער האַנט. מיר איז נישט שלעכט. אַחוץ דאָס לאַגער־עסן באַקום איך פון דער היים שפּייז־פּעקלעך. איך וווין אין אַ לאַגער צוזאַ־מען מיט גוטע יינגלעך פון אונדזער געגנט.

איך וויל, אַז דו זאָלסט באַשטימען וועלכן זונטיק מיר זאָלן זיך צוזאַ־מענטרעפן, אָדער ביי אונדז אין עסען, אָדער ביי דיר אויף לייטען־שטראַסע אין וואַטענשייד.

איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון לעאָנען. ער מאַכט אַ לעבן אין פוילן. ער פאָרט יעדע וואָך קיין וואַרשע און האַנדלט. זיין ווייב האָט ער אויס־געסטראָיעט אין אַ פוטערנעם מאַנטל און ער אַליין טראָגט אַ לעדערנע קורטקע מיט אָפיצערסקע שטיוול. ווער ס׳איז געבליבן אין דער היים פאַר־דינט געלט.

ווי לעבט זיך דיר, סטאַניסלאַוו? וווּינסטו מיט גוטע יינגלעך אין דיין לאַגער? האַלט זיך, סטאַניסלאַוו!

איך דערוואַרט פון דיר ענטפער.

דיין קאָלעגע זיגמונט פּאַוולאָווסקי.״

באָלעק האָט מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט דעם טאָג ווען זיגמונט מיט זיינע חברים וועלן קומען צו מיר צו גאַסט...

בעת איך בין געלעגן צום צווייטן מאָל אין שפּיטאָל, האָבן זיך פאַר־שטאַרקט די ביינאַכטיקע לופט־אָנגריפן אויף די אינדוסטריע־שטעט אין וועסטפאַליע. מיר האָבן דערקענט די גרויס פון דער סכנה לויט דעם נאָענטן אָדער וויטן וואָיען פון די אַלאַרם־סירענעס. יאַנעק דער סאַניטאַר פלעגט קומען צו לויפן אויסלעשן דאָס ליכט און געוואָרפן אַרויסגיין צום נאָענטסטן לופטשוץ־קעלער.

יעדער קראַנקער איז געווען אָנגעוויזן אויף זיינע אייגענע אָנשטרענ־גונג ביים אַנטלויפן צום מקום־מקלט. די שווערערע קראַנקע, וועלכע זענען נישט אומשטאַנד געווען אין משך פון געציילטע מינוטן אַרויסצובאַקומען זיך פון שפּיטאָל, זענען געווען אויסגעשטעלט אויף אַ גרויסער געפאַר.

אין איינעם אַ מיטנדערנאַכט האָט דער סאַניטאַר אונדז געוועקט מיטן שפּיטאָל־גלאָק און אין איין אָטעם געשריגן: „אַנטלויפט!״ איידער די איבער־געוועקטע קראַנקע האָבן באַוויזן צו באַנעמען די סכנה, האָט זיך דער גרויסער שפּיטאָל־באַראַק אַ טרייסל געטאָן. די בעטן זענען אָפּגעשפּרונגען פון זייערע ערטער, די קראַנקע האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן, גלאָז־שפּליטערס פון געפּלאַצטע שויבן זענען צעשפּריצט געוואָרן איבערן זאַל. פון אונטער די איבערגעדרייטע בעטן האָבן זיך געהערט הילפסרופן.

אין דער לופט האָבן געפּייפט די פליענדיקע באָמבעס. האַרמאַטן־שאָסן האָבן צעריסן די זשומענדיקע שוואַרצע הימלען.

קראַנקע האָבן געפּרוווט שטעלן זיך אויף די פיס און זיי זענען צוריק־געפאַלן מיט אָפּגעדעקטע הענט און פיס אויף די שטיקער גלאָז. אין פינצ־טערן חלל זענען געבליבן הענגען נעמען, אויסגעשריגענע פון קאַליקע צו קאַליקע, פון שכן צו שכן, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט צוזאַמענטרעפן.

עטלעכע אַנטרונענע קראַנקע האָבן אין שוץ־קעלער דערציילט, וואָס עס טוט זיך אין שפּיטאָל. געוואַגטע ייִנגלעך זענען געקומען ראַטעווען זייערע חברים, אַ פּאָר געזונטע הענט האָבן מיך אַ צי געטאָן, איך האָב זיך אויפגע־שטעלט, גענומען לויפן, און ווידער געפאַלן אויף דער ערד מיט אַ צע־שטאָכענעם פוס.

— סטאַניסלאַוו! סטאַניסלאַוו! — האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו הערן באַלעקס שטים.

— ווו ביסטו, באַלעק? — האָב איך גערופן.

אַ ליכט־פּאַס פון אַ וואַנדערנדיקן רעפלעקטאָר איבערן הימל האָט אַ שיין געטאָן אין צעלעכערטן פענצטער. איך האָב זיך גערוקט פאָרויס צום אָרט, ווו דאָס קול האָט ווידער גערופן מיין נאָמען.

— באַלעק?

— יאָ!

— ווו ביסטו?

— דאָ, ביי דער וואַנט!

באַלעק האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אויף די פּלייצעס ווי אַ זאַק קאַרטאָפל און געלאָפן מיט מיר. פאַר די אויגן האָבן געשווינדלט די רעפלעקטאָרן־פּאַסן, אין די אויערן האָט געזשומעט די צערוישטע לופט. אַ וואָיענדיקער פייף — און באַלד נאָך דעם אַ צעטרייסלטער אויפרייס אויף דער ערד, באַלעקס פיס האָבן זיך איינגעבויגן, צוזאַמען מיט מיר איז ער געפאַלן ביים אַריינגאַנג אין שוץ־קעלער.

נאָך דער באָמבאַרדירונג זענען די שפּעטע נאַכט־שעהען זיך צע־גאַנגען מיט די רויך־וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געוויקלט און באַדעקט מיט רויטקייט דעם הימל איבער די שטעט עסען, קאַטענבערג און געלזענ־

קירכען. די ערד אַרום אונדזער לאַגער איז געווען אויסגעהוילט מיט טיפע לעכער.

דאָס צימער פון דער גיכער הילף איז געווען פול מיט פאַרוווּנדעטע. איך האָב זיך דערנענטערט צום ווייסן טישל מיט די ראָלקעס באַנדאַזשן. דער הויפּט־סאַניטאַר האָט מיט אַ פּינצעט אַרויסגעצויגן פון מיין פּיאַטע אַ שטיקל גלאָז. דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז נישט געווען קיין פריינד־לעכער. נאָכן באַנדאַזשירן מיר, האָב איך דעם סאַניטאַר מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס. ערשט דאַן האָט ער באַוויליקט אַ שמייכל צו טאָן.

אויף צו מאָרגנס איז דער סאַניטאַר געקומען אין שפּיטאָל. ער איז געגאַנגען פון בעט צו בעט און קאָנטראָלירט די אָרדענונג אַרום יעדן קראַנקן. לעבן מיין בעט האָט ער זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל לענגער. איך האָב דערקענט, אַז ער האָט עפּעס אַ זייטיקע כוונה מיט דעם אומגויטיקן אָנקוקן מיין פוס.

— סטאַניסלאַוו, האָסט נאָך אַזאַ פּאַפּיראָס, ווי דער, וואָס דו האָסט מיר נעכטן געגעבן? — האָט ער מיך געפרעגט, ווי ער וואָלט זיך פּלוצלינג אין עפּעס דערמאָנט.

איך האָב געעפנט דאָס הילצערנע פּושקעלע און אים געוויזן:

— דריי שטיק האָב איך נאָך. ביטע, נעמט איינעם.

— סטאַניסלאַוו, דו דאַרפסט נישט רייכערן, דו ביסט קראַנק. איך נעם נאָך איינעם.

איך האָב אים געהייסן נעמען אַלע דריי. דער סאַניטאַר האָט זיך נישט זשענירט, ער האָט אַרויסגעצויגן די פּאַפּיראָסן פון מיין שאַכטעלע און זיי אַריינגעשטעקט אין דער אייבערשטער קעשענע פון ווייסן פאַר־טעך. ער האָט צוגעשמייכלט, אַ פּינטל געטאָן מיטן אויג און זיך אומ־געדרייט צום דערנעבנדיקן בעט.

נאָך דעם ווי דער דאָקטער האָט אין דעם זעלבן טאָג אויפגענומען די קראַנקע, האָט דער סאַניטאַר מיך פאַרהאַלטן אין זיין אַרבעטס־צי־מער און פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל אים באַזאָרגן מיט פּאַפּיראָסן. דאָס נישט האָבן גענוג צו רייכערן מאַכט אים נערוועז. ער וואָלט גערן צוגעקויפט, אָבער קיינער האָט נישט דאָ קיין גוטן פּאַפּיראָס. די פויע־

רישע טיטון־בלעטער קען ער נישט נעמען אין מויל אַריין. די פּאַ־פּיראָסן, וואָס איך האָב אים געגעבן, האָבן אים גוט געשמעקט.

איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען איך זאָל נעמען פּאַר אים פּאַ־פּיראָסן, אַז איך אַליין האָב נאָך גרעסערע שוועריקייטן ביי באַקומען עפּעס צום רייכערן. דער סאַניטאַר האָט מיך געלאָזט אויסרעדן, אַ ווײַלע אַראָפּגעקוקט צו דער ערד, דערנאָך האָט ער אָנגעשטעלט זיין שפּיזיקן בליק אויף מיר און געזאָגט פּאַמעלעך און דייטלעך:

— דו וועסט זיך שוין אַן עצה געבן... דו ביסט אַ ייד...

— פּאַניע סאַניטאַזשע, איר ווילט ביי מיר פּאַפּיראָסן ווי אויסקויף־געלט?

— ניין, ניין — האָט דער סאַניטאַר געענטפערט און פאַרדעכטיקט געשמייכלט — איך וויל נאָר, אַז דו זאָלסט „פּאָ פּשיאַטשעלסקו" (חבריש) מיר העלפן באַקומען די פאַרשאָלטענע פּאַפּיראָסן.

— איר שטעלט מיך אין אַ שווערער סיטואַציע. איך ווייס נישט ווי אַזוי איך קען דאָס באַוויזן.

— האָסט דאָך נאָך נישט געפּרוווט עפּעס טאָן. פאַר וואָס זאָגסטו זיך גלייך אָפּ? וועסט פון דעם האָבן אַ נוצן. זעסט דאָך, איך האָב היינט פאַרגעלייגט דעם דאָקטער צו פאַרלענגערן דיין קוראַציע אין שפּיטאָל אויף נאָך דריי טעג.

— איך בין אייך, פּאַניע סאַניטאַזשע, זייער דאַנקבאַר. אָבער איר ווייסט דאָך, אַז יעדער איינער פון אונדז באַקומט נישט מער ווי דרייסיק סיגאַרעטן אויף אַ גאַנצן חודש.

— סטאַניסלאַוו — האָט דער סאַניטאַר אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל — איך וועל דיר געבן גענוג צייט און דו וועסט שוין וויסן ווי אַזוי און פון וועמען דאָס צו באַקומען. — מיט די ווערטער האָט דער סאַניטאַר מיך באַגלייט צו דער טיר.

דעם סאַניטאַרס פאַרלאַנג האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון אַ מאַס־קירטער דראָונג. ער האָט מיר טאַקע פאַרזיכערט נישט אויסצוגעבן דעם סוד פון מיין יידישקייט, אָבער מיך האָט דאָך געשראָקן זיין פּאָליציייאישע

פאַרגאַנגענהייט. פאַר יעדן פּרייז האָב איך געזוכט אויסמיידן אַ קאָנפליקט מיט אים.

ביי יעדן לאַגעריסט איז די זאָרג פאַר רייכערן געווען נאָך שטאַר־קער ווי פאַר עסן. מ׳האָט געוווּסט, אַז אין שכנותדיקן לאַגער פון די רוסישע קריגס־געפאַנגענע רייכערט מען געמאָלן האָלץ אין צייטונגס־פּאַפּיר און די רוסן קריגן פון דעם טובערקולאָז. ביי אונדז אין לאַגער איז אַ היימישער טיטון־בלאַט, וואָס בלויז יחידים פלעגן דערהאַלטן פון זייערע היימען, געווען מיט גאָלד צו וועגן. די דרייסיק דייטשישע סיגאַ־רעטן, וואָס מ׳האָט באַקומען צוגעטיילט, האָט מען געשפּאָלטן אויף דריי חלקים און געשלונגען דעם רויך, ווי עפּעס אַ מחיהדיקע זאַך. טאָ ווי אַזוי איז מיר מעגלעך געווען נאָכצוקומען דעם סאַניטאַרס פאַרלאַנג? און דאָך האָב איך אים נישט געטאָרט אָפּזאָגן.

איך בין אָפט געשטאַנען אין שפּיטאָל ביים אָפענעם פענצטער און נישט מיד געוואָרן אָנצוקוקן דאָס דרויסנדיקע ליכט אונטער דעם גראָען הימל, די אומעטיקע הייזלעך פון די דייטשע קוילנגרעבער, וואָס האָבן אויפן רויכיקן האָריזאָנט אויסגעזען, ווי אָנגעשאָטענע קוילן־בערגלעך.

דורכן אָפענעם פענצטער האָב איך יעדן טאָג געזען אַריינפאָרן אין לאַגער אַן עלטערן דייטש אויף אַ צווייערדערדיקן וואָגן. דער דייטש מיט לאַנגע באַקנבערד האָט זיך פויל געשאָקלט אויפן זיץ, וואָס איז געווען אַרומגעשטעלט מיט קעסלען, אין וועלכע ער פלעגט צוזאַמענעמען דאָס איבערבלייבעכץ פון דער אַלגעמיינער קיך. בעת דאָס פערד איז געשטאַ־נען און געוואַרט, זענען אויף דעם אָרט געבליבן ליגן קופּקעס מיסט. נאָכן אויסטריקענען זיך אונטער דער זון, האָבן זיי באַקומען אַ געל־גרינעם קאָליר, ווי צעשניטענע טאַבאַק־בלעטער. וואָס מער איך האָב זיך איינ־געקוקט, אַלץ מער איז דאָס פערדישע מיסט געוואָרן אין מיינע אויגן ענלעך צו טאַבאַק.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך אין קלאָזעט באַטראַכט צווישן מיינע פינ־גער אַ ביסל פערדיש מיסט — די קורצע צעריבענע געל־גרינע שטרויע־לעך, אַזוי ווי זיי זענען אַרויס פון פערדישן מאָגן.

דער ערשטע אָנגעצונדענער פּאַפּיראָס פון צוזאַמענגעמישטן

מיסט מיט צעשניטענע טאַבאַק־בלעטער האָט מיך כמעט איבערצייגט, אַז דער עקספּערימענט איז געלונגען.

אינעם זעקסטן טאָג פון מיין זיין אין שפּיטאָל האָט יאַנעק מיך פאַר־שריבן צום דאָקטער. איך האָב זיך געפילט אָפּגעשוואַכט. קיין אויסזיכטן צו בלייבן נאָך דריי טעג אין שפּיטאָל האָב איך נישט געהאַט, ווייל מיין טעמפּעראַטור איז געפאַלן. איין האָפענונג בלויז איז געבליבן: די צען פּאַ־פּיראָסן, וואָס איך האָב צוגעגרייט פאַרן הויפּט־סאַניטאַר.

— נו, סטאַניסלאַוו, האָסט עפּעס פאַר מיר? — דאָס זענען געווען די ערשטע ווערטער פונעם הויפּט־סאַניטאַר ווען ער האָט מיך געטראָפן ביי דער טיר פון זיין אויפנעם־צימער.

— דערווייל נאָר צען שטיק.

— בעסער ווייניק ווי גאָרנישט.

דער סאַניטאַר האָט תיכף נאָך אונדזער אַריינגיין אין צימער פונאַנ־דערגעוויקלט דאָס פּאַפּירל, גענומען אין מויל אַריין אַ פּאַפּיראָס און פאַר־רויכערט. איינציענדיק די באַקן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, האָט ער לאַנגזאַם אַרויסגעבלאָזן פון צווישן די ליפּן אַ דינעם שנור רויך און געזאָגט:

— שמיערדזשי, אַלע קרעפּקי (ער שטינקט אָבער ער איז שטאַרק)...

— די פּוילישע „ערגאַ" אָדער „פּלאַסקע" האָבן בעסער געשמעקט...

— אַ פאַרשטונקען לעבן מיט שטינקענדיקע פּאַפּיראָסן.

— און דאָס דאַרף שמעקן — האָב איך צוגעגעבן.

— וואָלט דאָס כאָטש געווען גענוג צו באַקומען — האָט דער סאַ־ניטאַר געשאָקלט דעם פּאַפּיראָס צווישן זיינע צוויי פינגער און צופרידן געבלאָזן דעם רויך פון די צוזאַמענגעצויגענע ליפּן.

איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט און אָנגעהויבן רעדן וועגן מיין קראַנקייט. דער סאַניטאַר האָט מיר פאַרזיכערט צו רעדן מיטן דאָקטאָר וועגן פאַרלענגערן מיין בלייבן אין שפּיטאָל, אָבער מיטן באַדינג, אַז איך זאָל אים ווידער ברענגען די זעלבע פּאַפּיראָסן.

דער ניינטער טאָג אין שפּיטאָל. איך האָב צוגעגרייט נאָך 10 פּאַפּי־ראָסן, דאָס מאָל מיט אַ שענערן אויסזען, גלאַט־אָנגעשטאָפּטע אין גילזן.

דער סאַניטאַר איז מיר געווען דאַנקבאַר און דער דאָקטער האָט מיר אויסגעשריבן פּילן און נאָך דריי טעג צו ליגן אין בעט.

אַנדזשעי, אַ צעלאָזענער פויער־יונג, אַ קאָרטן־שפּילער, האָט שטענדיק זיך געניטיקט אין געלט. פאַר אַ גוטן פּרייז האָט ער פאַרקויפט פּראָדוקטן פון די פּעקלעך, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון זיין רייכער פויערישער היים. איך האָב ביי אים אָפּגעקויפט די טאַבאַק־בלעטער פאַר דייטשישע מאַרקן, וואָס איך האָב נישט געהאַט ווו זיי אויסצובערענגען.

באַלעק איז איצט צו מיר געקומען כמעט יעדן טאָג נאָך דער אַר־בעט. ער האָט מיר געהאָלפן דין צעשניידן די בלעטער. ווען איך האָב אים מכבד געווען פון בלעכענעם פּושקעלע, וואָס איך האָב געהאַט צוגעגרייט פאַרן סאַניטאַר, האָט ער שטאַרק הנאה געהאַט.

דער צוועלפטער טאָג אין שפּיטאָל. דער סאַניטאַר האָט מיך אָפּגע־וואַרט אין זיין אַרבעטס־צימער באַלד אין דער פרי, פאַרן אויפנעמען די קראַנקע. איך האָב אים געבערענגט פופצן פּאַפּיראָסן. ער האָט זיי איבער־געלייגט אין זיין הילצערן פּושקעלע. פאַררייכערט איינעם פון זיי און געבלאָזן פון זיינע צענויפגעצויגענע ליפּן דעם דינעם רויך.

— בין איך אויף היינט פאַרשריבן צום דאָקטער, פּאַניע סאַניטאַזשע?

— יאָ, אָבער איך מיין, אַז שוין דאָס לעצטע מאָל.

— קען מען נישט אויסרוען זיך נאָך אַ פּאָר טעג אויפן חשבון פון די דייטשן?

— סטאַניסלאַוו — האָט דער סאַניטאַר מיך אָנגעקוקט — ווען דער דאָקטער מיטן האַקענקרייץ וואָלט זיך דערוווסט פאַר וועמען איך בעט ווידער אַ מאָל דריי טעג רו...

— בין איך דען אַן אַנדער סטאַניסלאַוו ווי אַלע סטאַניסלאַווס אין לאַגער?

— אָט שטייען דאָ אין צימער צוויי סטאַניסלאַווס — דער סאַניטאַר האָט אָנגעשטעלט זיין פּנים אַנטקעגן מיר — איינער אַ סטאַניסלאַוו פון בלוט און ביינער, און דער צווייטער?

איך האָב געמוזט אַרויסווייזן שטאַנדהאַפטיקייט און כ׳האָב געענט־פערט נישט אַרויסווייזנדיק קיין נערוועזיטעט:

— געמיינט האָב איך אויסער דער גרענעץ פון דעם צימער...

— דאָס איז נאָך קאָמפּליצירטער... — דער סאַניטאַר האָט נישט אַראָפּגענומען זיין בליק פון מיר.

— פאַר וואָס ?

— צוליב דעם — האָט דער סאַניטאַר פאַרגעזעצט — ווייל דיין אַריי־שער דאָקומענט איז גוט אויסגעשריבן, אָבער שלעכט אַדרעסירט...

— פאַניע סאַניטאַזשע, איך הייב אָן ווערן אומרויק.

— יאָ ! — האָט דער סאַניטאַר רויק אַ צי געטאָן דעם פּאַפּיראָס — די געסטאַפּאָ האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט די פּאָליאַקן אין לאַגער וואָס שטאַמען פון דריטן רייך. מען וויל זיי מאַכן פאַר פאָלקס־דייטשן און מאָביליזירן זיי אין דייטשישן מיליטער.

— דאָס געפעלט מיר נישט... — האָב איך געזאָגט און געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער.

— און מיר — האָט דער סאַניטאַר אַ שמייכל געטאָן — וואָלט דאָס יאָ געפעלן. דו, סטאַניסלאַוו, אין היטלערישן מונדיר ! דאָס וואָלט געווען שיין...

איך בין געבליבן שטיין אָן אומעטיקער מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן.

— סטאַניסלאַוו ! — האָט דער סאַניטאַר מיך אויפגעמונטערט מיט אַ קלאַפּ אין אַקסל — דערווייל האַלט עס נאָך נישט ביי דיר. גיי און מאַך מיר נאָך אַ ביסל פּאַפּיראָסן — ער האָט גענומען די פעדער און עפּעס פאַרצייכנט אין מיינע פּאַפּירן.

דעם זעלבן טאָג האָט דער דאָקטער מיך באַטראַכט. נאָכן אויסטאַפּן דעם פּולס האָט ער געזאָגט :

— קיינע טעמפּעראַטור, אַרבייטספעיִק !

— קיינע קרעפטע, הער דאָקטאָר — האָב איך קוים אַרויסגערעדט...

נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיטן סאַניטאַר האָט דער דאָקטער מיך איבערגעלאָזן אויף נאָך צוויי טעג אין שפּיטאָל און אויסגעשריבן אַ שיין אויף דריי טעג לייכטער אַרבעט אין קוילנגרובן.

דער פערצנטער און לעצטער טאָג אין שפּיטאָל. איך בין אַריין צום הויפּט־סאַניטאַר זיך געזעגענען. די פופצן פּאַפּיראָסן וואָס איך האָב אים

געבראַכט זענען געווען אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַרן פאַרלענגערן מיין בלייבן אין שפּיטאָל.

צוליב די רעגנס האָב איך דאָס מאָל נישט געקענט צונויפנעמען די קופּקעס פערדיש מיסט. דאָס מאָל זענען די פּאַפּיראָסן געווען אָנגעשטאָפּט מיטן ריינעם טאַבאַק פון אַנדזשעיס בלעטער און איך האָב זיי איבער־געגעבן דעם סאַניטאַר מיט מער זיכערקייט.

— נו, סטאַניסלאַוו — האָט דער סאַניטאַר פאַרזיכערט — וועסט דאָך נאָך ווען אָנהאַלטן מיט מיר אַ קאָנטאַקט, טאָ פאַרגעס נישט מיט־צוברענגען צום רייכערן...

— איך וועל נישט פאַרגעסן, פּאַניע סאַניטאַזשע — האָב איך אים פאַרזיכערט און אויסגעצויגן די האַנט צום געזעגענען.

פּלוצלינג האָט דער סאַניטאַר אַ שפּיי געטאָן. אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון עקל. איך האָב צוריקגעצויגן מיין אויסגע־שטרעקטע האַנט און אים אָנגעקוקט.

— ווייסט דאָך — האָט ער בייז אַרויסגערעדט — אַז איך קען נישט פאַרטראָגן דעם שטינקענדיקן ריח פון די פּויערישע בלעטער. רופט מען דיך סטאַניסלאַוו, טאָ פּראַווע נישט קיין יידישע שטיק...

— פּאַניע סאַניטאַזשע, מיר איז אויסגעגאַנגען דער דייטשישער טאַבאַק, מיט וועלכן איך האָב פריער צוזאַמענגעמישט די בלעטער.

— דאַרף מען נישט! — האָט ער אויסגערופן און אַ באַליידיקטער אַוועקגעקוקט אין אַ זייט.

— גיט מיר צוריק די פּאַפּיראָסן, וועל איך זיי אויסבעסערן.

דער סאַניטאַר האָט זיך געלאָזט איבערבעטן און פאַרלאַנגט די זעלבע פּאַפּיראָסן וואָס פריער...

# קאַפּיטל פופצן

צוריק אין באַראַק. מײַנע שכנים האָבן זיך מיט מיר היימיש באַגריסט. בלויז וואַצעק האָט נאָך אָנגעהאַלטן זײַן ברוגז מיט מיר, ווײַל איך האָב אים נישט אויסגעלערנט ווי אַזוי קראַנק צו ווערן אונטערן קאַלטן וואַסער.

איך בין ווידער אין קוילנגרובן. דער שטײַגער העשקע האָט איבערגעלייענט דאָס צעטל פון דאָקטער און תיכף מיך אָפּגעשיקט צום שטײַגער ברייטענשטיין. ביי אים אין דער נידעריקער שטרייב, האָט ער געזאָגט, איז נישטאָ קיין לײַכטע אַרבעט.

זאַלעסקי, מײַן פריערדיקער רוטשע־מייסטער, וואָס האָט מיך געדאַרפט פּאַראייניקן מיט זײַן גרופּע, איז שוין געווען אַראָפּגעפאָרן אין קוילנגרובן. עס האָט זיך געענדיקט די צייט פון קענען אַראָפּפאָרן מיט דער צענטראַלער ווינדע. איך האָב זיך געמוזט ווענדן צום הויפּט־שטײַגער. ער האָט עפּעס אָנגעשריבן אויף אַ צעטעלע און מיך געשיקט מיט דעם צו דער קליינער רעזערוו־ווינדע.

דער ווינדע־פירער האָט, אין הסכם מיט די אָנגעשריבענע ציפערן אויפן פּאַפּירל, מיך אַראָפּגעלאָזט צווישן שמאָלע פאַרשטויבטע דורכגענג. פון דאַנען האָב איך דורך ברייטערע קאָרידאָרן געדאַרפט אַרויסקומען צום צענטראַלן וועג, און פון דאָרט, אין אַ גלייכן גאַנג, אָנקומען צום קוילנגרובן.

דער וועג מיט די באַן־ליניעס האָט לכתחילה אויסגעזען צו זײַן דער זעלבער, אויף וועלכן איך בין שוין אַ סך מאָל געגאַנגען. אָבער שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן חושד זײַן, אַז איך בלאָנדזשע. איך האָב גענומען זוכן די סימנים, וואָס פלעגן מיר ווײַזן, ווי ווײַט איך בין נאָך

פון קוילנגרובן. לויט דער צייט פון מיין גאַנג האָב איך שוין געדאַרפט האָבן אָנגעקומען צום שמאָלן וואַסער־שטראָם לענג־אויס די נאַסע שטיי־נערנע ווענט. אַ ביסל ווייטער האָט געדאַרפט זיין דער באַן־קנופּ מיט דער געדיכטער נעץ שמאָלע רעלסן. און ווו זענען די רונדע שוץ־בלעכן מיט די טויטנקעפּלעך איבער די עלעקטרישע דראָטן־פּלאָנטערס? ווו איז דאָס בלינדע פערד איינגעשפּאַנט אין לאַנגן צוג וואַגאָנדלעך? וואָס לענ־גער איך בין געגאַנגען, אַלץ מער האָב איך דערפילט מיין בלאָנדזשעניש אויף אַ וועג, ווו כ׳האָב נישט אָנגעטראָפן אויף קיין סימן פון באַוועגונג, חוץ די שוואַכע שיין פון מיין לאָמפּ און די נישט זיכערע טריט פון מיינע פיס. אַרום מיר איז געווען אַן אומהיימלעכע געדיכטע פינצטערניש. וואָס זאָל איך טאָן? גיין פאָרויס אָדער צוריק? איך באַשליס צו גיין ווייטער. אפשר, האָב איך געטראַכט, וועל איך אָנטרעפן עמעצן, וואָס זאָל מיר ווייזן דעם וועג צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ.

די לאָמפּ האָט אָנגעהויבן פינטלען. ביי יעדן שטאַרקן טריט האָט זיך דאָס ליכט אויסגעלאָשן. דאָס כסדרדיקע דרייען דעם קאָפּ פון לאָמפּ כדי ווידער אַרויסצורופן אַ ליכטיקע שיין, האָט מיך געמאַכט בייז אויף זיך אַליין. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז אָן צו באַהערשן זיך און אָן געדולד צו דער קאַליע געוואָרענער לאָמפּ דראָט מיר עפּעס שרעקלעכס, אַזוינס, וואָס איך האָב נישט געוואָלט אַפילו זיך פאָרשטעלן. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ס׳איז זיכער געשען אַ טעות: אָדער דער ווינדע־פירער האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ נישט ריכטיקער טיף, אָדער איך בין אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

פון דעם קנאַפּן יאָר אונטערערדישער אַרבעט האָב איך געוווּסט, אַז אויף יעדן וועג, וואָס פירט צו אַ קוילנגרובן, זעט מען דורכלויפן ליידיקע אָדער פולע וואַגאָנדלעך צו, אָדער פון דער צענטראַלער ווינדע; מען באַגעגנט קאָרידאָרן־בויער, האַלץ־טראַנספּאָרטן, איצט, אויף דעם וועג, האָב איך נישט אָנגעטראָפן קיין שפּור פון דעם אַלעמען. אַלץ וואָס מיינע אויגן האָבן אָנגעקוקט, האָט אויסגעזען פאַרשטויבט, פאַרלאָזן פון מענטשן און פון אַרבעט. די מיט זשאַווער באַצויגענע באַן־רעלסן האָבן מיך איבער־צייגט, אַז איך בלאָנדזשע, אָבער ווי אַזוי געפינט מען אַן אויסוועג פון

אַזאַ אומגעריכטער צרה? איך באַשליס דאָך צו גיין פאָרויס: דער וועג מוז דאָך ערגעץ האָבן אַ סוף.

דער גאַנג אין דעם פינצטערן אַרום האָט מיך דערמאָנט אין יענעם גרויסן, געדיכטן וואַלד הינטערן דאָרף, ווו איך האָב געוווינט אין מיינע יינגלשע יאָרן. דער דאָזיקער וואַלד האָט מיך געלאָקט און געצויגן צו זיך. מיט פולע קוישן שוואָמען אָדער יאַגדעס האָב איך אָפט פאַרבלאָנדזשעט צווישן דער וואַלד־געדיכטעניש. איך פלעג רופן און שרייען, ביז אַ פּאַס־טעך אָדער אַ האָלצהעקער האָט אויפגעכאַפּט דעם עכאָ פון מיין שטים און מיר אָפּגעפּגענטפערט פון דער וואַלד־טיפעניש.

איך האָב אַוועקגעשטעלט די לאָמפּ און דורך די האַנטפלאַכן געשריגן אין אונטערערדישן חלל: האָ־האָ־האָ! איך האָב דאָס איבערגעחזרט אין ווייטערדיקן גאַנג. דער עכאָ פון מיין רוף האָט זיך געטראָגן אין דער שוואַרצער טיפקייט, אָבער קיינער האָט אים נישט אויפגעכאַפּט און קיינער האָט מיר נישט אָפּגעענטפערט. פון דער וויסטער פוסטקייט האָב איך געהערט בלויז דעם ווידערקול פון מיין אייגן קול. איך בין ווייטער גע־גאַנגען מיט נאָך שנעלערע טריט. אַ פּחד איז מיר נאָכגעלאָפן און געטריבן ווי פון אַ דראָענדיקער סכנה, וואָס איז נאָך יעדן טריט גרעסער געוואָרן אין מיין דמיון. לויפנדיק בין איך אומגעפאַלן. פון קלאַפּ האָט די לאָמפּ זיך אויסגעלאָשן. איך בין געבליבן אין דער פינצטער. מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך געדרייט און געהאַקט דעם קאָפּ פון לאָמפּ, ביז איך האָב ווידער דערזען אַ בלייך צאַנקענדיק ליכט, וואָס האָט קוים געוויזן צו שטעלן אַ טריט פאָרויס.

איך בין אָנגעקומען אויף אַן אָרט, ווו דער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אויסבייגן. פּלוצלינג האָב איך דערזען פאַר זיך אַ ווייסן פלעק, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין גאָר נאָענט. איך האָב געקריגן מער קוראַזש און אָנגעהויבן גיין שנעלער. וואָס גיכער איך האָב געשטעלט די טריט, אַלץ טיפער האָט דער בלייכער פלעק זיך אָפּגערוקט פון מיר. איך בין געבליבן שטיין מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם און אָנגעשטרענגט געקוקט אין דער פינצ־טערניש, און ווידער האָב איך דערזען דעם ווייסן פלעק גאָר נאָענט פון

זיך. אין דער מיסטעריעזער ווייסקייט האָב איך אָנגעהויבן צו דערקענען אַ געשטאַלט, אַן ענלעכע דאָ צו אַ מענטש, דאָ צו אַ חיה.

אַ מינוט בלויז האָט געדויערט מיין פאַרלוירנקייט. אַן אינערלעכע קראַפט האָט מיך אַ שטויס געטאָן פון אָרט. איך האָב אָנגעהויבן גיין ווייטער פאָרויס, אָן אַן אָפּהאַלט. דאָס העמד איז געווען צוגעקלעפּט צו מיין לייב, דער האַרטער ראַנד פון העלם האָט געדריקט אַרום מיין פאַר־שוויצטן קאָפּ. אין איין אָטעם האָב איך געשפּאַנט צום בלייכן פלעק, וואָס האָט אָנגעהויבן ווערן העלער, בולטער און נענטער.

פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייער וועג, וואָס האָט זיך געצויגן אויף רעכטס און אויף לינקס און איז געווען באַלויכטן פון אַ שיטערער ריי עלעקטרישע לאָמפּן. לויט די גלאַנציקע באַן־רעלסן האָב איך דער־קענט, אַז אויף דעם וועג קומט פאָר אַ פאַרקער. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין. ווייטע אָפּהילכן פון אויפרייסן האָבן מיך אָנגעפילט מיט דערוואַרטונג.

אַ שטיל זשומען, ווי פון טעלעפאָן־סלופּעס, האָב איך דערהערט פון דער טיפער פוסטקייט. דאָס זשומען האָט זיך שנעל פאַרטוישט אויף אַ גערויש, וואָס איז מיט יעדן אויגנבליק געוואָרן שטאַרקער און ראַשיקער. מיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער זייט פון וועג, וווּ ס׳האָט זיך באַוויזן אַ באַוועגלעכע שיין. איך האָב אויפגעהויבן די לאָמפּ און גענומען זי דרייען אין אַ רונדן קרייז. אַ לויפנדיק לאָקאָמאָטיוול האָט זיך האַסטיק פאַרהאַלטן אַנטקעגן ליכטקרייז פון מיין לאָמפּ.

— פאָן וואָ קאָמסטו היר? — האָט איינער פון וואַגאָנדל געפרעגט און געקוקט אויף מיר מיט חשד און פאַרוווּנדערונג.

איך האָב אים געוויזן דאָס פּאַפּירל פונעם הויפּט־שטייגער און אָנגע־הויבן דערציילן ווי אַזוי איך האָב פאַרבלאָנדזשעט.

— היר איזט דאָרטמונד, נישט וואַטענשייד! — האָט דער דייטש אויסגעגלאָצט די אויגן.

איך בין געבליבן אָן לשון.

— ביסטו רוסע? פּאָלע?

— פּאָלע.

תיכף האָט אַ צווייטער מיך געפּרעגט אויף פּויליש ווען איך בין דאָ אַהערגעקומען.

אַלע פיר פון דער מאַנשאַפט האָבן, ווייזט אויס, געצווייפלט אין אמת פון מיינע רייד. זיי האָבן זיך צוזאַמענגערוקט און באַפוילן מיך איינשטייגן.

בעתן פאָרן מיט זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען דינאַמיט־לייגער אין די קאָרידאָרן פון די דאָרטמונדער קוילנגרובנס, און אַז איך געפין זיך מיט איבער 200 מעטער העכער פון דער טיף, וווּהין איך האָב געדאַרפט אַראָפּפאָרן.

דער דייטש, וואָס האָט צו מיר גערעדט דער ערשטער, האָט באַפוילן דעם מאַשיניסט ווייטער צו פאָרן. דאָס לאָקאָמאָטיוול האָט אַ ציִ געטאָן עטלעכע קילאָמעטער פאָרויס און געבליבן שטיין. דער זעלבער דייטש איז אויפגעשטאַנען און מיך גערופן צו גיין מיט אים. איך בין געגאַנגען, און דער הויכער, פולער דייטש מיט דער שטייגער־לאָמפּ האָט געשפּאַנט הינטער מיר איבערן שמאָל־געדרייטן וועג צווישן שוואַרץ־פאַרשטויבטע שטיינערנע ווענט. פון זיין אונטעריאָגן מיך איז מיך באַפאַלן אַ שרעק, ווי דער דייטש וואָלט אין דעם שוואַרצן לאַבירינט מיך געטריבן צום טויט.

די שיין פון זיין לאָמפּ האָט זיך באַוועגט אויף רעכטס און אויף לינקס. איך בין נאָכגעגאַנגען דעם צעהוידעטן ליכט־פאַס און מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק געזוכט דעם סוף פון וועג.

מיר זענען אַריין אין אַ פירעקיקן קורצן רוים. דאָ זענען מיר ענדלעך געבליבן שטיין. די שיין פון שטייגערס בליצלאָמפּ האָט זיך אויפגעהויבן צו דעם אָרט, ווו צווישן פאַרצוימטע אייזערנע שטאַכעטן איז געהאַנגען אַ שמאָלע ווינדע, ווי אַ פאַרזשאַווערטער בלעכענער קאַסטן. דער שטייגער האָט אַ ציִ געטאָן פאַר אַ קייטל און אַרויפגעקוקט צום פאַרצוימטן לאָך, ביז די ווינדע איז פאַרשוווּנדן אין דער הייך. נאָך עטלעכע מינוטן האָט אַ צווייטע ווינדע זיך אַראָפּגעלאָזט און זיך פאַרהאַלטן הינטער אַן אייזערנער טיר. אַן אַלטער דייטש מיט אַ פאַרפלעקט פּנים איז אַרויס פון דער אייזערנער שטייג, געגריסט צו אונדז מיט אַ „גליקאַוף" און געבליבן שטיין אַ געהאָרכזאַמער אַנטקעגן שטייגער, וואָס האָט אים איבערגעגעבן וועגן זיין געפינען מיך אין די פאַרלאָזענע שאַכטן צווישן דאָרטמונד און

וואַטענשייד. דער אַלטער דייטש האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געוואָרפן אויף מיר זייטיקע בליקן.

דער אַלטער דייטש איז געבליבן מיט מיר און דער שטייגער איז אַוועק אין אַ זייטיק ווינקל אויף דער צווייטער זייט ווינדע. איך האָב אים געהערט אַריינשרייען אין אַ טעלעפאָן. ער איז פון דאָרט צוריקגעקומען אין איילעניש, אַרויסגעגאָרגלט אַ פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב זיי נישט פאַרשטאַנען, און באַלד אַוועק מיט זיין בליצלאָמפּ אויף דער ברוסט צו דעם וועג פון וואַנען מיר זענען געקומען.

מיט זיינע שווערע טעמפּע טריט איז דער שטייגער פאַרשוווּנדן צווישן די שטיינערנע ווענט. דער אַלטער דייטש האָט זיך דערמאָנט אין זיין טאַבאַק־פּושקעלע. ער האָט דערין אַריינגעשטעקט די שפּיציקע נאָז און זיך צעניסט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין דער שטיינערנער וואַנט און שטום געקוקט אויף מיר.

איך האָב געמאַכט עטלעכע שריט כדי אויסצוגעפינען אַן אָרט ווו זיך אַוועקצוזעצן. דער דייטש האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ בייז פּנים און געזאָגט, אַז איך מוז בלייבן אין דער פּאָזיציע אונטער זיין אויפזיכט, ביז ער וועט וויסן וואָס ווייטער צו טאָן מיט מיר. איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געפרעגט, צי איז דאָ אַ תפיסה אָדער אַ קוילנגרובן. דער דייטש האָט נישט געוואָלט רעדן מיט מיר. ער האָט פאַרקוועטשט די ליפּן און אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט, ווי איך לייג זיך אויס אויף די שטיי־נער מיטן העלם אונטערן קאָפּ און דעם לאָמפּ צווישן די פיס. איך האָב אָנגעהויבן איינדרימלען, אָבער דער דייטש האָט מיך איבערגעוועקט מיט געשרייען: „היר איזט קיין אָרט צום שלאָפן!" איך האָב זיך אויפגעזעצט און מיט האַלב־אָפענע אויגן אַרויפגעקוקט צום בייזן שוואַר־אָטעמענדיקן דייטש, וואָס האָט געמאַכט עטלעכע טריט און זיך פאַרהאַלטן הינטער מיין רוקן. די שוואַרץ־גראָע שטיינערנע ווענט, די אונטערערדישע שטילקייט און דער וואַכנדיקער דייטש הינטער מיין רוקן האָבן ביי מיר געשאַפן אַן איינדרוק, ווי איך וואָלט זיך געפונען אין אַ טורמע.

אינעם פינצטערן ווינדע־לאָך האָט אַ שווינדל געטאָן אַ פייערל פון אַ לאָמפּ און האַסטיק זיך פאַרהאַלטן אַנטקעגן אונדז. דער דייטש איז

צוגעגאַנגען צו די אייזערנע שטאַכעטן, אַהין עפּעס אַריינגערעדט, און באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט און מיך גערופן איינשטייגן אין דער ווינדע. אַ מענטש מיט אַ בלייך פּנים אין שוואַרצע פלעקן האָט מיך אָנגעקוקט און אָנגעהויבן מיך אויסלאַכן צוליב מיין פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין דער פאַרלאָזענער שאַכט. איך האָב געפּרוווט זיך פאַרענטפערן, אַז דער ווינדע־פירער האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ נישט ריכטיקער טיף. דער דייטש האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו חוזקן און פאַרגליכן מיך צום בלינדן פערד אין קוילנגרובן.

די ווינדע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ביז איבער טויזנט מעטער טיף. דער דייטש האָט מיר אָנגעוויזן דעם וועג צו דער שאַכט, ווו איך האָב זיך געדאַרפט מעלדן צו דער אַרבעט.

אין מיטן פון דער צווייטער העלפט שיכט בין איך אָנגעקומען אויפן נייעם אַרבעטס־פּלאַץ. דער רוטשע־מייסטער זאַלעסקי האָט אַרויסגעוויזן אומצוטרוי און פאַרדאַכט צו דער געשיכטע פון מיין פאַרבלאָנדזשען. ער האָט מיך געדראָט איבערצוגעבן אין די הענט פון שטייגער פאַר וועלן אויסמיידן אַן אַרבעטס־שיכט. מיט דער הילף פון סימנים איז מיר קוים געלונגען אים איבערצוצייגן אינעם אמת פון דער געשעעניש. ערשט דאַן האָט ער באַוויליקט איבערצולייענען דאָס צעטל פון לאַגער־דאָקטער, וואָס האָט אויך געהאָלפן מיך אויסלייזן פון אַ זיכערער שטראָף.

# קאַפּיטל זעכצן

נאָך דער דייטשישער מפּלה הינטער סטאַלינגראַד איז אין לאַגער געוואַקסן דער אינטערעס צו די קריגס־געשעענישן. די ידיעות פּלעגן אָנקומען פאַרשפּעטיקטע, זיי זענען דערגאַנגען צו אונדז פון מענטשן, וואָס האָבן געקענט לייענען די דייטשישע פּרעסע און פון אַלטע פּוילישע צייטונגען, געפונענע אין די שפּייז־פּאַקעטן פון פּוילן.

ערשט אין פעברואַר 1943 האָט מען אין לאַגער זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן נאָך גרויסע פאַרלוסטן זיך צוריקגעצויגן פון גאַנצן סטאַלינגראַדער ראַיאָן, אַז די רוסן זענען איבערגעגאַנגען אין אַן אָפענ־סיווע און נעמען צוריק פאַרלוירענע פּאָזיציעס. אָנקוקנדיק די דייטשן האָט מען געקענט דערקענען דעם טרויער נאָך זייער ערשטע גרויסע מפּלות אויף די פראָנטן.

נאָך סטאַלינגראַד איז געקומען דער גרויסער זיג איבער די דייטשן אין צפון־אַפריקע, ווו ראָמעלס אַרמיי איז פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן. די פאַרשטאַרקטע לופט־אַטאַקעס אויף די דייטשישע שטעט און די אָפטע נאַכט־אַלאַרמען אין לאַגער האָבן בולט אָנגעוויזן אויף דער נייער ווענ־דונג אין דער מלחמה.

סוף סעפּטעמבער 1943 האָט מען דאָס ערשטע מאָל דערזען גרעסערע גרופּעס איטאַליענישע קריגס־געפאַנגענע אין באָד־אַנשטאַלט פון קוילנ־גרובן. צווישן די ווייניקע ווערטער, וואָס מיר האָבן געקענט פון זיי אויפּ־כאַפּן אין דייטש האָבן מיר געהערט: „מוסאָליני קאַפּוט, באַדאָליאָ גוט“...

איטאַליעס קאַפּיטולאַציע און נאָך דעם — איר קריגס־דערקלערונג צו דייטשלאַנד, אַמעריקעס לאַנדן אויף איטאַליענישן באָדן, דער פאָראויס־גאַנג פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אויפן מזרח־פראָנט — אָט די קריגס־געשעענישן פון סוף 1943 האָבן אַרויסגערופן אַ מוטיקע שטימונג ביי די לאַגעריסטן און אַן אומרו צווישן די דייטשן.

אין לאַגער זענען פאָרגעקומען אַרעסטן. געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן אַוועקגענומען עדמונדן, אַ שלאָסער אין די טעכנישע וואַרשטאַטן פון קוילנגרובן, מיט זיינע צוויי געהילפן. אין לאַגער איז געווען באַוווּסט, אַז זיי לייענען דייטשישע צייטונגען. אַ ביסל שפּעטער איז מען געוואָר גע־וואָרן, אַז זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן פאַר אַנטי־דייטשישער טעטי־קייט. זייער טויט האָט געדאַרפט זיין אַ וואָרענונג און אַן אָפּשרעק־מיטל פאַר אַלע לאַגעריסטן.

אין דער ראַזורע איז שטענדיק פול געווען מיט לאַגעריסטן, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. דאָ האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן באַקאַנטע פון די שכנותדיקע באַראַקן און מען האָט רויק געשמועסט וועגן פּערזענ־לעכע ענינים.

די צוויי שערערס: לודוויג — אַ פּאָליאַק, און וולאַדימיר — אַ רוס, האָבן זעלטן ווען רעאַגירט מיט אַ וואָרט אויף די געשפּרעכן הינטער זייערע פּלייצעס. פאַרטאָן אין זייער אַרבעט, זענען זיי ביידע געגאַנגען מיט די מאַשינקעס איבער די קעפּ אין אַ פאַרמעסט נאָך יעדן מאַרק ביר־געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די לאַגעריסטן.

פּלוצלינג איז וולאַדימיר אַרעסטירט געוואָרן. די דייטשן האָבן באַ־שולדיקט דעם רוס, אַז ער האָט געפירט אין דער ראַזורע קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פּאָליאַקן. אויך לודוויג איז פאַרהאַלטן געוואָרן, ער איז אָבער צוריקגעקומען און ממשיך געווען זיין אַרבעט.

דעם גרויסן שווערלייביקן באָגדאַן האָט מען אין לאַגער געקענט פאַר אַן אַנאַלפאַבעט, וואָס האָט נישט געקענט לייענען און שרייבן. זיינע אַרבעטס־פּאַפּירן האָט ער געחתמעט מיט פינגער־אָפּדרוקן. דערפאַר אָבער זענען געווען אַנטוויקלט זיינע חושים, זיין אויג און אויער. אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט אַרום זיך, האָט ער באַנומען מיט זיין פּשוטן שכל. די מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט ער פאַרגליכן צו אַ דאָרפיש געשלעג פון צוויי צעקריגטע מחנות, ווו געזיגט האָט שטענדיק די גרעסערע. לויט באָגדאַנס מיינונג האָט דייטשלאַנד געמוזט פאַרלירן די מלחמה, ווייל ווען ער האָט אויסגערעכנט די לענדער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן קעגן דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע, האָבן אים אויסגעפעלט פינגער אויף

די הענט. אָט די מיינונג האָט באַגדאַן אַרויסגעזאָגט פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט געדולד אים אויסצוהערן.

אין איינעם אַ טאָג, ווען באַגדאַן איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָט ער זיך געדאַרפט מעלדן אין דער לאַגער־קאָמענדאַנטור, ווו ס׳האָבן שוין געוואַרט אויף אים צוויי געסטאַפּאָוצעס. באַגדאַנען האָט מען שוין מער אין לאַגער נישט געזען.

די אַרעסטן האָבן אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַ פּחד. מען האָט אָנגעהויבן מורא קריגן פאַר אַ פאַרדעכטיקט אויג און אויער צווישן די אייגענע שכנים.

ביסלעכווייז האָט מען פאַרגעסן די אַוועקגענומענע. די מענטשן האָבן ווידער אָנגעהויבן לעבן מיט די טאָג־נייעסן. יעדער באַקאַנט־געוואָרענער זיג איבער די דייטשן איז קאָמענטירט געוואָרן אין די פאַרטרויליכע שמועסן צווישן די נאָענטסטע שכנים אין די בעטן אָדער אין די טונקעלע באַראַק־ווינקלען.

אין אַ מיטן נאַכט האָבן די איבערגעוועקטע לאַגעריסטן דערזען אין די באַראַקן באַוואָפנטע זשאַנדאַרן, וואָס האָבן באַפוילן עפענען די שאַפּקעס און אַלץ אַרויסנעמען פון דאָרט. מען האָט איבערגענישטערט די אָנגעוואָרפענע זאַכן און יעדעס שטיקל געדרוקטע פּאַפּירל איז קאָנטראָלירט געוואָרן.

ווידער איז אין לאַגער געוואָרן שטיל. די וואַכלייט האָבן נאָכגעלאָזט פון זייער שטרענגקייט און אָנגעהויבן רעדן אַ ביסל מענטשלעכער, און אַפילו צוואַרפן חניפהדיקע קאָמפּלימענטן די לאַגעריסטן פאַר גוטער און סאָלידער אויפפירונג.

אין יענע טעג האָט מען אויסגעלאָדן אין לאַגער־מאַגאַזין אַ גרויסן טראַנספּאָרט מיט אָנגעשטאָפּטע זעק, און אין אַ זונטיק, ווען אַלע זענען געווען באַפרייט פון דער אַרבעט, האָט אַ געשריבענע מעלדונג גערופן די לאַגעריסטן צו שטעלן זיך אין רייען צום מאַגאַזין. אַלע וואַכלייט זענען געוואָרן מאָביליזירט אויף אָפּצוהיטן די אָרדענונג ביי דער גרויסער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט אין אַ לאַנגער ריי געצויגן צו די טירן פון מאַגאַזין.

— „זשידאָווסקע קאַפּאָטי״! (יידישע קאַפּאָטעס) — האָבן געשריגן די ערשטע, וואָס זענען אַרויס פון מאַגאַזין מיט פּעקלעך אונטער די אָרעמס און מיט אָנגעהאָנגענע מלבושים איבער די הענט און אַקסלען.

— „אוביאָרי פּאָ זשידאַך״! (אָנטועכץ נאָך די יידן) — די פּאָר ווערטער זענען, צוזאַמען מיט אַ געלעכטער, איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל. טויזנטער גיריקע אויגן זענען געווען געווענדט צו די אָפענע באַראַקן־טירן.

אין מאַגאַזין זענען געשטאַנען לאַגער־באַאַמטע און געטיילט פון די זעק אַרויס פאַר יעדן איינעם פון דער ריי אַ רעקל מיט אַ פּאָר הויזן. די פּאַרב און די מאָס האָט דעם טיילער נישט אינטערעסירט; ער האָט געצויגן פון זאַק אַרויס, אַזוי ווי עס איז געלעגן.

באָלעק און וואַצעק זענען געשטאַנען לעבן מיר מיט פאַרריסענע קעפּ און געפּלאַנעוועט צו וועלכע זייט אין מאַגאַזין זיי זאָלן צוגיין. זיי האָבן שוין געהערט, אַז די ערשטע פון דער ריי האָבן נישט אַלע געהאַט דעם זעלבן מזל. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקריגן גוטע און שיינע אָנצוגן, כמעט נייע, און אַנדערע, ווען מ׳האָט געגעבן גענוצטע און מיאוסע מלבושים. די ערשטע האָבן זיך נאָך נישט געהאַט געכאַפּט דערויף, ווייל די וואַכלייט האָבן שטאַרק אונטערגעיאָגט. די שפּעטערדיקע האָבן אויסגעטייטשט, אַז די זעק מיט די בעסערע מלבושים געפינען זיך אויף דער רעכטער זייט, דאָרט ווו זבישעק און יאַנטשוק האָבן געטיילט, און די ערגערע — דאָרט ווו באָראָווסקי און דער סאַניטאַר האָבן געטיילט.

איינציקווייז האָבן די פון דער לינקער ריי גענומען איבערלויפן צו דער רעכטער. זיי האָבן דאָס געמאַכט מיט פאָרזיכטיקייט, ווען די וואַכלייט האָבן אַ ווײַלע אָוועקגעקוקט. ווען די רעכטע ריי איז אויסגעוואַקסן אין דער לענג, האָבן די וואַכלייט זיך געכאַפּט און אויפגעפּאָדערט די איבערגעלאָפענע, אַז זיי זאָלן זיך צוריקשטעלן אויף זייערע פריערדיקע ערטער. מיט די גומי־בייטשן האָבן די וואַכלייט צוריק אויסגעגלייכט ביידע רייען. צווישן די לאַגעריסטן איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי. זידל־ווערטער זענען געפלויגן פון איין ריי צו דער צווייטער, צוליב די כאַאָטיש פאַרטוישטע ערטער.

דער קליינער וואַכמאַן האַנס האָט זיך דערוווּסט די סיבה פון איבער־לויפן און מיט זיין צעבראָכענעם פּויליש האָט ער אונדז באַרויקט:

— אין מאַגאַזין איז דאָ גענוג קליידער. זאָל איך נאָר סטייען אָרט אין די שאַפּקעס...

אונדזער באַראַק איז געוואָרן ענלעך צו אַ מאַרק־פּלאַץ. שכנים פון די דערנעבנדיקע באַראַקן זענען אַרומגעגאַנגען מיט מלבושים איבער די אויסגעצויגענע הענט און פאַרגעליגט אַן אויסטויש. רעדלעך מענטשן האָבן זיך איינגעקוקט אין די קאָלירן, געטאַפּט און אויספּרובירט די קוואַליטעט, געמאָסטן די גרייס און געזאָגט מבינות.

צוויי שכנים, דער גרויסער זיגמונט און דער נידעריקער ווילק, האָבן זיך געביטן מיט די באַקומענע אָנצוגן. ביידע זענען געווען צופרידן: די מלבושים האָבן גוט געפּאַסט אויף זייערע פיגורן. זיגמונט דער פויערן־יונג האָט זיך געשווווירן, אַז אַזאַ שיינעם אָנצוג, מיט אַזעלכע זילבער־פאַרביקע פּאַסן, האָט ער נאָך קיין מאָל אין לעבן נישט געטראָגן. ווילק האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף זיינע פיס אין די ברוינע הויזן און געשמייכלט צו די אָרבל אויף זיינע הענט. די ביידע האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון זייער געלונגענער טראַנזאַקציע, זיך מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסן און געלאַכט פון יענע, וואָס טראָגן זיך נאָך אַרום מיט די מלבושים.

שכנים זענען צוגעקומען צו זיגמונטן און ווילקן, באַקוקט אויף זיי די מלבושים און געזאָגט אַ מיינונג ווער פון זיי ביידע ס'איז אַרויס מיט מער ריווח. די מערהייט האָט געהאַלטן, אַז הגם ווילקס אָנצוג איז וויניקער אָפּגענוצט און זעט אויס שענער, דאַרף דאָך זיגמונט זיין צופרידענער: פאַר זיין צעוואַקסענער פיגור איז אַ זעלטנקייט צו טרעפן מיט דער מאָס, ווייל די זשידעס זענען געווען קליינע באַשעפענישן.

פיליפּ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף אַלעמענס מבינות. ער האָט בעסער געוווּסט ווי אַזוי אויף דער גיך פעסטצושטעלן דעם ווערט פון יעדן מלבוש. אויפגעהויבן די קלאַפּע — האָט ער תיכף דער־קענט ווי לאַנג דאָס רעקל איז שוין געווען געטראָגן. צוגייענדיק צו זיגמונטן, האָט ער אַ קוק געטאָן אונטער דער קלאַפּע און אָנגעוויזן מיטן פינגער:

— זעט נאָר די וואַזשנע מציאה וואָס ער האָט זיך איינגעהאַנדלט...

יעדער איינער האָט גלייך דערזען די צוגענייטע נאָט. זיגמונט האָט בלויז אָנגענומען מיט זיין שווערער האַנט אויף דעם אָרט — און די קלאַפּע האָט זיך צעעפנט, געבליבן הענגען אויף אַראָפּ, ווי אין קריעה נאָך אַ טויטן. זיגמונט און ווילק האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ צעטומלטן בליק און אַלע אַרום זיי האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

זיגמונט האָט גיך אַראָפּגעשלעפּט פון זיך דאָס רעקל און עס אַ שמיץ געטאָן צו ווילקן:

— נעם דיין שמאַטע און גיב מיר אָפּ מיינע!

ווילק האָט צוריקגעוואָרפן דאָס רעקל:

— דאָס איז דיינס, און וואָס איך טראָג אויף זיך, געהער צו מיר!

זיגמונט האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך די הויזן און געשליידערט ווילקן אַן איינגעוויקלטן קנויל אין פּנים אַריין:

— קריך אַרויס פון אָנצוג, אין דיין מאַמען אַריין!

— איך וועל נישט אויסטאָן!

— דו וועסט יאָ אויסטאָן!

זיגמונטס אָנגעדראָלענע פיס האָבן געשטעלט אַ טראָט. אין אַן אויגנבליק איז ווילק געבליבן מיט איין קלאַפּע אויף זיין רעקל. ווילק האָט געטאָן אַ שפּרונג און איז גלייך צוריקגעפאַלן פון זיגמונטס האָריקן פוס.

דער צוזאַמענלויף איז געוואָרן גרעסער. זיגמונט, אַ האַלב נאַקעטער, מיט אויסגעשטרעקטע פויסטן, האָט אויסגעזען איבערן אויסגעצויגענעם ווילקן, ווי אַ זיגערישער באָקסער אין דער מיט פון אַ טומלדיקער מאַסע צוקוקער.

פיליפּ איז צוגעגאַנגען צו די צוויי צעקריגטע און געזאָגט מיט זיין הייזעריקער שטים:

— נאַרישע יונגען, צוליב אַ פאַרשמאָדערט יידיש רעקל האָט איר זיך צעשלאָגן? אין מאַגאַזין שטייען נאָך פולע זעק! גייט, טוישט עס אויס, פערדישע קעפּ!

אין באַראַק האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שוואַרצע געהאַקטע קאַפּאָ־

טעס. דאָס האָבן די לעצטע באַקומען אַ צוגאָב צו די מער אָפּגענוצטע מלבושים. פון אָנהייב האָבן די קאַפּאָטעס קיין שום פּרייז נישט געהאַט, אָבער ווען דער לאַגער־שניידער האָט געזאָגט, אַז פון אַזאַ קאַפּאָטע קען ער צוזאַמענשטעלן אַ פּאָר גוטע הויזן, איז גלייך געשטיגן דער נאָכפרעג אויף דעם סאָרט מלבוש. מ׳האָט אָנגעהויבן קויפן שוואַרצע קאַפּאָטעס פאַר ברויט, טאַבאַק־בלעטער און אויך פאַר געלט.

קאַזשימיעזש, וואָס איז געשלאָפן מיטן שניידער אויף איין פּריטשע־בעט, האָט געקויפט צוויי קאַפּאָטעס אויף צוויי פּאָר הויזן. קאַזשימיעזש וואָלט פאַר זיינע טאַבאַק־בלעטער געקענט איינהאַנדלען אַ גאַנצן זאַק מיט דער סחורה, אָבער מער ווי פאַר זיין אייגענעם געברויך האָט ער נישט געוואָלט האָבן די משונהדיקע רעקלעך, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון די פּויליש־יידישע שטעטלעך.

קרול, אויך אַ נאָענטער שכן פונעם שניידער, איז אַרומגעגאַנגען איבערן לאַגער זוכן די סחורה. ער האָט דערזען, ווי ביי אונדז אין באַראַק מאַכט מען זיך פריילעך מיט די קאַפּאָטעס. איינער צענעמט די פּאָלעס און פאָכעט מיט זיי אין דער לופט; אַ צווייטער הענגט זי אָן אויף זיך און מאַכט משוגענע העויות, וואָס רופן אַרויס אַ געלעכטער. קרול האָט פאַר אַ ביליקן פּרייז איינגעהאַנדלט פיר קאַפּאָטעס און זיי באַהאַלטן אין זיין שאַפקע.

אויף זיין איבערשטן בעט האָט קרול געטרענט די נעט פון די קאַפּאָטעס, געזוכט און געטאַפּט מיט די פינגערשפּיצן אין אַלע קאַנטן. קרול האָט דאָס געטאָן בסוד פאַר זיינע שכנים.

אין באַראַק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז קרול האָט אין די קאַפּאָטעס געפונען איינגענייטע גאָלדשטיקלעך. דעם געוועזענעם פאַראָ־בעק קרול איז שטאַרק געפעלן געוואָרן, וואָס מ׳האָט וועגן אים אָנגעהויבן רעדן, אַז ער האָט אַ פאַרמעגן. דאָס האָט ביי אים אַרויסגערופן שטאָלץ. ביז איצט האָט ער זיך געפילט ווי אַ פאַרשטויסענער אין באַראַק־ווינקל. קיין מאָל האָט ער נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצורעדן אַ וואָרט. זיין נאָמען פלעגט מען הערן אויסרופן בלויז דאַן, ווען ער האָט געדאַרפט

אויסקערן דעם באַראַק. און דאָ האָט מען וועגן אים אָנגעהויבן רעדן נישט בלויז אין זיין באַראַק, נאָר אין גאַנצן לאַגער.

קרול האָט נישט געלייקנט, אַז ער האָט געפונען גאָלדשטיקלעך אין די קאַפּאָטעס. פאַרקערט, ווען מ׳האָט מיט אים וועגן דעם גערעדט, האָט ער זיך באַרימט מיטן אוצר און אַזוי אַרום אַרויסגערופן אַ קנאה צו זיך. ער האָט געזאָגט, אַז נאָך דער מלחמה וועט ער חתונה האָבן מיט אַ שיין דאָרפיש מיידל און ער וועט שוין מער נישט דאַרפן אַרבעטן ביי יענעם.

קרול האָט אָנגעהויבן פאָדערן פאַר זיך רעספּעקט. אַ סך האָבן אים אָנגעהויבן רופן „פּאַן קרול" און ער האָט געענטפערט מיט ציען דאָס היטל פון קאָפּ.

איין מאָל, ווען קרול איז צוריקגעקומען פון קוילנגרובן, האָט ער אַלצדינג אין זיין שאַפּקע געפונען צעמישט און איבערגעוואָרפן. פון דער אומאָרדענונג האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז דאָס האָבן געניטע הענט גענישטערט ביי אים אין דער שאַפּקע. אַפילו זיין ברויט־פּאָרציע איז געווען צעקרישלט און צעריבן.

קרול איז אַוועק זיך פאַרקלאָגן. וואַכלייט זענען געקומען נאָכקוקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג.

די מעשה מיט די גאָלדשטיקלעך איז דערגאַנגען צו די וואַכלייט. ווען מ׳האָט אים געפרעגט פאַר וואָס די קאַפּאָטעס זענען אַזוי צעלעכערט און צעטרענט, האָט קרול געגעבן אַ נישט קלאָרן ענטפער. שכנים זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין חשד פון גנבענען די גאָלשטיקלעך.

אַנטאָני, קרולס נאָענטסטער שכן, האָט געזען, אַז דער ענין ווערט ערנסט און האָלט ביים איבערגיין צו דער זשאַנדאַרמעריע, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער איז דאָס געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערציילט די מעשה וועגן די גאָלדשטיקלעך. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז אַ ליגן, אָבער ער האָט עס געטאָן, ווייל אין באַראַק איז געוואָרן פריילעכער פון דעם.

קרול האָט זיך דערפילט אין אַ נישט באַקוועמער לאַגע. ער האָט ווייטער געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ באַלעבאָס איבער אַ פאַרמעגן, אָבער מען האָט דאָך אויפגעדעקט דעם שקר און געמאַכט צו נישט זיין אילוזיע.

קרולן איז אַ שאָד געווען צו שיידן זיך מיט דער איינרעדעניש, ווען ער האָט געמוזט מודה זיין, אַז אין די יידישע קאַפּאָטעס האָט ער געזוכט אַן איינגעניייטן אוצר. נאָר זיין פּרימיטיוויקייט און אַנאַלפאַבעטישקייט האָט קרולן גערעטעוועט פון די געסטאַפּאָ־הענט.

איצט, ווען קרול האָט זיך דערוווּסט, אַז אַנטאָני איז דאָס געווען דער ערשטער רכילות־טרייבער און אָפּלאַכער פון אים, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן מיט אַנטאָנין אַזאַ חשבון, ווי מיט זיינע ריוואַלן אין פּוילישן דאָרף.

ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון דער „וואַכשטובע”, האָט קרול פאַרגעוואָרפן זיין שכן, אַז ער האָט דאָס אַזוי גענישטערט אין זיין שאַפקע. ער האָט אַנטאָנין אָנגערופן „זלאָדזשעי” (גנב).

אַנטאָני האָט געמוזט פאַרטיידיקן זיין כבוד, און היות ער איז געווען פיזיש שוואַכער פון קרולן, האָט ער דאָס געטאָן מיט כיטרעקייט:

— פערדישער קאָפּ! פון וואַנען ביסטו דאָס אַזוי זיכער, אַז איך האָב דאָס געטאָן? דעמאָלט ביסטו דאָך געווען אין קוילנגרובן.

— דו, נאָר דו, הורן־זון! — האָט קרול מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן באַשולדיקט אַנטאָנין.

— האָסט געזען?

— יאָ?

— טאָ פאַר וואָס האָסטו מיך געלאָזט זוכן אין דיין שאַפקע?

— אין דיין מאַמען אַריין! — האָט קרול אַרויסגעברומט.

— פאַרשטייסט נישט צו ענטפערן, ווי אַ מענטש, וועל איך רעדן צו דיר ווי אַ בהמה: מה־ו! — און אַנטאָני האָט אַלעמען געמאַכט לאַכן.

קרולס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. זיין האַרטע פויסט האָט געטראָפן אַנטאָנין גלייך אין דער נאָז אַריין. פון אַן אייבערשטן בעט איז געפאַלן אַ הילצערן קעסטל אויף קרולס קאָפּ. מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז האָט אַנטאָני זיך אָפּגעריסן און ער איז אַריינגעפאַלן אין קרולס געזונטע הענט. עמעצער פון די צוגעפגעלאָפענע האָט מיטן רוקן אַ שטופּ געטאָן קרולן, וואָס האָט אַנטאָנין פאַרשלעפּט אין אַ ווינקל. פּלוצלינג האָט אַ שטראָם קאַווע פון אַ באַנקע זיך גענומען גיסן איבער קרולס צעהיצט פּנים.ביידע צעשלאָגענע האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אין אַ צענומענעם קאָץ, וואָס איז אויף זיי

געפּאַלן. דאָס געשלעג האָט זיך געענדיקט מיט אַ חוזק־געלעכטער איבער קרולן.

באַלעק, וואַצעק און איך האָבן באַקומען רעקלעך מיט הויזנס פון פאַרשידענעם קאָליר און קוואַליטעט. באַלעקן האָט פאַרדראָסן וואָס פון די זעקס שטיקלעך קען ער נישט צונויפפּאָרן קיין איין אָנצוג פון דעם זעלבן קאָליר. וואַצעקן איז נישט אַזוי אָנגעגאַנגען די פאַרב, ווי די מאָס. פון די אַלע דריי רעקלעך האָט ער קיין איינס נישט געקאָנט אַרויפ־ציען אויף זיינע ברייטע פּלייצעס; די קורצע פיס זיינע זענען געבליבן שטעקן אין די דריי פּאָר לאַנגע הויזנס.

באַלעק האָט פאַרגעלייגט אַן אויסטויש, אָבער אַלע האָבן אים אויס־געלאַכט מיט זיין סחורה. וואַצעק האָט, אַן אַנטוישטער, איינגעקנוילט דאָס פּעקל און אַריינגעשטופּט עס אין אַ ווינקל פון זיין שאַפּקע. אין פאַרגליידך צו זיינע מער מזלדיקע שכנים האָט ער זיך געפילט ווי אַן אָפּגענאַרטער מיט די מלבושים „פּאָ זשידאַך".

באַלעק האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר און גענומען מיר איינרעדן, אַז די צוויי שטיקלעך, וואָס איך האָב באַקומען, האָבן פאַר מיר אַ קליינעם ווערט. שפּאַצירן אין שטאָט גיי איך נישט, צו דער מאָדליטווע אין קאָש־טשאָל גיי איך אין די ריינע אַרבעטס־קליידער — איז נאָך וואָס האַלטן אין דער שאַפּקע די שמאַטעס, וואָס איך קען זיי נישט נוצן? ער האָט געטראַכט, אַז פאַר זיינע און מיינע מלבושים וועט ער קריגן אַ לייטישן אָנצוג פאַר זיך.

וואַצעק האָט זיך איינגעהערט אין באַלעקס רייד און ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז באַלעק וויל אויסנאַרן פון מיר דעם אָנצוג אָן שום באַלוינונג. „גלייב אים נישט", האָט ער מיך געוואָרנט, „אַז ער דאַרף די מלבושים פאַר זיך. ווו זענען זיינע מלבושים, וואָס ער האָט מיטגעברענגט פון פוילן? האָט ער זיי נישט פאַרשפּילט אין קאָרטן? אַ חוצפּה צו פאַר־לאַנגען דאָס פאַר אומזיסט. ווער ווייסט, צי די דייטשן וועלן נאָך אַ מאָל טיילן זאַכן „פּאָ זשידאַך"? און וואָס פאַרמאָגט באַלעק, אַחוץ זיינע אויס־געריבענע הויזן?" וואַצעק האָט דערמיט געגעבן אַ רמז, אַז אויב איך וויל שוין יאָ פאַרקויפן דעם אָנצוג, איז ער גרייט דערפאַר צו באַצאָלן.

— וואָס ווילסטו געבן? — האָב איך אים געפרעגט.

— דריי פּאַרציעס ברויט.

— ווייניק.

— איך וועל דיר עפּעס דערלייגן.

— פּאַר אַ העלפט פון דעם לאַבן ברויט, וואָס דו האָסט די וואָך באַקומען, גיב איך דיר אַוועק דעם אַנצוג.

וואַצעק האָט געדרייט מיטן קאָפּ, אַריינגעקלערט און לסוף אַקצעפּ־טירט.

אויסנוצנדיק אַ מאָמענט ווען באַלעק איז נישט געווען, האָט ער געעפנט זיין שאַפּקע און פון דאָרט אַרויסגעקאָלערט דעם רונדן לאַבן ברויט אויפן בעט, אים צעשניטן און געהייסן מיך נעמען פון וועלכער זייט איך וויל.

באַלעק איז אָנגעקומען גראָד ווען איך האָב וואַצעקן דערלאַנגט דעם אַנצוג. ער איז געבליבן שטיין מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק אויף וואַצעקן, וואָס האָט צענומען דאָס רעקל מיט די הויזן, פון אַלע זייטן באַקוקט ווי זיין אייגנס, צוזאַמענגעלייגט און אַריינגעשטופּט אין זיין שאַפּקע.

פון באַלעקס בליק האָט אַרויסגערעדט דער כּעס. איך האָב זיך גע־מאַכט נישט פאַרשטייענדיק. איך האָב געוווסט, אַז איין וואָרט, וואָס וועט באַלעקן אַ שטאָך טאָן, וועט אויפרייסן זיין אָנגעלאָדענע בייזקייט.

אין דעם טאָג איז באַלעקן בכלל נישט געגאַנגען. מיט אַ נאַכט פריער האָט ער געשפּילט אין קאָרטן, שוין געהאַט געווונען, און מיט איין מאָל — אַלץ פאַרשפּילט; אין קוילנגרובן איז ער געבליבן מיט אַ שעה לענגער; אין באָד האָט מען אים צוגענבעט דאָס שטיקל זייף; צו פרישטיק האָט ער נישט געהאַט קיין ביסן ברויט, און צו דעם אַלעם האָב איך וואַצעקן פאַרקויפט דאָס אַנצוג. איך האָב באַלעקן געוואָלט מיט עפּעס איינעמען.

— באַלעק — האָב איך זיך גוטמוטיק אָנגערופן — דו וועסט היינט עסן אַ זאַט מיטאָג.

— קוש מיר... — האָט באַלעק אויסגעשטרעקט צו מיר דעם הינטן.

— יאַק באָגאַ קאָכאַם, ווי איך לאָך נישט.

באַלעק האָט געוואָרפן אויף מיר אַ בליק און צוריק זיך אויסגעדרייט.

— באַלעק, האָסט אַ געלעגנהייט זיך אָנצופרעסן. זיי נישט קיין פרייער.

— וואָס איז? אין קיך האָט מען געקאָכט אַ באַזונדער מיטאָג פאַר מיר?

— די קיך קען דיר געבן אַ פול מויל מיט אַ ליידיקן מאָגן.

— ווער דען?

— איך.

— דו? ביסט דער זעלבער „דזשאַד" (בעטלער) וואָס איך...

— באַלעק, קוק אַריין אין דיין שאַפּקע אויף דער אייבערשטער פּאָליצקע...

— רעד מיר צום הינטן — באַלעק האָט געמאַכט די זעלבע באַוועגונג וואָס פריער.

— געדענק, באַלעק, קענסט אַ מאָל באַדויערן...

אָן חשק איז באַלעק צוגעגאַנגען צו דער שאַפּקע. זיין בליק איז געפאַלן אויפן שטיק שוואַרץ ברויט, וואָס איז געלעגן אויפן אייבערשטן ברעטל. באַלעק האָט עס גענומען אין האַנט אַריין און אַ שמעק געטאָן צו דעם. ער האָט זיך געכאַפּט פון וואַנען דאָס ברויט קומט צו אים אין שאַפּקע. ער האָט גוט געקענט דעם סאָרט ברויט, וואָס וואַצעק פלעגט באַקומען פון דער היים.

— וויפל האָט ער דיר געגעבן, דער חזיר?

— אַ האַלבן לאַבן.

— ביסט משוגע געוואָרן, סטאַניסלאַוו? פאַר אַזאַ אָנצוג?

— האָסט דאָך פריער אַליין געזאָגט, אַז דער אָנצוג איז גאָרנישט ווערט.

— פאַרקויפט איז פאַרקויפט — האָט באַלעק געזאָגט אונטער דער נאָז און איינגעביסן דעם שפּיץ פון דרייעקיקן שטיק ברויט.

— זאָל ער האַלטן די שמאַטעס, און מיר וועלן עסן זיין ברויט.

— סטאַניסלאַוו, וואַצעק איז קליגער פון דיר. ער וועט שוין וויסן וואָס מיט דעם צו טאָן.

וואַצעק האָט אָנגעהויבן זיך חברן מיט מיקאָלאַיען, דעם נייעם שכן, וואָס האָט זיך איבערגעצויגן צו אונדז אין באַראַק. אים האָט מען גוט

געקענט פון די אַפּטע סקאַנדאַלן און קריגערייען ביים שפּילן אין קאָרטן. ביי אונדז אין באַראַק איז מיקאָלאַי געוואָרן דער טאָנגעבער ביי די קאָרטנשפּילער. דאָס שפּילן אין קאָרטן איז פאַר אים נישט געווען קיין צייט־פאַרטרייב, נאָר ווי אַ המשך פון זיין אַרבעטס־טאָג. ער האָט געשפּילט מיט אינטערעס און ווי מיט פּסיכאָלאָגישע קענטענישן איבער זיינע מיט־שפּילער. אַ רויקער און גלייכגילטיקער, מיט אַ קאַלט שמייכעלע אין מוילווינקל, האָט ער מיטן חוזק־בליק צעטומלט זיין מיטשפּילער און ער איז כמעט שטענדיק אַרויס אַ געווינענער. פאַר די איינוווינער אין באַראַק איז דאָס געווען אַ רעטעניש. מ׳האָט אים חושד געווען, אַז ער שפּילט מיט געצייכנטע קאָרטן, אָדער מיט אָפּגערעדטע סימנים פון די אַריינקוקער. זיינע מיטשפּילער האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ בלבול, וואָס די פאַרשפּילטע האָבן אויסגעקלערט, אָבער קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער צעחושט זיי.

מיקאָלאַי האָט גוט געוווּסט, אַז די שכנים קוקן מיט קנאה אויף זיין שאַפּקע, וואָס איז פול געווען מיט טאַבאַק־בלעטער, ברויט און פּאַפּיראָסן. האָט ער אויפגעהאַנגען אויפן טירל צוויי גרויסע שלעסער, וואָס ער האָט זיך פאַרשאַפט ביי די דייטשן.

מיקאָלאַי האָט איינגעפירט אַ נייעס ביים שפּילן אין קאָרטן. אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן די „אוביאָרי פּאָ זשידאַך״. ער האָט די קליידער אָפּגעשאַצט מיט הויכע פּרייזן און דערמיט האָט ער געגעבן אַ שאַנס אָפּ־צוגעווינען ביי אים אַנדערע פאַרשפּילטע ווערטפולע זאַכן.

אַ פרייער זונטיק. די טישן זענען געווען באַזעצט מיט גרופּקעס צע־היצטע קאָרטן־שפּילער. בערגלעך טאַבאַק־בלעטער, אויסגעציילטע פּאַ־פּיראָסן און שטיקער ברויט זענען איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. ביי אַ באַזונדערן טיש זענען געזעסן מיקאָלאַי מיט זיינע שפּילערס, אַרומ־גערינגלטע מיט נייגעריקע צוקוקערס. מיקאָלאַיס אַרט שפּילן האָט צוגעצויגן אַ סך שכנים, וואָס האָבן געוואָלט עפּעס לערנען פון זיינע גרימאַסן און פון זיין אויסערלעכער גלייכגילטיקייט ביים געווינען אָדער פאַרשפּילן.

די שפּיל איבער די מלבושים איז געווען די צום מיינסטנס רוישיקע.

איבערן טיש האָבן זיך געשאַרט פון איין עק צום צווייטן הויזנס און רעקלעך פון פאַרשידענע גרייסן און קאָלירן. עס האָט אויסגעזען, ווי די מלבושים וואָלטן זיך געריסן פון די שפּילערס הענט.

דאָס שפּילן האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט. דעם לעצטן „סטוק" האָט געמאַכט וואַצעק. לעבן אים איז געלעגן אַ הויך בערגל מיט מלבושים, וואָס האָט געוואַרט, אַז אַ דרייסטע האַנט זאָל אַ קלאַפּ טאָן אין טיש — אַ צייכן, אַז ער שפּילט אויפן גאַנצן.

וואַצעק איז געוואָרן צעטראָגן. גראָד אים איז אויסגעקומען זיך צו פאַרמעסטן מיט מיקאָלאַיען. דאָס מאָל האָט וואַצעק בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלירן די מזלדיקע קאָרט. ווען עס לאָזט זיך מיט כוח איינ־האַלטן דעם לעצטן שאַנס, וואָלט ער מיקאָלאַיען אָנגענומען פאַרן גאָרגל און אַוועקגעשליידערט אים פון טיש.

זיי זענען געזעסן פון ביידע זייטן טיש, איינער אַנטקעגן צווייטן און צווישן זיי — דאָס בערגל מלבושים. ביידע האָבן זיי געהאַלטן די קאָרטן אין די הענט, און ביידע האָבן זיי געוואָלט געווונען. דורך די שמאָלע שפּאַלטן פון זיינע פאַרמרוזשעטע אויגן האָט מיקאָלאַי געקוקט אויף וואַ־צעקס ציטערנדיקע הענט און געשפּילט זיך מיט יעדער געצויגענער קאָרט. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, געציילט די פינגער, געוואָרפן גורל מיט דער פויסט איבער דער ברייט פון טיש: יאָ־ניין, יאָ! — האָט ער אויסגעשריגן און געהייסן וואַצעקן ציען פאַר זיך קאָרטן.

מיט די 16 אָנגעצויגענע „אויגן" אין זיינע דריי קאָרטן האָט וואַצעק געזוכט איבער די פּנימער אַ רמז, וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן אין דעם שווערן מאָמענט, אָבער יעדער האָט אים געענטפערט מיט אַ שטומען חוזק־בליק און אים איבערגעלאָזן אַליין מיט זיין אומבאַהאָלפנקייט אַנטקעגן מיקאָלאַיען, וואָס האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון בערגל מלבושים. וואַצעק האָט געפיבערט פון כעס. דערווייל האָבן נאָך די קליידער געהערט צו אים, טאָ פאַר וואָס קוקט אויף זיי מיקאָלאַי, ווי זיי וואָלטן שוין געווען זיינע? ער מוז ציען נאָך אַ קאָרט און אַרויסרייסן די קליידער פון מיקאָ־לאַיס לאַפּעס.

די פערטע קאָרט האָט זיך אויפגעדעקט: אַ 10טל! וואַצעק האָט

אַ שמיץ געטאָן די קאָרטן אויפֿן טיש. די צוקוקער זענען זיך פֿונאַנדערגע־גאַנגען און די פֿאַרשפּילטע האָבן מיט קנאה נאָכגעקוקט מיקאָלאַיען, וואָס האָט אָוועקגעטראָגן דאָס פּעקל מלבושים צו זיין בעט.

פּלוצלינג האָבן אָנגעהויבן וואָיען די אַליאַרם־סירענעס. אין באַראַק איז געוואָרן פֿינצטער. די פֿון שלאָף אויפֿגעוועקטע האָבן אָנגעהויבן שפּרינ־גען פֿון די בעטן, כאַפּן אין די הענט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, און לויפֿן צו די לופֿטשוץ־קעלערן.

ווי נאָר מיקאָלאַי האָט געשטעלט די ערשטע טריט צום אַרויסגאַנג, האָבן פֿאַרבאָרגענע געשטאַלטן אָנגעהויבן אים שלעפּן און שטויסן. מיקאָלאַי האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט, געקאָפּעט מיט די פֿיס און פֿעסט געהאַלטן פֿאַרקלאַמערט די מלבושים אין די הענט. ער האָט געזוכט דעם וועג צום אַרויסגאַנג, אָבער די שוואַרצע שאָטנס האָבן אים נישט אָפּגע־לאָזן, געריסן פֿון אים שטיקער, ביז ער איז געבליבן מיט ליידיקע הענט.

אין דרויסן האָבן פֿייערדיקע בליצן אָנגעהויבן זיך רייסן צו די הימלען. נאָך יעדן ערד־ציטער האָט דער באַראַק זיך געטרייסלט. טישן, בענק, שאַפֿקעס און בעטן האָבן זיך איבערגעקערט. אַן איינגעקאָרטשע־טער איז מיקאָלאַי געלעגן אין אַ ווינקל, מיטן צלמל אויפֿן בינטל קרעלן אין זיינע הענט.

אין דרויסן איז שטיל געוואָרן. אַרום דעם לאַגער האָבן פֿייערזיילן באַלויכטן דעם הימל. פֿון די אָנגעצונדענע ליכט אין באַראַק האָט מען דערקענט, אַז דער שטורעם איז פֿאַרביי.

ווי נאָר מיקאָלאַי האָט זיך געשטעלט אויף די פֿיס, האָט ער זיך דערמאָנט אין די צוגערויבטע קליידער און ער האָט זיי גענומען זוכן ביי די צוריקגעקומענע פֿון בונקער. צו וועמען ער איז צוגעגאַנגען, האָט אים יענער געשיקט צום טייוול. בלויז וואַצעק האָט אים געפֿרעגט מיט אַ געצוימטער בייזקייט:

— מיינסט טאַקע, אַז נאָר דיר קומט דעם גרעסטן חלק פֿון די „אוביאַרי פּאַ זשידאַך?״

## קאַפּיטל זיבעצן

אָנהייב 1944. אין לאַגער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי דערנענטערט זיך צו דער אַמאָליקער פּויליש־סאָוויעטישער גרענעץ, אַז די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער שלאָגן די דייטשן אויף דער איטאַליענישער טעריטאָריע, אַז הונדערטער שווערע באָמבאַרדירער צע־שטערן דייטשישע שטעט.

אין קוילנגרובן האָבן די דייטשן פאַרגרעסערט זייערע פיזישע אָנ־שטרענגונגען כדי צו העלפן מיט דער אַרבעט דערווערמאַכט. די דייטשן האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אַמעריקאַנער אינוואַזיע. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער צווייטער פראָנט וועט זיין דעצידירנדיק פאַר זייער מפּלה.

אויף די ווענט פון די הייזער אַרום דעם קוילנגרובן האָבן פּלאַקאַטן גערופן אָפּצוהיטן די אַרבעטס־דיסציפּלין און די מאַקסימאַלסטע פּראָדוק־טיוויקייט. דער דייטשישער קריגס־פראָנט נייטיקט זיך אין וואָס מער קוילן.

דער רו־טאָג איז איבערגערוקט געוואָרן אויף יעדן דריטן זונטיק. פאַר די אויסלענדער האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאָך שווערער לעבן. „קאָלע! קאָלע!‟, אויף דער אויבערפלאַך און אין קוילנגרובן — אומעטום האָט מען געהערט דעם רוף. אין אַלע קוילנשאַכטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַר־מעסט אויסצוגראָבן וואָס מער קוילן. פאַר די דייטשן זענען די דאָזיקע אָנשטרענגונגען געווען אַ פּאַטריאָטישע פליכט, פאַר די אויסלענדישע קוילנגרעבער — אַ געפאַר פון פיזישן אונטערגאַנג.

ביי אונדז אין דער שטרייב האָט דער שטייגער ברייטענשטיין אויסגע־פרווּוט אַ נייע אַרבעטס־פאַרטיילונג: ער האָט צוזאַמענגעפּאָרט דייטשישע מיט אויסלענדישע קוילנגרעבער. אונטער די אויגן פון זיין דייטשישן מיטאַרבעטער האָט דער אויסלענדער געמוזט במשך פון דער גאַנצער שיכט אַרבעטן אינטענסיוו און אָנגעשטרענגט.

אַדאָלף דער מייסטער האָט מיך צוזאַמענגעפּאָרט מיט קורטן. מיט קורטן האָב איך זיך געקענט פונעם שטיין אין דער ריי ביים אַראָפּפּאָרן אין קוילנגרובן און פון קוקן איינער אויפן צווייטן צוליב אונדזערע געדרייטע וואָנסעס, וואָס זענען צו זיך געווען אַזוי ענלעך. נישט איין מאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער קוקט אויף מיר בייז, פאַר וואָס איך האָב אים נאָכקאָפּירט זיינע וואָנסעס.

און אָט דער חשד מיינער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק. ווי נאָר אַדאָלף האָט אונדזביידע צוזאַמענגעשטעלט ביים אָנשרייבן דעם נומער פון אונדזער אַרבעטספּונקט, האָט ער צושמייכלענדיק געזאָגט: „די צוויי שנאַוצן". קורטס ערשטע ווערטער צו מיר זענען געווען אַ פּאָרוואורף איבער דעם בערגל האָר אונטער מיין נאָז, וואָס נעמט זיך אָן מיט שטויב אין קוילנגרובן. קורטן איז אויך נישט געפעלן פאַר וואָס די סיבה פון מיין טראָגן די וואָנסעס איז זייער ענלעך צו זיינע.. איך האָב אים דער־ציילט, אַז נאָך אַ געשלעג איז מיר געבליבן אַ סימן אויף דער אויבערשטער ליפּ; קורטן איז מיט יאָרן צוריק אָפּגעשפּרונגען אַ שטיק קויל אויפן פּנים און די וואָנסעס האָבן צוגעדעקט זיין צעשפּאָלטענע ליפּ.

מיט די לאָמפּן אויף די העלדזער זענען מיר געקראָכן צום שפּיץ באַרג פון דער שטרייב. קורט האָט שווער געאָטעמט. איך בין אים נאָכ־געקראָכן און אָפּגעשאָקלט פון פּנים די טראָפּנס שווייס, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין די וואָנסעס אַרום מויל.

דערגרייכט דאָס אָרט פון אונדזער אַרבעטספּונקט, האָבן מיר אויס־געטאָן די פאַרשווייסטע העמדער. קורט האָט גענומען אַ פּאָר שלוק קאַווע און אַוועקגעזעצט זיך אַרומווישן די נאַסע אַקסלען. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און גענומען באַטראַכטן די לענג פון די אויסגעמאָסטענע מעטערס. איך האָב אים נאָכגעקוקט, ביז ער איז געבליבן שטיין לעבן די אָנגעוואָרפענע אַרבעטס־מכשירים, זיי אַ שאַר געטאָן מיטן שוך און געפרעגט:

— נו, סטאַניס, ווער הייבט אָן מיט דער מאַשין?

— דו ביסט אַ בערגמאַן, און איך נאָר אַ „שלעפּער" (געהילף).

— מאַך פאַרטיק די מאַשין!

— איך בערגמאַן און דו „שלעפּער״?

— האַלט דיין שנאַוצע, סטאַניס, איך בין קיין „שלעפּער״. פאַנג מאָל אָן! — האָט קורט שוין מיט כעס אויסגערופן.

איך האָב פאַרזעצט דעם שאַרפן שפּיז אינעם לופט־האַמער. צוגע־שרויפט דעם עק פון דער גומי־קישקע צו דער פּרעסלופט־רער און גע־לאָזט אין גאַנג די מאַשין איבער דער קוילנוואַנט.

קורט האָט גענומען שעפּן און שליידערן אין דער רוטשע די אַראָפּ־געפאַלענע קוילנשטיקער מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אים איז אויסגעקומען כסדר צו וואַרטן. אַן אָנגעשפּאַרטער מיטן בויך אויפן הענטל פון דער לאָפּאַטע האָט ער גערופן: „סטאַניס, גיב קאָלע! קאָלע!״ מיר האָט אויס־געפעלט אָטעם אינעם שטויבוואָלקן, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער צע־פּלאַצטער קוילנוואַנט.

פאַר קורטס פלינקע און געזונטע הענט זענען צו לאַנגזאַם געפאַלן די שטיקער קוילן פון מיין לופט־האַמער, און דאָס האָט אים צערודערט. אין איילעניש איז ער אַרויפגעקראָכן, אָפּגעשטופּט מיך פון דער קוילנ־וואַנט און גענומען אין זיינע הענט די מאַשין. ער האָט געשריגן מיט סאַטיס־פאַקציע:

— דו פאָלע, איך דויטשע! דו „שלעפּער״, איך בערגמאַן! קוק ווי מאַן קאָלע מאַכט!

קורט האָט געאַרבעט מיט זיין גאַנצער ענערגיע. זיינע וואָנסעס האָבן זיך אויסגעבויגן איבערן פאַרקרימטן מויל, דער לופט־האַמער האָט געצי־טערט אין די אויפגעפּלאַצטע שפּאַלטן פון דער קוילנוואַנט, שווערע שטיקער האָבן זיך אָנגעהויבן קאָלערן באַרג־אַראָפּ צו מיינע פיס.

הינטער אונדז האָבן געאַרבעט קאַרל און סטעפאַניאַק. אויך פון דאָרט האָט מען געהערט קאַרלס בייזע שטים: „שעפּ! שעפּ!״ קורטן האָט פאַרדראָסן פאַר וואָס קאַרל פאַרלויפט אים אין דער צייט מיטן אונטער־בויען, האָט ער געאיילט זיך אויסצוגלייכן מיט אים אין די אויסגעגראָ־בענע מעטערס קוילן.

איבער אונדז האָבן געאַרבעט די צוויי קרעפטיקע יונגען פריץ און באָגדאַן. קורט האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַרויף. געמיינט האָט ער מיט

דעם, אַז איך זאָל שעפּן די קוילן מיט אַזאַ שנעלקייט ווי דער פּאָליאַק באָגדאַן.

איך האָב קורטן געזאָגט, אַז באָגדאַן קען אַזוי שנעל אַרבעטן, ווייל ער עסט צו דער זעט ברויט, וואָס ער באַקומט פון דער היים. קורט האָט זיך געבייזערט אויף מיינע „דומע" רייד. אין גרובן, האָט ער געשריגן צו מיר, שעפּט מען קוילן און מען טראַכט נישט וועגן ברויט.

נאָך דער האַלבער שיכט האָט זיך קורט אַוועקגעזעצט עסן זיין „בוטאָן־ברויט". איך בין גרייט געווען אים מוחל זיין אַלע זיינע געשרייען און זידלווערטער פאַר איין פּענעצל ברויט, וואָס ער וואָלט מיר געשענקט, אָבער קורטן איז נישט אָנגעגאַנגען דאָס בילד פון די צוויי פּאָר וואָנסעס, וואָס איינע פון זיי האָט זיך געהויבן פון הנאהביים קייען און שלינגען, און די אַנדערע פּאָר אַנטקעגן אים איז געווען האַרט פון שטויב און הונגער.

קורט האָט זיך צוגעאיילט מיטן עסן, כדי ער זאָל האָבן צייט מיר אויפצוקלערן דאָס, וואָס איך אַליין בין נישט געווען גענוג קלוג צו פאַר־שטיין. דאָס ערשטע האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, פאַר וואָס איך ווייס נאָך נישט, ווי אַזוי איינצוטיילן מיין פּאָרציע ברויט, אַז אויך מיר זאָל בלייבן אַ טייל אויף מיטצונעמען אין קוילנגרובן. קורט האָט אין דעם געזען נישט בלויז מיין אייגענע אָפּגעלאָזנקייט און קנאַפּע זאָרג אויף שפּעטער, נאָר אַן אייגנשאַפט אַזאַ פון גאַנצן פּוילישן פאָלק. צוליב אָט דעם לעבנס־שטייגער, אָן אַ חשבון און אָן זאָרג פאַר דער צוקונפט, איז די פּוילישע מדינה זיך צעפאַלן, ווי אַ קאָרטן־הייזל אין משך פון אַ פּאָר טעג. דאָס איז אַ שטראָף פאַר וועלן לעבן אונטערן איינפלוס פון ווייטע פרעמדע לענדער, און דייטשלאַנד, דאָס נאָענטסטע שכנותדיקע לאַנד, באַטראַכטן פאַר אַ שונא. איצט איז געקומען די ריכטיקע צייט אויף איבערדערציען אונדז. די אַרבעט אין קוילנגרובן האָט קורט גענומען פאַר אַ מוסטער, ווי פּאָליאַקן קענען ווערן פלייסיק און פּראָדוקטיוו.

איך האָב אים געפרעגט, צי ער האָט שוין אַ מאָל אין זיין לעבן געהונגערט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער אַליין פילט אויך דעם טעם פון נישט דערעסן; די מלחמה דערלויבט נישט בעסער. קורט האָט מיך

געטרייסט, אַז נאָכן זיג פון דייטשלאַנד וואַרט אויף אַלעמען אַ פריי און זאַט לעבן. אויך איך וועל פון דעם גוטן לעבן קענען געניסן, ווי די אַלע פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק אויסגעוואַנדערט פון פּויזנער געגנט קיין וועסטפאַליע און מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן גוטע דייטשן. קורט האָט מיר פאַרזיכערט אַ שנעלן זיג פון דייטשלאַנד טראָץ די אַלע שוועריקייטן, וואָס זי האָט אויסצושטיין קעגן אַזוי פיל שונאים. דייטשלאַנד מוז זיגן, האָט ער געזאָגט, ווייל אַזוי וויל דאָס גאַנצע פאָלק, און די וואָס טראַכטן אַנדערש, „זינט דום". קורט האָט די ווערטער געזאָגט מיט אַזאַ ערנסטקייט, אַז איך האָב אין דעם מאָמענט מורא געהאַט, ער זאָל אויף מיין שוואַרץ פּנים נישט דערקענען דאָס, וואָס איך טראַכט אין זיך וועגן אים און זיין פאָלק.

די צווייטע העלפט שיכט האָט זיך אָנגעהויבן. די קייט מיט די אָנגעוואָרפענע בערגלעך קוילן האָט זיך גענומען שאַרן אין דער רוטשע. קורט האָט זיך אויפגעהויבן מיט פוילע באַוועגונגען. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אַ שוואַכערן טעמפּאָ. פאַר מיר זענען דאָס געווען מינוטן פון קענען אָפּעטעמען און אויסגלייכן דעם רוקן.

פּלוצלינג האָב איך דערפילט אַ קלאַפּ אין העלם. איך בין שנעל אָפּגעשפּרונגען פון דעם אָרט, מיינענדיק, אַז אַ שטיין האָט זיך אָפּגעריסן פון סופיט. איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען דעם אויסגעשטרעקטן שטעקן פונעם שטייגער. ער איז אָנגעקומען מיט אַ פאַרלאָשענער לאָמפּ הינטער מיין רוקן און מיך געטראָפן אַן אָנגעשפּאַרטן אויפן הענטל פון דער לאָפּעטע. דאָס רויע הייזעריקע קול זיינס האָט געשריגן פון דער טונקל:

— דו קערל, וואָס טרוימסטו אין מיטע דער אַרבייט ?

איך האָב ווידער גענומען שעפּן און מיר איז פאַרגעקומען, ווי יעדער ראַק מיט דער לאָפּעטע אין די קוילן איז דאָס גרילצעדיקע קול פון שטייגער הינטער מיין איינגעבויגענעם רוקן.

קורטן האָט אויסגעפּעלט האַלץ צו פאַרענדיקן דאָס אונטערבויען. ער האָט מיך געשיקט אויף גיך ברענגען אַ פּאָר קלעצער. איך האָב זיך אַראָפּגעשאַרט נידעריקער צו די פינצטערע לעכער און פון דאָרט געשלעפּט

דאָס האָלץ באַרג־אַרויף צו קורטן. אין מיטן וועג האָב איך דערפילט אַ רויך פון טליענדיקע קוילן. איך האָב אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן און זוכן דאָס אָרט פון וואַנען דער ריח טראָגט זיך. איך האָב דערזען, אַז אַ וואַלץ פון אונטער דער לויפנדיקער רוטשע איז מיט איין עק אַרויסגעשפּרונגען פון נאָרמאַלן לויף און מיט אַ גרויסער שנעלקייט זיך געדרייט אין אַ בערגל קוילנשטויב פון אונטער דער רוטשע. איך האָב געטאָן אַ שאַר דאָס בערגל און אָפּגעבריט זיך די פינגער־שפּיצן. איך האָב דערפילט די געפאַר פון אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע פאַר אַלע אין דער שטרייב.

איך האָב סיגנאַליזירט מיט שטאַרקע קלעפּ אין דער רער: 1×2. די מאָטאָרן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. קורט האָט אַראָפּגעשריגן צו מיר פאַר וואָס איך בין נאָך נישט צוריקגעקומען מיטן האָלץ. דער שטייגער מיט אַדאָלפן זענען אָנגעלאָפן מיט געוואַלדן: „וואָס איזט היר לאָס?" איך האָב זיי אָנגעוויזן אויפן בערגל צעגליטן קוילנשטויב. אַדאָלף האָט שנעל פאַרריכט די רוטשע און סיגנאַליזירט צו לאָזן אין גאַנג די מאָטאָרן. דער שטייגער האָט פאַרשריבן מיין אַרבעטס־נומער. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דעם שטייגער ברייטענשטיין געהערט רעדן עטלעכע מילדע ווער־טער צו מיר און דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אַ שמייכל אויף זיין קנאָכיק פּנים.

# קאַפּיטל אַכצן

אין פעברואַר 1944 זענען אין לאַגער אָנגעקומען בריוו מיט מאַס־קירטע אָנצוהערענישן וועגן דער נאָענטער באַפרייונג. אין אַ בריוו צו איינעם אַ שכן איז געווען געשריבן, אַז דער „וויעק" (פעטער) דאַרף שוין דאָס יאָר באַפרייט ווערן פון „תפיסה". דער שכן האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דעם בריוו און נישט געקענט דערמאָנען זיך אין אַ „וויעק", וואָס זאָל זיצן אין טורמע. ערשט ווען אַ מער פאַרשטענדיקער פון אים האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט מען זיך געכאַפּט ווער דאָס איז דער „וויעק".

אַזעלכע מינים בריוו זענען שוין לייכט געווען צו דעשיפרירן, ווען די סאָוויעטישע אַרמיי איז אַריבער די פאַרמלחמהדיקע פּוילישע גרענעץ.

אין אונדזער באַראַק זענען איך און באַלעק געווען די איינציקע צוויי מענטשן, וואָס האָבן פון פּוילן נישט באַקומען קיין בריוו. באַלעק האָט דערפון נישט געמאַכט קיין וועזן, אָבער ווען וואַצעק פלעגט דערהאַלטן אַ בריוו און מיר האָבן ביי אים זיך געוואָלט דערוויסן וואָס מ'שרייבט פון פּוילן, האָט ער באַלעקן געענטפערט: „די זעלבע נייעס וואָס אין דיינע בריוו". דאָס האָט באַלעקן פאַרדראָסן.

איך האָב נישט געטאָרט דעוו־לאָזן, אַז מיין איינזאַמקייט זאָל שלעכט אויסגעטייטשט ווערן דורך מיינע שכנים. די בריוו פון דייטשלאַנד, וואָס איך האָב געשריבן צו זיך אַליין, האָבן געהאַט אַ קנאַפּע חשיבות אין פאַרגלייך צו אַ בריוו פון פּוילן.

אין אַ שכנותדיקן באַראַק האָט געוווינט אַ דאָרפישער שגץ מיטן נאָמען סטאַניסלאַוו ווורובעל און איך האָב זיך מיט אים באַפריינדט. ביי איינעם פון מיינע באַזוכן צו אים, איז מיר געלונגען אַוועקצונעמען פון צווישן זיינע דערהאַלטענע בריוו אַ קאָנווערט. זיין נאָמען איז מיר לייכט

אָנגעקומען צו ענדערן אויף פּריבעל און דאָס האָט מיר געשאַפן אַ מעג־לעכקייט צו געבן מיינע שכנים לייענען אַ בריוו פון פּוילן, ווו עס איז צווישן אַנדערן געווען געשריבן: „איך בעט דיך, סטאַניסלאַוו, מיר אַנט־שולדיקן פאַר מיין ווייניק שרייבן צו דיר. דו ווייסט דאָך ווי אַזוי עס לעבט אַ פּאַריאָגטער פון זיין היים אין דער פרעמד, איז וואָס איז דאָ צו שרייבן? איצט גייט צום בעסערן. דער פויזנער שכן וועט אין גיכן אַרויס פון דער דירה און ס׳וועלן אויפהערן די קריגערייען און אַרומרייסעניש, אין שטוב וועלן זיך איינשטילן די אַוואַנטורעס״...

די עטלעכע שורות פונעם בריוו, וואָס איך האָב צו זיך אַליין געשריבן, זענען פון מיינע שכנים געלייענט געוואָרן אַ סך מאָל און מען האָט זיי ערנסט קאָמענטירט. באַלעקן, ווען עס זענען שוין פון לאַנג באַקאַנט געווען די נעמען פון „מיין משפּחה״, האָט אינטערעסירט צו וויסן ווער ס׳איז דער מחבר פון בריוו און וואָס ער געהער מיר אָן.

אין לאַגער איז דאָס לעבן ווייטער געגאַנגען אַזוי ווי דער מצב אויף די פראָנטן וואָלט זיך לחלוטין נישט געענדערט. ביי דער לאַגער־אָנפי־רערשאַפט האָט מען נישט דערקענט קיין סימנים פון נערוועזיטעט: די זעלבע זעלבסטזיכערקייט, די זעלבע שטרענגע דיסציפּלין האָט ווייטער אָנגעהאַלטן און איז טיילווייז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַן אויסערלעכער איינדרוק. ווער עס האָט אָבסערווירט די טעטיקייט פון דער לאַגער־לייטונג, האָט לייכט געקענט פאַרשטיין, אַז פאַרן פערזענלעכן לעבן פונעם לאַגער־מענטש ווערט איצט געשענקט אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט ווי פריער.

חוץ דעם לעגאַליזירטן און אָפענעם קאָרטן־שפּילן, וואָס איז פריער געווען פאַרבאָטן, איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע פאַרוויילונג. די וואַכלייט זענען געווען די ערשטע בשורה־אָנזאָגער, אַז נישט ווייט פון לאַגער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שאַנדהויז. די ערשטע לאַגעריסטן, וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם, האָבן באַלד געקענט באַקומען פון די וואַכלייט דעם אַדרעס פון „פוף־האַוז״.

אַ באַראַק, פריש אָפּגעמאַליעוועט אויף גרין, איז געשטאַנען אין אַ

זייט פונעם וועג, וואָס האָט געפירט פון געלזענקירכען קיין קאַטענבערג. אַרום דעם באַרג, הינטער אַ צוים מיט גרינע שטאַכעטן, האָבן פילפאַר־ביקע בלומען אין רונדע קרייזן באַדעקט שוואַרצע שטיקער צעגראָבענע ערד.

פון דער ווייטנס האָט דער באַראַק אויסגעזען, ווי אַ טייל פון דער גרינער לאַנדשאַפט, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט גראָז און מיט ווילדע פעלדבלומען.

דער גרינער באַראַק איז גיך באַקאַנט געוואָרן ביי אַלע לאַגער־איינוווינער. דער באַראַק איז געוואָרן פּאָפּולער אויך ווי אַ פריילעכע טעמע. פאַר די דערציילונגען פון שאַנדהויז זענען שטענדיק געווען נייגע־ריקע צוהערערס.

באָלעק איז געווען פון די ערשטע גייערס אַהין. וואַצעקן און מיך האָט ער געהאַלטן פאַר נישט קיין פּאַסיקע קאָלעגן צו אַזאַ שפּאַציר. וועגן מיר האָט ער געזאָגט, אַז איך בין צו פרום, אויף וואַצעקן — אַז ער האָט צו ווייניק לעבנסלוסט. ער האָט זיך צוגעפּאַסט קאָלעגן פון זיין עלטער און מיט זיי איז ער געגאַנגען יעדן פרייען זונטיק אַן אויסגעפּוצטער און שיין פאַרקעמטער.

און אַז באָלעק איז צוריקגעקומען פון אַזאַ שפּאַציר, האָבן די שכנים שוין געוווּסט, וואָס ער האָט געזען אַרום דעם שאַנדהויז און וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין דעם פאַרמאַכטן צימער. באָלעק האָט ליב געהאַט זיך צו טיילן מיט זיינע איינדרוקן דווקא אין די אָוונט־שעהען, ווען אַלע זענען שוין געלעגן אין די בעטן. ער איז דעמאָלט געווען דער לעבעדיקער נומער אין דעם באַראַק־ווינקל מיט זיין שילדערן די ווייבער פונעם גרינעם באַראַק. לאַנג צעצויגענע געלעכטערס פלעגן אָפּהילכן טיף אין באַראַק.

אין משך פון געציילטע וואָכן האָט באָלעק באַוויזן צו באַקענען זיך מיט אַלע אַכט פרויען פון שאַנדהויז. יעדע פון זיי האָט ער געדענקט מיט איר אויסזען און מיט איר באַזונדערער אויפפירונג. באָלעק האָט גענוי געשילדערט די צימערן. אַלע האָבן זיי געהאַט די זעלבע איינריכטונג, די זעלבע געמאָלענע ווענט. אַ טיר לעבן אַ טיר האָבן זיי זיך געצויגן, לענג־

אויס דעם שמאָלן קאָרידאָר, ווו מ׳האָט קוים געהערט די טריט איבערן רויטפּאַרביקן לייוונטענעם דיוואַן.

באָלעק האָט שוין אויך גוט געקענט די צוויי וואַכלייט פון דעם גרי־נעם באַראַק: איינער האָט געהיטן די אָרדענונג אין דער ריי צום אַריינ־גאַנג און דער צווייטער האָט איינקאַסירט די 5־מאַרק־באַנקנאָטן פאַרן אויפשליסן און פאַרמאַכן די צימערן אין קאָרידאָר.

פון באָלעקס דערציילן האָט מען פאַרשטאַנען, אַז אַלע פרויען זענען געווען פון פרעמדע נאַציאָנאַליטעטן. מיט קיין איינער פון זיי האָט ער זיך נישט געקענט צונויפרעדן אין זיין שפּראַך. אַ פּאָר האָבן גערעדט רוסיש, אַנדערע — עפּעס אַ ציגיינער־שפּראַך, און די איבעריקע, לויט באָלעקס מבינות, האָבן גערעדט פראַנצויזיש, שפּאַניש אָדער גאָר ענגליש...

צו דער טיר מיטן נומער 8 האָט עס באָלעקן שטאַרק געצויגן. אין אָט דעם צימער איז ער שוין עטלעכע מאָל געווען אַ גאַסט, און נאָך יעדעס מאָל פאַרווילן זיך מיט דער פרוי, איז ער געוואָרן נאָך מער פאַראינטריגירט און נייגעריק צו דערגיין, צי איז אמת, אַז אין צימער מיטן נומער 8 געפינט זיך אַ יידישקע. הגם די דייטשישע וואַכלייט האָבן זיך אויסגעלאַכט דערפון, זענען אָבער אַ סך „געסט" גרייט געווען צו שווערן, אַז זי איז זיכער אַ „זשידוווקע".

דער חשד, אַז די פרוי פון צימער נומער 8 איז אַ יידישקע, האָט זיך נישט גענומען פון איר אויסזען. גראָד איז זי געווען אַ בלאָנדע מיט אַ פּאָר בלאָע אויגן און מיט אַ קורץ שפּיציק נעזל. פאַרדעכטיקט איז זי געווען צוליב איר אַנדערשדיקייט אין מאָמענט פון פאַרוויילן זיך מיט די „געסט". די אַנדערע, האָבן אויפגענומען די „געסט" מיט אַ שמייכל, מיט אַ רייצנ־דיקן זשעסט, אָדער מיט אַ דין געלעכטערל, און איר, דאָס מיידל פון נומער 8, פלעגט מען תמיד טרעפן זיצן אויפן ראַנד פון בעט, די פּיס אַראָפּגע־לאָזט, מיט אַן אומעטיק גלייכגילטיק פּנים, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי איז און ווו זי געפינט זיך. נישט איינער אַזאַ גאַסט האָט, נאָכן ערשטן מאָל אָנקוקן זי, געוואָלט אַרויסגיין פון צימער און צוריק אָפּמאָנען ביים וואַכמאַן אין קאָרידאָר די 5 מאַרק, אָדער ער זאָל אים אַריינלאָזן אין אַן אַנדער צימער. אָבער די בלאָנדע צוואָרפענע האָר, דאָס קורצינקע

רויטע קליידעלע אַרום איר שויס ווי אַ דורכזיכטיק פאַרהענגל און די אַנט־בלויזטע קניען פון אירע שלאַנקע פיס האָבן געצויגן צו איר. אַ סך פון די „געסט" האָבן איר געפּרוווט אויפצווינגען אַ שמייכל, געוואָלט, אַז זי זאָל קוקן גלייך אין די אויגן, אָבער זי האָט אַוועקגעדרייט דעם בלאָנדן קאָפּ פון מגושמדיקן פּנים איבער זיך. מער ווי איר קערפּער האָט זי גאָר־נישט פאַרמאָגט פאַר די אַלע, וואָס זענען אַריינגעקומען צו איר אין צימער.

איין מאָל האָט זיך באַלעק געפילט אַזוי באַליידיקט פון דער פרוי, אַז ער איז גרייט געווען זי צו שלאָגן. אַ שטיק לעבעדיקע מומיע — און נישט מער! צוליב דעם איז ער נאָך אַ טאָג אַרבעט געגאַנגען קילאָמעטערס, געשטאַנען אין דער ריי און באַצאָלט 5 מאַרק? איז ער אַרויס אַ באַליי־דיקטער און מיט כעס אויסגעשפּיגן הינטער דער טיר. די וואַרטנדיקע אין דער ריי האָבן אים אויסגעלאַכט: „זאָט געוואָרן ביזן ברעכן"... באַלעק האָט זיי געראָטן נישט אַריינצוגיין צו דער „זשידוווקע". זאָל מען זי באָיקאָטירן, וועלן די דייטשן מיט איר מאַכן דאָס וואָס מיט אַלע יידן.

— מיט וואָס ביסטו דאָס אַזוי זיכער, אַז אָט די בלאָנדינקע איז אַ יידישקע? — האָט דער עלטערער פּיאָטר געפרעגט אויסהערנדיק באַלעקס מעשיות פון שאַנדהויז.

— ווייל זי איז אַנדערש ווי אַלע איבעריקע „קורוועס". זי ליגט ווי אַ צוגעבונדענע צום בעט און ווייזט אַרויס עקל צו יעדן גאַסט.

— דו יונגער צוציק, אפשר צום ערשטן מאָל האָסטו פאַרזוכט דעם טעם פון די פאַר פרויען און דו רעדסט זיך איין, אַז דו קענסט זיי שוין אַלע. פון וואַנען ווייסטו ווער די בלאָנדינקע איז?

— קוקט אים אָן דעם אַלטן — האָט באַלעק אָנגעשטעלט אַ פאַרדראָסיק פּנים צו פּיאָטרן — ער ווייסט שוין, אַז כ׳בין דאָס ערשטע מאָל ביי אַ פרוי... נאָר ער איז אַ „מבין" אויף אַ „קורווע". איר, פּיאָטר, האָט דאָך שוין לאַנג פאַרגעסן ווי אַזוי מ׳פאַרברענגט מיט אַ פרוי...

— באַלעק, באַלעק — האָט אים פּיאָטר באַדויערט — גייסט אָנגעטאָן אין מענטשלעכע קליידער, און דו ביסט קיין מענטש נישט, לעבסט, און דו פאַרשטייסט נישט דיין לעבן, לויפסט אין באָרדעל, און דו קענסט נישט

באַגרייפן וועלכע פרוי עס איז אַ „קורווע” און וועלכע „קורווע” עס קען זיין אַן אָרנטלעכע פרוי... איך בין אַ סך עלטער פון דיר, און ווער עס האָט מער געלעבט, פאַרשטייט מער פון אַ סמאַרקאַטש.

— וואָס איז דען דאָ צו פאַרשטיין ביי אַ קורווע ?

— הער מיך אויס, יינגל. אויב ווילסט נעמען פאַר ערנסט מיינע רייד, קען איך דיר פאַרזיכערן, אַז די מיידלעך, וואָס געפינען זיך אין גרינעם באַראַק מוזן נישט זיין קיין „קורוועס”. קען זיין, אַז אין זייערע היימען זענען זיי געווען אָרנטלעכע מיידלעך, נאָר די דייטשן האָבן זיי געצווונגען צו אַזאַ לעבן פונקט ווי זיי האָבן דיך געצוווּנגען צו אַ שקלאַפיש לעבן. דו ביסט אַ נאַר אויב דו מיינסט, אַז צוליב דעם, וואָס די בלאָנדינקע האָט פיינט אירע געסט, איז זי אַ זשידוווקע. פאַרקערט, אַ יידישע וואָלט געדאַנקט גאָט ווען מ׳לאָזט איר לעבן כאָטש אַזאַ לעבן. זי וואָלט צו דיר געשמייכלט און דיר געשענקט אַ פאַלשע ליבע. אָבער די פון דעם גרינעם באַראַק מוז נישט שמייכלען צו דיר און זי קען קיינעם נישט שענקען קיין ליבע. ווייסט פאַר וואָס ? ווייל הינטער דער טיר פון איר צימער שטייט אַ דייטשישער וואַכמאַן. האָסט פאַרשטאַנען ?

באָלעקן איז שווער געווען מסכים צו זיין מיט פיאָטרס רייד. ער האָט אָבער נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי אָפּצולייקענען, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו פיאָטרן און ער איז איינגעשלאָפן.

# קאַפּיטל נײַנצן

שוין וואָכן לאַנג ווי די אַרבעט אין שאַכט איז געגאַנגען מיט אַ טעמפּאָ, וואָס האָט ערנסט אָנגעהויבן באַדראָען מײַן געזונט. איך האָב געקעמפט מיט אַלע מעגלעכקייטן אויף צו מילדערן מײַן הונגער. יעדן טאָג האָב איך פּלאַנירט עפּעס אַנדערש, כּדי צו שאַפן זיך נאָך אַ ביסן ברויט, נאָך אַ ביסעלע זופּ, אָבער אַלע באַמיונגען זענען געגאַנגען פאַרלוירן ביי דער אַרבעט אין קוילנגרובן. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן: וואָס וועט פריער זיך ענדיקן: מײַן לעבן אָדער די מלחמה?

דער דייטשישער אינוואַליד, וואָס האָט געטיילט די אַרבעטס־נומערן, האָט פון מײַן בלעכעלע אַראָפּגענומען אַ קליין ווייס צעטעלע. דאָס האָט אים דערמאָנט, אַז ער דאַרף מיך שיקן זיך מעלדן צום שטייגער ברייטענשטיין.

פון פּירקאַנטיקן פענצטערל האָט אויף מיר דער שטייגער אַ קוק געטאָן מיט זײַן קאַלטן בליק און אים באַלד אַראָפּגעלאָזט צום שופלאַד. פון דאָרט האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל און דאָס אונטערגעטראָגן נענטער צו די אויגן.

וואָס וויל דער שטייגער פון מיר איצט, אין די פאַרטאָגיקע, קאַלטע שעהען? פאַר וואָס עפּעס דאַרף איך זיך פּלוצלינג צו אים מעלדן?

דער שטייגער האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל און געהייסן מיך גיין מיט דעם צום רוטשע־מייסטער. איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שוין געוואָלט אַוועקגיין, האָט מיך פאַרהאַלטן דאָס הייזעריקע קול פונעם שטייגער:

— בלייב מאָל שטיין, דו קערל!

איך בין געבליבן שטיין אַ שטייפער אַנטקעגן זײַנע שאַרפע אויגן אין פענצטערל.

— וויסטו נישט, קערל, דאָס דו איינע מעלדונג פֿאַן מיר באַקומסט?
— יאַוואָל, הער שטייגער.
— פֿאַן הויטע ווירסטו אַדאָלפֿס געהילפֿע, פֿאַרשטאַנדען?
— יאַוואָל, הער שטייגער!
— דו מוזט דיזע אַרבייט שנעל לערנען!
— יאַוואָל!
— האָו־אַפּ — האָט דער שטייגער געזאָגט און צוריקגעצויגן זיין קאָפּ.

מיטן פּאַפּירל אין האַנט בין איך אַוועק צו אַדאָלפֿן. ער האָט שוין געוווּסט וועגן שטייגערס באַשלוס נאָך איידער איך האָב אים וועגן דעם געמאָלדן. ער האָט מיך תּיכּף מיטגענומען אין מאַגאַזין, מיך פֿאָרגע־שטעלט פֿאַרן מאַגאַזינער און צוזאַמען האָבן מיר גענומען אַ ביסל קלע־נערע טיילן צו די אַרבעטס־מכשירים, אין פֿאַל ווען עמעצן פֿון די קוילנ־גרעבער וועט עפּעס אויספֿעלן אין דער שאַכט.

פֿון אַדאָלפֿן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער שטייגער האָט מיך אויסגעוויילט פֿאַר זיין געהילף צוליב מיין אויפֿמערקזאַמקייט ביי דער אַרבעט: איך האָב אויסגעפֿונען דעם אָנגעצונדענעם קוילנשטויב, וואָס האָט געקענט גורם זיין צו אַ שׂרפֿה. דערפֿאַר האָב איך אויך באַקומען אַ פּרעמיע פֿון צען מאַרק.

אַדאָלף האָט מיך צוגעפֿירט צו די מאָטאָרן און געוויזן אויף וועלכע ערטער זיי צו שמירן, רייניקן, און ווי אַזוי צו לאָזן זיי אין גאַנג. בעת דער אַר־בעט האָט ער מיך אָנגעהויבן צו באַקענען מיט מיינע אויפֿגאַבעס אַלס זיין געהילף.

אַדאָלף האָט נישט פֿאַרטראָגן, אַז מ׳האָט אים איבערגעפּרעגט דאָס, וואָס ער האָט שוין איין מאָל געוויזן אָדער אויפֿגעקלערט. זיין מיינונג איז געווען: ווער עס לערנט אין קוילנגרובן שנעל — אַרבעט לייכטער, און ווער עס לערנט שווער — גייט שנעל קאַפּוט. פֿאַרשטענדלעך, אַז כ׳האָב עס גענומען זייער ערנסט...

שוין ביי דער ערשטער שיכט האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו וויזן אַדאָלפֿן מיינע פֿעיקייטן. אָבסערווירנדיק די לויפֿנדיקע קייט, האָב איך דערזען, אַז זי איז אויף איין אָרט געריסן. איך האָב אָפּגעשטעלט די

מאָטאָרן. ביז אַדאָלף איז געקומען דערוויסן זיך די סיבה פון דער אי־בערגעריסענער אַרבעט, זענען שוין ביידע געפּלאַצטע עקן פון דער קייט ווידער געווען צונאָמענגעשלאָסן. דערפאַר האָט מיר אַדאָלף געשענקט אַ שמעק־טאַבאַק און אויך זיין רעזערוו־לעדערל אַרום האַלדז, כדי איך זאָל קענען אָנהענגען דערויף מיין לאָמפּ, ווי ער, דער מייסטער.

צווישן די אונטערגעבויטע קלעצער לענג־אויס דער שטרייב האָט אַדאָלף זיך געדראַפּעט באַרג־אַרויף, ווי אַ פלינקע קאַץ. הינטער אים האָב איך געמוזט אָניאָגן דעם שווונג פון זיינע שנעל־באַוועגלעכע הענט און פיס. ביי יעדן אַרבעטס־פונקט האָט אַדאָלף אין איילעניש זיך פאַרהאַלטן און ווייטער געקראָכן באַרג־אַרויף. אויב ער האָט געטראָפן, אַז ביי עמעצן איז די אַרבעט נישט צוגעפּאַסט צו דער צייט, האָט ער אַרויסגעצויגן דעם זייגער פון טאָרבעלע, אָנגעשטעלט דעם שפּיץ־פינגער אויפן ציפערבלעטל און סאַרקאַסטיש צוגעשמייכלט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען צום אַרבעטס־פּונקט, ווו איך האָב נעכטן געאַרבעט, האָט קורט אויסגערופן צו אַדאָלפן:

— דער סטאַניס — דיין געהילפע ?!

פון אָנהייב האָט אַדאָלף געמיינט, אַז דאָס איז קורטס אַ געוויינלעכער שפּאַס, האָט ער זיך צעשמייכלט און זיך פאַרמאָסטן צו קריכן ווייטער פאָרויס. אָבער קורט האָט אים פאַרהאַלטן און פאַרלאַנגט, אַז אַדאָלף זאָל אים ענטפערן פאַר וואָס ער האָט דווקא מיך אויסגעוויילט אַוועקצונעמען פון דער קוילנוואַנט, און נישט קיין צווייטן. אַדאָלף האָט אים געענט־פערט, אַז נישט ער איז געווען דער אויסוויילער, נאָר דער שטייגער האָט אַזוי פאַראָרדנט.

קורט האָט אַרויסגעוויזן גרויס פאַרדרוס און דערמיט האָט ער אַדאָלפן געמאַכט נייגעריק צו פרעגן די סיבה דערפון. ער האָט אויסגעהערט קורטס דראַמאַטישע שילדערונגען: ווען ער האָט נעכטן אַרויסגעצויגן זיין פּעקל עסן און דערזען ווי דאָס פּאַפּיר איז אויסגעצופּט און געלעכערט ביז אין ברויט אַריין, האָט ער פאַרשטאַנען אַז אַ מויז איז געווען אין זיין טאַש. ער האָט דאָס פּעקל אַוועקגעוואָרפן אין פינצטערן לאָך און דעמאָלט האָט ער דערזען, ווי איך קריך צו יענעם אָרט, נעם פון דאָרט אַרויס דאָס

ברויט מיטן שמאַלץ און פּרעס עס אויף. צום סוף האָט קורט געפרעגט:
ווי קען אַזאַ פאַרפלוכטער פאַלע זיין אַ געהילפס־מייסטער?

די מעשה האָט אויף אַדאָלפן נישט געמאַכט דעם איינדרוק וואָס קורט האָט געוואָלט אַרויסרופן. אַדאָלף האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן און גע־זאָגט בעתן ווענדן זיך צום ווייטערדיקן גאַנג:

— יאָ, הונגער טוט ווײ...

איך האָב זיך אָנגערופן, אַז די מויז האָט מער מיטגעפילט מיין הונגער איידער קורט, וואָס איך האָב מיט אים צוזאַמען געאַרבעט. אַדאָלף האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און קורט הונטער אונדז איז געבליבן אָן אַנטוישטער.

מיר זענען ווייטער געקראָכן לענג־אויס דער רוטשע. ביים באַגעגענען וואַצעקן און באַלעקן, האָבן זיי מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט נאָכצוקומען זייער נייגעריקייט און בלויז מיט די שטומע בליקן האָבן זיי נאָכגעפאָלגט מיין פאַרשווינדן הינטער אַדאָלפן צווישן די געדיכטע רייען אונטערגעבויטע קלעצער.

אַדאָלפס זייגער האָט געוויזן האַלבע שיכט. ער האָט גערופן אָפּשטעלן די מאָטאָרן. איך בין געבליבן זיצן, אויסגעלאָשן די לאָמפּ, און אַדאָלף האָט זיך פון מיר דערווייטערט. ער איז צוגעקראָכן צו קאַרלען, און צו זיי ביידע איז פון אויבן אַראָפּגעקומען פּאַול. אַלע דריי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען עסן זייער „בוטאָן־בראָט" און שמועסן צווישן זיך. איך האָב זיך צוגעשאַרט נענטער צו זיי, כדי לייכטער צו קענען אויפכאַפּן דאָס געשפּרעך וועגן די לופט־אָנגריפן, וואָס האָבן געדויערט, מיט קליינע איבעררייסן, צוויי מעת־לעת.

פּאַול האָט מיט פאַרביטערונג דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין באָכום בעת זיין ווייב און קינדער זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין שוץ־קעלער און ער האָט זיי געמוזט באַזאָרגן מיט שפּייז. רוען האָט ער נישט געקענט, און אין שאַכט האָט ער געמוזט קומען צו דער צייט.

קאַרל דאַקעגן האָט אַרויסגעוויזן מער גערולד צו די געשעענישן. ער האָט געהאַט נענטער צו דער אַרבעט און אויך צום לופטשוץ־קעלער. דאָך איז דאָס בילד פון זיין שילדערן די אַלגעמיינע בהלה־שטימונג געווען

זייער אומעטיק און פול מיט זאָרג פאַר די אָנקומענדיקע געשעענישן.

אַדאָלף, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט זיך אויסגעהיטן פון קאָ־מענטאַרן און ער האָט זיך באַמיט אַריינצופירן זיינע צוויי חברים אין אַ לייכטערער שטימונג. ער האָט אָפּגעלאַכט פון די שכנים, וואָס זענען אין משך פון די לעצטע טעג און נעכט געווען אַזוי צערודערט. בעת ער האָט געשילדערט די סצענעס פון פּאַנישער שרעק, האָט בלויז אַדאָלף פון מאָל צו מאָל זיך צעלאַכט, דאַקעגן קאַרל און פּאַול זענען, ווי פריער, געבליבן ערנסט און פאַרזאָרגט.

די אַלע דריי האָבן פאַרענדיקט דאָס עסן. ביים שמעקן טאַבאַק האָט זיך דער שמועס געפירט וועגן די געשעענישן אויף די פראָנטן. די דריי קוילנגרעבער האָבן זיך איבערגעגעבן די צייטונגס־באַריכטן פונעם מזרח־פראָנט, ווו די סאָוויעטישע אַרמיי איז אין יענע טעג פון אַפּריל אַריבער דעם דניעסטער, און אויך וועגן דער אָפּענסיווע אויף קרים און די צוואַנציק טויזנט דייטשן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין רוסישע הענט. אין דעם טייל שמועס האָט שוין אַדאָלף אָנטיילגענומען מיט אַ מער ערנס־טער שטימונג און צוגעגעבן: „יאָ, דאָס איזט פּלאַנמעסיגער ריקצוג“. קאַרל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן זיין שוואַרץ פּנים און פּאַול האָט אומע־טיק געשוויגן.

ביים סוף פון זייער שמועס האָב איך זיך דערוווּסט, אַז גראָד איצט פאַלט אויס היטלערס געבוירן־טאָג. די דריי קוילנגרעבער האָבן עס דערמאָנט אָן ענטוזיאַזם. בלויז אַדאָלף האָט צווײדייטיק אַ זאָג געטאָן: „איין, גאָט, איין פירער, איין פאָלק“. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און אָנגעקלאַפּט אין דער לופט־רער. די קייט האָט זיך גענומען שאַרן אין דער רוטשע, די לופט־האַמערס — קלאַפּן צו דער צווייטער העלפט שיכט.

## קאַפּיטל צוואַנציק

אָנהייב יוני 1944. אין לאַגער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז רוים איז געפאַלן. דאָס איינגעמען רוים דורך די אַליאירטע אַרמייען האָבן די לאַגעריסטן געהאַלטן פאַר אַ גרויס געשעעניש. דער „שוויענטי אויטשעץ" (הייליקער פאָטער, פּויפּסט) אַליין האָט דערפּירט דערצו, אַז רוים זאָל צוריק באַהערשט ווערן דורך פרייע קאַטאָליקן. אין דעם אָוונט איז דער לאַגער־קלויסטער מער ווי תמיד פול געווען ביים אָפּריכטן די „מאָדליטוועס". דאָס כאָראַלע געזאַנג פון די מתפּלים האָט אַנדערש אָפּגעהילכט און זייערע פּנימער אין האַלב טונקל האָבן אַנדערש אויסגעזען.

דער טאָג פון באַפרייונג האָט אָנגעהויבן זיך באַווייזן, ווי אַ ווייטער אָפּשיין אין דער פינצטערניש. די לאַגער־איינוווינער האָבן אַלץ מער גענומען קוקן אין יענער ריכטונג.

וואַצעק האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער טאָג פון באַפרייונג איז שוין גאָר נאָענט. ער האָט געפּלאַנט איינצוקויפן, פאַר וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן, אַ ביסל מלבושים. ער האָט געוואָלט אַהיימקומען אין דאָרף מיט אַ שטיקל פאַרמעגן.

באָלעק דאַקעגן, וואָס האָט יעדן הונגעריקן טאָג איבערגעלעבט מיט וויטיק, האָט ווייניקער זיך געפרייט מיט דער נייער סיטואַציע. אים האָט דער מאָרגן גאָרנישט נישט צוגעזאָגט. געלעבט האָט ער מיט די מינוטן און שעהען, וואָס האָבן זיך געצויגן, ווי זיין נאָגנדיקער הונגער, טאָג־איין, טאָג־אויס. ער האָט פאַר זיך נישט געזען קיין מאָרגן און ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן ווען עמעצער פון די שכנים האָט גענומען זיך פאָרשטעלן דאָס לעבן פון נאָך דער מלחמה. אַן אויפגעבראַכטער, פלעגט ער דאַן אויפשטיין און זאָגן צו זיך אַליין:

— ער איז זאַט, קען ער אַזוי רעדן...

אויך מיינע טרייסט־ווערטער האָט באַלעק נישט געקענט פאַרטראָגן. זינט מ׳האָט מיך אַוועקגענומען פון דער קוילנוואַנט, האָט ער געזאָגט, בין איך שוין מער נישט אַזוי מיד און הונגעריק ווי ער, דערפאַר האָב איך באַקומען חשק צו פּלוידערן וועגן לעבן פון נאָך דער מלחמה. דאָס איינציקע וואָס באַלעק האָט געוואָלט פון מיר, איז געווען, אַז איך זאָל אים מיט עפּעס העלפן שטילן דעם הונגער. און כאָטש באַלעק האָט געוווּסט, אַז איך געפין זיך אין זעלבן מצב וואָס ער, האָט ער דאָך געהאַלטן, אַז איך גיב זיך בעסער אַן עצה מיט אַלע שווערקייטן. דעריבער האָב איך אים גע־דאַרפט העלפן.

דער קליינער וואַכמאַן האַנס, מיט די קרומע פיס, האָט זיך צו מיר באַצויגן מילד און אַפילו אַרויסגעוויזן היימישקייט און סימפּאַטיע. אפשר איז דאָס געשען דערפאַר, וואָס באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין לאַגער און געוואָרן דער אויפזעער איבער אונדזער באַראַק, האָב איך געהאַט אַ סך געדולד צו זיין שטאַמלדיק לשון און זיך אויסגעהיטן צו קוקן מיט זלזול אויף זיין קורץ־געוויקסיקן, אַ ביסל פאַרקריפּלטן אויסזען. איך האָב אויך אָפּגעהיטן זיין פאַרלאַנג, אַז דאָס בעט זאָל זיין זויבער און די דעק — אָן קנייטשן, גלייך פאַרשפּרייט.

ווען האַנס האָט איין מאָל זיך געניייטיקט אין עמעצן, וואָס זאָל אין קיך צוזאַמענשטעלן די קעסלען, האָט ער גענומען מיך און דערפאַר האָט ער מיר געגעבן אַ געדיכטע שיסל זופּ.

פון דעמאָלט אָן בין איך יעדן זונטיק געגאַנגען פרעגן אויף דער אַרבעט און געוואָרן אַן אָפּטער אַריינקומער אין קיך. פון דאָרט בין איך שוין אַרויס אַ זאַטער. צו אָט דער אַרבעט האָב איך אָנגעהויבן מיטנעמען באַלעקן. אין אַזאַ טאָג האָט ער אויסגעזען רויקער. אָבער צו מאָרגנס האָט באַלעק אָנגעהויבן רעדן וועגן דער נעכטיקער שיסל זופּ, און וואָס מער ער האָט געטראַכט און גערעדט וועגן דעם, אַלץ מער האָט אים דער הונ־גער געפּייניקט, ביז ער האָט זיך ווידער דערוואַרט אויפן זונטיקדיקן טאָג.

איין מאָל נאָך אַזאַ אַרבעט, ווען אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, זענען מיר ביידע אַרויס פון קיך. אומגעריכט פאַר מיר האָט באַלעק אַ כאַפּ

געטאָן פון צווישן די ליידיקע קעסלען פאַר דער טיר אַ קליינעם קעסל און אַוועקגעלאָפן מיט אים ביז הינטער אַ וואַנט פון אַ באַראַק. ער האָט מיך גערופן צו זיך און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער מיר דערציילט, אַז צוזאַמען מיט די ליידיקע קעסלען האָט ער אַרויסגעטראָגן אַ פולן קעסל מיט עסן. באַלעק איז געשפרונגען פון פרייד: אַ גאַנצע וואָך וועלן מיר ביידע קענען אָנלייגן זיך אַ פולן בויך.

אַ פּחד איז מיך באַפאַלן פאַר דער געפאַר, וואָס דראָט אונדז. איך האָב אים געוואָרנט, אַז דער דייטשישער קוכער וועט זיכער באַמערקן, אַז עס פעלט אים אַ קעסל זופּ, איז ווי וועט ער, באַלעק, איצט אַהינטאָן זיך מיט די צוואַנציק ליטער זופּ? אויף דעם האָט באַלעק שוין פון פריער געהאַט אַ צוגעגרייטן פּלאַן.

— ווו גייסטו דערמיט? — האָב איך אים צוריקגעהאַלטן ביים אויפ־הייבן דעם קעסל.

— אין „סכראָן" (לופטשוץ־קעלער) — האָט מיך באַלעק געענטפערט.

— ביסט אַראָפּ פון זינען?

— דו ביסט משוגע. שטער מיר נישט — האָט זיך באַלעק ווידער אַראָפּגעבויגן צום קעסל.

— באַלעק, וואַרט אַ מינוט. אפשר איז גלייכער דעם קעסל אַריינצו־טראָגן אין באַראַק, דאָס עסן צעטיילן, און אַ ליידיקן צוריקטראָגן דעם קעסל אין קיך?

— פאַר די „סקורוויסינעס", וואָס האָבן פולע שאַפקעס מיט ברויט, וועל איך זיך איינשטעלן? — באַלעק האָט מיט אימפּעט אַ כאַפּ געטאָן דעם קעסל.

— באַלעק, איך וואָרן דיך, דו טוסט אָפּ אַ נאַרישקייט.

— סטאַשעק, זיי נישט קיין שרעקעוודיקער און לאָז מיך גיין.

— גיי צום טייוול מיטן קעסל צוזאַמען! — האָב איך איבערגעריסן דאָס געשפרעך און אַוועק פון אים אַן אויפגערעגטער.

אַ ביסל שפּעטער איז באַלעק געקומען אין באַראַק מיט אַ צופרידן פּנים. ער האָט פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס און צוגעזעצט זיך צום טיש, ווו

שכנים זענען געזעסן און געמיטלעך געשמועסט צווישן זיך. ער האָט זיך אויסגעהיטן צו באַגעגענען מיין בליק.

פלוצלינג האָט זיך האַסטיק געעפנט די טיר און אין באַראַק זענען איינער נאָכן צווייטן אַריין פיר וואַכלייט. הינטער זיי איז דער לעצטער נאָכגעגאַנגען דער קוכער. האַנס האָט אויסגערופן מיין נאָמען, איך האָב זיך אויפגעשטעלט.

— קאָם היר!

איך בין צוגעגאַנגען צו די וואַכלייט.

— ווו איז דער צווייטער?

איך האָב פאַרשטאַנען וועמען האַנס מיינט און אָנגעוויזן אויף באַלעקן. ער איז געוואָרן בלאַס.

— קאָם היר!

באַלעק איז צוגעקומען און געבליבן שטיין לעבן מיר. איך האָב געפילט זיין ציטערנדיק לייב.

— מאַרש! — האָט איינער פון די וואַכלייט אונדז געוויזן דעם וועג מיט זיין אויסגעשטרעקטער גומי־בייטש.

שווערע טריט זענען אונדז נאָכגעגאַנגען ביז צום באַראַק, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס ביוראָ־צימער פון לאַגערפירער.

דער וואַכמאַן, וואָס איז געגאַנגען פאַר אונדז, האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. צו ערשט איז ער אַליין אַהין אַריין, נאָך אַ פּאָר מינוט איז ער צוריקגעקומען און אונדז אַלע אַריינגערופן.

דער נייער קאָמענדאַנט צימערמאַן, אַן עלטערער דייטש, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטילן און רויקן מענטש, האָט אַראָפּגענו־מען די ברילן פון די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט באַלעקן אין מיטן פון לאַנגן צימער, ווו מיר זענען געבליבן שטיין איינער לעבן צווייטן. מיטן פינגער האָט ער אונדז צוגערופן נענטער צו זיך, געוויזן דאָס אָרט אַנטקעגן זיין שרייבטיש, ווו מיר דאַרפן בלייבן שטיין, און וויטער געקוקט אויף אונדז מיט אַ פאַרשנדיקן בליק. זיין מילד אויפנעמען אונדז האָט מיך אָנגעהויבן באַרויקן.

— וואָס ווילסטו פון דיזע פּאָלען האַבען? — האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט דעם קוכער.

דער קוכער האָט זיך שטראַם אויסגעצויגן און געענטפערט:

— דיזע צוויי פּאָלען האַבען געשטאָלען איינעם קעסל מיט זופּע פאָן דער קיכע.

— ווי זאָ? — האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט מיט אַ נייגעריקן טאָן.

דער קאָמענדאַנט האָט אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל אויף זיין שרייבטיש און אריינגערעדט דעריך אַ פּאָר ווערטער. זבישעק איז תיכף אָנגעקומען מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט צום היטלער־גרוס און גע־בליבן שטיין אַ שטייפער אַנטקעגן קאָמענדאַנט, וואָס האָט אים דערציילט צוליב וואָס מען האָט אונדז דאָ אַהער געבראַכט.

— דו אויך? — האָט זבישעק מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ פיינטלעכן בליק.

איך האָב נישט באַוויזן אים צו ענטפערן, און זיינע אויגן זענען שוין געווען אָנגעשטעלט אויף באָלעקן.

— און דו „פּטאַשעק" (פויגל), מען האָט דיך שוין ווידער געפאַנגען? וויפל מאָל האָב איך דיך געוואָרנט, אַז דו זאָלסט אויפהערן מיט דיינע שטיק?

— פּאַניע זבישקו — האָט באָלעק אויסגעשטאַמלט מיט אַ געבראָכע־נער שטים.

— מילטש (שווייג)! ווו איז דער קעסל? — האָט זבישעק געפרעגט.

איך האָב געשוויגן און באָלעק האָט אָנגעהויבן עפּעס מורמלען.

— ווו געפינט זיך דער קעסל מיט דער זופּ?! — האָט זבישעק אַ טופּע געטאָן מיטן פוס.

— אין „סכראָן" — האָט באָלעק אַרויסגעשטאַמלט.

— ווער האָט אַהינגעטראָגן דעם קעסל?

באָלעק האָט נערוועז געדרייט מיט די אַקסלען און זבישעקס אַרויס־געזעצטע אויגן זענען געשפּרונגען איבער אונדז ביידן. ער האָט ווידער אויסגעשריגן:

— פאַר וואָס האָט איר, קורווישע זין, געגנבעט דעם קעסל עסן?

— איך נישט — האָב איך געזאָגט.

— טאָ פאַר וואָס האָבן דיך די וואַכליים אַהערגעבראַכט? — האָט זבישעק מיר אַריינגעשריגן אין פּנים.

— איך האָב אַוועקגענומען דעם קעסל עסן — האָט באָלעק באַשלאָסן זיך מודה צו זיין.

— און ער — האָט זבישעק אָנגעוויזן אויף מיר — האָט דיר צוגע־האָלפן, אַ?

— איך... אַליין...

— אָבער סטאַניסלאַוו איז דאָך צוזאַמען מיט דיר אַרויס פון קיך?

— ער האָט אַפילו נישט געוווסט, אַז איך האָב זיך געגרייט אַוועקצו־נעמען דעם קעסל.

— אין אייער מאַמען אַריין! — האָט זבישעק זיך אַ טרייסל געטאָן און אויסגעדרייט זיך צו מיר — איך פאַרשטיי נישט וואָס ער רעדט, דער־צייל דו!

— דער קוכער קען מיך פון אַ סך מאָל אַרבעטן אין קיך — האָב איך זיך באַמיט צו באַהערשן זיך — דערפאַר האָב איך באַקומען אַ שיסל זופּ, מער האָב איך נישט פאַרלאַנגט. באָלעקן האָב איך מיטגענומען צו דער אַרבעט, כדי ער זאָל אויך קענען אָפּעסן. היינט האָט ער אָן מיין וויסן אָפּגעטאָן די נאַרישקייט. איך האָב געפאָדערט פון אים, אַז ער זאָל דעם קעסל צוריקטראָגן, אָבער ער האָט מיך נישט געפאָלגט.

זבישעק האָט פאַרן קאָמענדאַנט איבערגעזעצט אויף דייטש מיינע רייד.

— איז דאָס אמת, וואָס סטאַניסלאַוו האָט געזאָגט? — האָט זבישעק געפרעגט און אַלע האָבן געקוקט אויף באָלעקן.

— יאָ — האָט באָלעק באַשטעטיקט.

— פאַר וואָס האָסטו דאָס געטאָן? — זבישעק האָט אַרויפגעריסן פאַר דער גאָמבע באָלעקס אַראָפּגעלאָזט פּנים.

— איך האָב געוואָלט זאַט זיך אָנעסן...

— דו קורווישער זון, איך קריג אויך נישט מער, אָבער איך גנבע נישט קיין קעסלען...

— איך בין כסדר הונגעריק...

באַלעקס קאָפּ האָט זיך אַ הוידע געטאָן פון די צוויי הילכיקע פּעטש, וואָס זבישעק האָט אים דערלאַנגט. די וואַכלייט האָבן צופרידן געשמייכלט פון זבישעקס געוואַגטקייט.

דער קאָמענדאַנט האָט זבישעקן געהייסן פרעגן מיך פאַר וואָס איך האָב תיכף נישט געמאָלדן דעם קוכער וועגן געגנבעטן קעסל.

— איך האָב נישט געוואָלט אויסגעבן מיין שכן...

— אַזוי ? — זבישעק האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט צעצויגן — ביסטו אויך שולדיק !

דער קאָמענדאַנט האָט מיך און באַלעקן געהייסן אַוועקגיין פון שרייב־טיש און זבישעקן צוזאַמען מיט די וואַכלייט האָט ער פאַרהאַלטן לעבן זיך. נאָך אַ קורצן שמועס צווישן זיי זענען צוגעקומען צו אונדז צוויי וואַכלייט און באַפוילן צו גיין נעמען דעם קעסל און אָפּטראָגן אים צוריק אין קיך.

באַלעק איז געווען זיכער, אַז מיט דעם איז דער ענין געענדיקט. נאָכן צוריקטראָגן דעם קעסל האָט ער געוואָלט אַוועקגיין, אָבער די וואַכלייט האָבן אים פאַרהאַלטן און געהייסן בלייבן.

מיך איז באַפאַלן אַ פּחד צוליבן פאַרדעכטיקטן אויסזען פון די וואַכ־מענער. באַלעק האָט אָנגעהויבן קוקן אַרום זיך, ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג צום אַנטלויפן.

פון דער קיך איז אַרויסגעקומען דער קוכער און ער האָט העכער פאַר־שאַרצט זיינע אַרבל. ווי אָפּגערעדט פון פריער, האָט ער גענומען גיין פאָרויס, און מירביידע, צוזאַמען מיט די וואַכלייט — הינטער אים. באַלעק האָט אָנגעהויבן עפּעס רעדן צו מיר, אָבער איך האָב אים אָפּגעשטויסן פון זיך. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין בייז אויף אים, איז ער געגאַנ־גען אָפּגערוקט פון מיר און געשוויגן.

ווי נאָר כ׳בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם באַראַק, האָט אין מיינע אויערן אַ גרילץ געטאָן דער טומל פון די פאַרזאַמלטע שכנים. דער טיש איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון די בענק. באַלעק און איך זענען געבליבן אין אַ געשלאָסענעם רינג פון גומי־בייטשן אין די אַראָפּגעלאָזטע הענט פון די וואַכלייט. באַלעק, מיט זיינע צעשראָקענע אויגן, האָט אויסגעזען, ווי אַ גע־

פאַנגעגנע חיה אין אַ שטייג. איך האָב זיך באַמיט צו באַהערשן דעם פּחד, אָבער מיין האַרץ האָט פאַרגעפילט נישט קיין גוטס.

זבישעק און יאַנטשוק האָבן געמאַכט אָרדענונג צווישן די שכנים, אָנ־געהאָנגענע אויף די בעטן און צוזאַמענגעשטופּטע מיט פאַרריסענע פּני־מיר הינטער אַ לאַנגער שורה בענק.

ווען אין באַראַק איז שטילער געוואָרן, איז זבישעק צוגעגאַנגען צום ליידיקן טיש, אויפגעהויבן דאָס פּנים און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ הויכער שטים:

— פּאַנאָוויע! די צוויי איינוווינער פון אייער באַראַק: סטאַניסלאַוו פּריבעל און באָלעק רוטקאָווסקי, האָבן זיך מודה געווען אין גנבענען פון דער קיך אַ קעסל מיט צוואַנציק ליטער זופּ. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט דערפאַר באָלעקן פאַראורטיילט מיט צען, און סטאַניסלאַוון — מיט פינף שמיץ בלויז, דערפאַר, ווייל ער האָט געוווסט, אַז באָלעק האָט געגנבעט און וועגן דעם נישט געמאָלדן אין דער וואַכשטובע. פּאַנאָוויע! — זבישעק האָט נאָך העכער אויפגעהויבן דאָס קול — גנבענען אין לאַגער איז אַ פאַר־ברעכן, וואָס קען יעדן איינעם פון אייך ברענגען שאָדן. די שמיץ, וואָס די ביידע וועלן באַקומען, דאַרפן זיין אַ וואָרענונג פאַר אַלעמען...

געענדיקט רעדן, האָט זבישעק זיך אומגעקערט צו דעם אָרט ווו מיר ביידע זענען געשטאַנען און געגעבן אַ צייכן מיטן קאָפּ. צוויי וואַכלייט האָבן באָלעקן געהייסן זיך רירן פון אָרט, אָבער באָלעק איז נאָך געבליבן שטיין און באַקומען פון הינטן אַ שטויס. ער האָט אָנגעהויבן נאָכגיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן פּנים. די צוויי וואַכלייט האָבן אים אַוועקגעשטעלט ביים עק פון לאַנגן טיש. באָלעק האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן זיינע אויגן. מיט דעם בלאַסן פּנים האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט געשטאַנען ביי אַ וואַנט צום דערשיסן.

— לייג זיך אויס! — האָט זבישעק באַפוילן און געוויזן מיטן פינגער צום טיש.

באָלעק האָט זיך נישט גערירט פון אָרט; ער איז געבליבן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי די וואַכלייט האָבן אים מיט צוואַנג אַוועקגעשטעלט. זבישעק האָט אָנגעכאַפּט באָלעקן פאַר דער טשופּרינע און אים אַ צי געטאָן

צום טיש. באַלעק האָט מיט אַ פּאַרביסענער ליפּ צוריקגעצויגן זיין קאָפּ און אָנגעכאַפּט דעם קאַנט פון טיש. אין דעם מאָמענט איז ער פון אַ שטאַרקן שטויס אין רוקן געפאַלן מיט אַ האַלבן גוף אויפן טיש. זבישעק און יאַנ־טשוק האָבן אָנגעכאַפּט זיינע אַקסלען און באַלעק איז אין זיין גאַנצער לענג, מיט אַ צוגעדריקטן קאָפּ, געבליבן ליגן, ווי אַ צוגעבונדענער צום טיש. עטלעכע שטאַרקע שמיץ האָבן איינגעהאַלטן באַלעקס צעקאָפּעטע פיס און באַלד האָט אַ גומי־בייטש אָנגעהויבן זיך אַראָפּלאָזן איבער באַלעקס הינטן. נאָך יעדן שמיץ האָט זיין גוף אַ ציטער געטאָן אין די איינגעקלאַמערטע הענט, וואָס האָבן אים נאָך שטאַרקער געדריקט צום טיש, ביז דער וואַכמאַן האָט געענדיקט ציילן 10.

די פאַרזאַמלטע שכנים האָבן איינגעצויגן די קעפּ. עמעצער האָט אי־בערגעריסן דאָס געשפּאַנטע שטילשווייגן און אַראָפּגעשריגן פון בעט צו זבישעקן: „שעם זיך, גיב אים מער עסן, נישט קיין שמיץ"! אַ הינטערשטע טיר האָט זיך צעפּראַלט. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט צום אַרויסגאַנג. אַ וואַכמאַן איז פאַרלאָפן דעם וועג און צוריק פאַרריגלט די טיר פון דרויסן. באַלעק איז אַראָפּ פון טיש מיט אַ נאַס צעקרימט פּנים. אַ וואַכמאַן האָט אים אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און געבליבן לעבן אים. באַלעק האָט זיך אַרומ־געקוקט מיט צעטומלטע בליקן, ווי ער וואָלט נישט געוווּסט ווו ער גע־פינט זיך. די וואַכלייט האָבן געדראָט, אַז אויב דאָס גערודער וועט זיך נישט איינשטילן, וועלן זיי אַרויסרופן זשאַנדאַרמעריע. די שכנים האָבן זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון טיש.

אַן אויסגעשטרעקטע גומי־בייטש האָט מיר געגעבן אַ צייכן, אַז עס איז געקומען מיין ריי. איך האָב זיך באַמיט צו גיין מיט דרייסטע טריט און אַליין האָב איך זיך אויסגעלייגט אויפן טיש. זבישעק האָט צוגעדריקט מיין קאָפּ צום דעק. איך האָב דערפילט אויף זיך איינגעקלאַמערטע הענט. פינף מאָל האָב איך פאַרביסן מיט די ציין, כדי אויסצוהאַלטן דעם ברענענ־דיקן ווייטיק.

איך בין אַראָפּ פון טיש, אָפּגעווישט מיטן אַרבל דעם שווייס פון פּנים און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן באַלעקן. אַן אויסגעצויגענע האַנט האָט מיר דערלאַנגט אַן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס. נאָך אַ האַנט מיט אַ פּאַפּיראָס האָט

איבער די קעפּ פון די שכנים דערגרייכט צו באָלעקס אַקסל. זבישעק האָט פּאַרריסן דאָס פּנים כדי צו זען וועמענס הענט דאָס זענען. די וואַכלייט האָבן זיך שטילשווייגנדיק איינגעקוקט, ווי די שכנים צערוקן די בענק און רינגלען אונדז ביידן אַרום. פּיינטלעכע בליקן האָבן זיי באַגלייט ביז צום אַרויסגאַנג...

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

„צוליב די אַנטדעקטע פאַלן פון ווענערישע קראַנקהייטן, ווערן אַלע לאַגער־איינוווינער אָן אויסנאַם אויפגעפאָדערט מאָרגן פון 10 פרי ביז 4 נאָך מיטאָג צו לאָזן זיך אונטערזוכן דורך אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע. ווער עס וועט אויסמיידן די פאַראָרדענונג וועט אַדמיניסטראַטיוו באַשטראָפט ווערן מיט קאָנצענטראַציע־לאַגער".

אַזאַ מעלדונג מיט בולטע אותיות האָט מען דערזען הענגען איבערן פענצטערל ווו מען האָט אַרויסגעגעבן דאָס עסן.

פאַר וואָס האָב איך דערפילט אַזאַ האַרץ־קלאַפּעניש ? אפשר האָב איך שלעכט געלייענט ? מיינע אויגן לויפן ווידער אַ מאָל איבערן ווייסן טאָוול ; איך לייען פאַמעלעכער, וואָרט ביי וואָרט.

הינטער מיר שטייען נאָך אַנדערע. זיי לייענען די מעלדונג און פּלאַצן אַרויס מיט אַ געלעכטער. זיי קערן זיך אום מיט די ליידיקע שיסלען אין דער ריי און גיבן איבער די נייעס. דאָס געלעכטער ווערט שטאַרקער און קייקלט זיך אַוועק איבער דער לאַנגער ריי.

— פאַר וואָס עפּעס דאַרפן אַלע זיך שטעלן פאַר דער קאָמיסיע ? און נישט בלויז די, וואָס זענען געלאָפן צו די קורוועס אין גרינעם באַראַק ?

— קוקט אָן דעם חכם ! האָסט אפשר פאַרשריבן ווער ס׳איז יאָ גע־קראָכן, און ווער נישט ?

— דו, שטיק פאַדלע, רופסט זיך אויך אָן ? אין דאָרף האָסטו זיך געשעמט צוצורירן זיך צו אַ „דזשעוווכע", און דאָ מאַכסטו זיך פאַר אַ גאַנצן הורן־זון...

— און דו האָסט אַזוי מורא פאַר דער קאָמיסיע, ווי דו וואָלסט געהאַט אַן אָפּגעשניטענעם...

אַלע האָבן זיך צוגעהערט צום איבערוווערטלען זיך און געלאַכט ביז צום קייכן, אָבער מיר האָט גערוישט אין די אויערן.

אין באַראַק האָט יעדער איינער זיך פאַרנומען מיט זיינע ענינים: וואַ־צעק האָט פאַרריכט דאָס אונטערשטע ווענטל פון זיין שאַפּקע וואָס אַ מויז האָט דורכגעלעכערט; באַלעק איז געווען פאַרנומען מיט אויסגלייכן זיינע אויסגעוואַשענע אַרבעטס־העמדער; איינער פון די שכנים האָט מיט קאָ־כעדיק וואַסער געבריט די וואַנצן פון זיין בעט; אַנדערע האָבן געשניטן טאַבאַק־בלעטער, געשטאָפּט פּאַפּיראָסן, גערעדט וועגן דער אָפּגעאַרבעטער שיכט אין קוילנגרובן, וועגן דער מאָרגנדיקער דאָקטוירים־קאָמיסיע, און איך בין געלעגן אויף מיין בעט, איבערגעדעקט דעם קאָפּ מיטן קאָץ, און געזוכט אַן אויסוועג פון דער אומגעריכטער געפאַר פאַרן לעבן.

זבישעק איז אַריין אין באַראַק מיט זיין פאַרריסענעם גאַנג און געמאָלדן:

— פּאַנאָוויע! גרייט זיך צו צו דעם מאָרגנדיקן באַזוך פאַר דער קאָ־מיסיע. איר מוזט זיין ריין אָפּגעוואַשן און אָנגעטאָן אין זויבערע קליידער. אויף אייערע „קוטאַסן” זאָל זיך נישט געפינען קיין שפּור פון קוילן־שטויב. די נאַכט־שיכט דאַרף גלייך פון דער אַרבעט זיך שטעלן אין דער ריי צום דאָקטער. די לעצטע וועלן זיין די מיטאָג־שיכט — פאַרן גיין אין קוילנגרובן.

אויסגעשריגן די באַפעלן, איז זבישעק אַוועק צום שכנותדיקן באַראַק. וואַצעק האָט זיך אָנגעהויבן קראַצן אין קאָפּ און בייז געמרוקעט פאַר וואָס מען פאַרדרייט אים דעם קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. באַלעק האָט גענומען ערנסט טראַכטן, צי ער איז באמת נישט קראַנק געוואָרן נאָך אַזוי פיל מאָל גיין אין גרינעם באַראַק. דער עלטערער פּיאָטר האָט געשאָלטן הלמאי מען שלעפּט אויך אים צום דאָקטאָר, הגם ער חלומט אַפילו נישט מער וועגן קיין פּרוי, און איך האָב געמוזט העלפן אויסלאַכן די, וואָס האָבן זיך געשעמט צו גיין צום דאָקטער...

באַגינען. דער וואַכמאַן וועקט צו דער מאָרגן־שיכט. איך בין שוין לאַנג געלעגן וואַך און געפּלאַנט ווי אַזוי ווידער אַ מאָל אויסצומיידן דעם טויט.

ווי יעדן באַגינען — בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט מיינע שטענדיקע אַרבעטס־חברים צו דער שאַכט. אין דרויסן איז געווען נאָך גראָלעך־טונקל.

איך בין אַנידערגעפאַלן און זיך אויפגעהויבן אַ הינקענדיקער. צוליב מיין שווער גאַנג בין איך געבליבן דער לעצטער.

אַדאָלף האָט אויף מיר געוואַרט בייםביידל, ווו מען האָט געטיילט די אַרבעטס־נומערן, און פון דער ווייטנס געזען מיך אָנקומען אַ הינקענדיקן. ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין געפאַלן אויפן וועג צו דער אַרבעט, האָט אַדאָלף זיך געמאַכט נישט הערנדיק און שנעל מיך געיאָגט זיך איבערצוטאָן און גיין מיט אים אין מאַגאַזין. איך האָב אים געפרעגט, ווי אַזוי איך וועל קענען מיט אַזאַ פוס אַרומקריכן איבער דער שטרייב. ער האָט אָבער פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיך אָנשטרענגען און אַרבעטן מיט אים צוזאַמען צוליבן איבעררוקן די מאַשינען. איך האָב געבעטן, אַז ער זאָל מיר אויף היינטיקער שיכט געבן אַן אַנדערע אַרבעט. אַדאָלף איז בייז געוואָרן און אויסגעשריגן: „מאַכסט הויטע קאָלע!״

צווישן קופעס שוואַרץ־גראָע פאַרשטויבטע שטיינער, לעבן אַן אויס־געקרימטער קוילנוואַנט מיט לעכער און סענקעוואַטע שפּיצן, האָב איך אָפּגעפונען דעם נומער פון מיין אַרבעטס־פּונקט. אַדאָלף האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך מוז די וואַנט אויסגלייכן אין דער זעלבער ליניע ווו די רוטשע דאַרף זיך אויסשטעלן.

אין גערויש פון זייערע מאַשינען האָבן די קוילנגרעבער זיך באַוועגט אַנטקעגן דער שיין פון די לאָמפּן אין נעפּלדיקן שטויב, וואָס איז זיך צעגאַנגען מיטן לופט־שטראָם באַרג־אַראָפּ לענג־אויס דער שטרייב. איך בין נאָך אַלץ געזעסן פּאַרטיפּט אין מיין פּלאַן, וועלכן איך האָב געדאַרפט דורכפירן מיט דער געניסטער פּינקטלעכקייט.

אַדאָלף האָט היינט אַ בייז האַרץ אויף מיר, ווייל ער מיך האַלטן אויפן אויג. דאָס גאַנצע שטיק אויסגעקרימטע וואַנט האָב איך געדאַרפט אויס־גלייכן נאָך פאַרן ענדיקן די שיכט. אויף דעם אָרט האָט מען געזאָלט שטעלן איינעם פון די מאָטאָרן, וואָס האָט געטריבן די רוטשע. הייסט עס, אַז מיט אַ כוונה האָט מיך אַדאָלף אַוועקגעשטעלט ביי אָט דער אַרבעט, כדי איך זאָל זיך אַריינלאָזן אין אַ קאָנפליקט אויך מיטן שטייגער.

אַ געדיכטער שטויב־וואָלקן האָט געפלייצט פון דער אויפגעפלאַצטער

קוילנוואַגט, געוויקלט זיך אַרום מיר און באַדעקט מיין האַלב־נאַקעטן נאַסן גוף מיט אַ געדיכטער שוואַרצער שיכט, ווי סמאָלע.

אַדאָלף האָט זיך באַוויזן מיט אַ פאַרלאָשענער לאָמפּ. געמיינט האָט ער מיר צו כאַפּן אַ זיצנדיקן, אָדער מיט ווייניק אָפּגעטוענער אַרבעט. זיינע קעצישע אויגן האָבן געזוכט מיט וואָס נאָך שווערער צו מאַכן מיר די שיכט, וואָס איך אַליין האָב פאַר זיך אויסגעוויילט.

און אַדאָלף האָט געפונען: ער האָט אָנגעצייכנט די לענג מיט וועלכער איך זאָל נידעריקער מאַכן דעם שטיינערנעם דיל, כדי דער מאָטאָר זאָל זיך בעסער קענען איינשטעלן אויף דעם אָרט. איך האָב אים געזאָגט, אַז די אַרבעט דאַרף טאָן די שפּעטערדיקע שיכט, וואָס רוקט איבער דעם מאָטאָר. דערויף האָט אַדאָלף אויסגעשריגן, אַז ער, און נישט איך, טיילט איין די אַרבעט. דערביי האָט ער געחוזקט און ציניש אויסגעלאַכט מיין קראַנקן פוס און געזאָגט, אַז אַזאַ אַרבעט ווערט געמאַכט מיט די הענט און נישט מיט די פיס.

אַלבערט, וואָס האָט געאַרבעט הינטער מיר, האָט זיך אָפּגערוקט מיט נאָך צוויי מעטער. יעדע אָפּגעלאָפענע מינוט האָט פאַרגרעסערט מיין שפּאַנונג. ווי אַזוי וועט אַדאָלף רעאַגירן אויף דעם, וואָס איך האָב נישט פאַרענדיקט די אַרבעט? אויף וועמען וועט ער שרייען? אויף מיר? איך וועל דאָך ליגן אַ פאַרוווּנדעטער און ער וועט מוזן מיך גלייך אַרויסשיקן פון קוילנגרובן. נאָך איין שעה איז געבליבן. שטעלן זיך אָפּ די מאָטאָרן — איז מיין פּלאַן דורכגעפאַלן. ווו זאָל איך זיך מאַכן די וווּנד, אַז עס זאָל נישט פאַלן אויף מיר קיין חשד פון סאַבאָטאַזש? אויף די פיס האָב איך געטראָגן לעדערנע שיך, האַרטע, ווי שטאָל; אויף די שינביינער האָט מיר אַדאָלף געגעבן אַ פּאָר האַרטע שטילפן ביז די קניען. זענען געבליבן בלויז די הענט אונטערן דינעם לעדער ביז די פינגער־שפּיצן.

אַלבערט האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערבויען דעם לעצטן מעטער. דער שטייגער מיט זיין בליצלאָמפּ האָט שוין געדאַרפט זיך אָנהייבן אַראָפּ־לאָזן פון דער שטרייב. אַדאָלף וועט באַלד רופן „זאַובער מאַכן". די צייט איז געלאָפן און ס'איז שוין נישט געווען ווען צו טראַכטן. אויס פּחד, אויס וואַקלענישן, איך מוז שוין האַנדלען. אָבער וועלכע האַנט זאָל איך צעקאַ־

לעטשען? אויפן געלעגער האָב איך געגנוי אויסגערעכנט אַלע פּרטים פון פּאַרפּאַל, איז פּאַר וואָס בין איך איצט צעטומלט? פּאַר וואָס ציטערט מיין גוף און יעדער פינגער בייגט זיך איין ווען מיינע אויגן קוקן זיך אום צום האַמער? צוויי מאָל בין איך שוין געלעגן אין שפּיטאָל. און וויפל מאָל האָבן שטיינער שוין צוגעדריקט מיינע פינגער־שפּיצן? וויפל שיכטן האָב איך שוין געאַרבעט אונטער אַ דראָענדיקער געפאַר פון טויט? פון וואַנען זשע נעמט זיך איצט דער אומרו?

— זאָובער מאַכען!

אָט דער רוף, וואָס איז מיט אַן אָפּהילך זיך פונאַנדערגעגאַנגען פון פונקט צו פונקט, האָט מיך אַ שטויס געטאָן צום האַמער. איך האָב אים אָנגעכאַפּט פאַרן הילצערנעם הענטל און מיט אַ ווילדן כח אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט.

אויף מיינע הילפס־רופן איז אַלבערט געקומען צו לויפן. ער האָט געפּרווט מיטן באַנדאַזש וואָס אין מיין רעקל איינהאַלטן דעם שטראָם בלוט. ער איז אַראָפּ און געברענגט אַ צווייטן באַנדאַזש, אָבער אויך דער איז שנעל דורכגענעצט געוואָרן מיט בלוט. אַלבערט האָט אַראָפּגעשריגן דעם נומער פון אַרבעטס־פּונקט און אַז אַדאָלף זאָל אַרויפקומען.

אונטערהאַלטנדיק די פאַרוווּנדעטע האַנט מיטן צעקאַליעטשעטן פינגער אויף אַרויף, בין איך געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין אַן אונטערגעבויטן קלאָץ, ביז אַדאָלפס שוואַרץ פּנים האָט זיך באַוויזן לעבן מיר.

אַדאָלף האָט מיך געפרעגט ווי אַזוי איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן. איך האָב אים אָנגעוויזן אויפן שטיק קויל לעבן הענטל פון לופט־האַמער און פאַר אים איז געווען פאַרשטענדלעך די סיבה פון פאַרפאַל. ער האָט נאָך אַ מאָל אָנגעשטעלט די לאָמפּ אויף מיין האַנט, געהאָלפן מיר אָנטאָן מיין אַרבעטס־רעקל, דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן אויף אַ בלעטל פון זיין בלאָק עטלעכע ווערטער צום ווינדע־פירער און מיך געהייסן פאַרלאָזן די שאַכט.

דער ווינדע־פירער איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס מיט מיר איז געשען ביי דער אַרבעט און איך האָב געוואָלט זיך דערוויסן וואָסער שעה עס איז. זיין זייגער האָט געוויזן איינס נאָך מיטאָג.

איז דער גיכע־הילף־סטאַציע זענען געזעסן פאַרוווּנדעטע קוילנגרעבער

אין פאַרשטויבטע קליידער מיט שוואַרצע פּנימער. יעדער איינער פון זיי האָט געהיטן זיין ריי צום סאַניטאַר. איך האָב מיט אַ כוונה דורכגעלאָזט מיין ריי. אַ ווייטיקפולע שעה איז אַריבער. עס איז געוואָרן צוויי אַ זייגער.

דעם סאַניטאַר איז שווער געווען צו באַשליסן וואָס ער זאָל טאָן מיט מיין האַנט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער ביין פון מיין פינגער איז באַשעדיקט און לויט זיין מיינונג דאַרף מען אַמפּוטירן דעם ערשטן גליד פון פינגער. ער האָט באַשלאָסן בלויז צו באַנדאַזשירן די האַנט און מיך אָפּשיקן אין שפּיטאָל צו אַ כירורג.

נאָך אַ לאַנגזאַמען גאַנג איבער די גאַסן פון געלזענקירכן בין איך אָנגעקומען אין שפּיטאָל. דער זייגער אויף דער וואַנט האָט געוויזן דריי. דער דאָקטאָר, וואָס האָט באַטראַכט דעם פינגער, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער ביין איז נישט באַשעדיקט און אויף די פּאַפּירן האָט ער אָנגעשריבן פאַר מיר אַ וואָך לייכטע אַרבעט אין קוילנגרובן. איך בין אַרויס פון דאָקטאָר און זיך ווידער אַוועקגעזעצט אין וואַרט־זאַל פון שפּיטאָל. די קראַנקן־שוועסטער האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך האָב נישט מער וואָס צו זיצן דאָ. די ווייזערס אויפן זייגער האָבן דערווייל זיך גערוקט אויף נאָך אַ שעה...

אין לאַגער בין איך אָנגעקומען ווען די מעדיצינישע קאָמיסיע האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט איר אַרבעט. די שכנים אין באַראַק האָבן געהאַלטן אין מיטן פון אַ לעבעדיקן געשפּרעך, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס בילד ווי אַזוי די דאָקטוירים האָבן אונטערזוכט די ריי מענטשן מיט די אַראָפּ־געלאָזטע הויזן. וואַצעק מיט באַלעקן האָבן מיך באַדויערט, וואָס איך האָב דאָס אַלץ נישט געזען מיט מיינע אויגן. איך וואָלט דאַן אויך געהאַט פון וואָס צו לאַכן...

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

די מלחמה־געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. יעדע פּאָר טעג איז אין לאַגער געקומען אַן אַנדער נייעס, אָבער די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען די ידיעה, אַז די לאַנג דערוואַרטע אינוואַזיע פון די פאַר־בינדעטע אין צפון־פראַנקרייך האָט זיך אָנגעהויבן.

די ידיעות וועגן מצב אויף די פראָנטן זענען איצט שוין אָפן אַריינ־געדרונגען אין לאַגער. קיינער האָט קיינעם נישט געפרעגט פון וואַנען ער ווייסט דאָס וואָס ער דערציילט. מיטן עפענען דעם צווייטן פראָנט האָט מען אַלע סענסאַציעס געהאַלטן פאַר מעגלעכע פאַקטן.

באַלעק איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דער נייער שטימונג אין לאַגער. זינט ער האָט זיך געפונען אין דייטשלאַנד, האָט ער צום ערשטן מאָל דער־פילט, אַז די פרייהייט דערנענטערט זיך אויך פאַר אים און ער האָט גענומען רעדן וועגן זיין לעבן נאָך דער מלחמה. ער איז געווען ביי דער מיינונג, אַז מיר ביידע וועלן זיך איינאָרדענען אין דעם פויזנער שטעטל, ווו זיינע על־טערן האָבן געהאַט אַ הייזל מיט אַ שטיקל פעלד.

פאַנטאַזירנדיק וועגן אונדזער געמיינזאַם לעבן נאָך דער מלחמה, האָט זיך באַלעק דערמאָנט אין זיין מאַמעס יינגסטער שוועסטער סטעפאַ, וואָס האָט נאָך זיכער נישט חתונה געהאַט. באַלעק האָט זי געשילדערט מיט אַלע מעלות: זי איז אַ שטילע און פרומע; אַזאַ „דזשעוווּכע", האָט ער מיר איינ־גערעדט, וואָלט גוט געפּאַסט פאַר מיר...

איין מאָל, בעתן אונטערהערן אַזאַ געשפּרעך צווישן מיר מיט באַלעקן, האָט זיך וואַצעק שטאַרק צעלאַכט. אויב דער פראָנט, האָט ער געזאָגט, וועט זיך דערנענטערן צו דייטשלאַנד, וועט נישט איינער דאָ אין לאַגער פאַרלירן דאָס לעבן. וואַצעק האָט געראָטן באַלעקן, אַז ער זאָל באַהאַלטן זיינע פאַנטאַ־זיעס אויפן טאָג, ווען ער וועט קענען פאַרלאָזן דעם לאַגער.

באָלעקן האָט זייער פאַרדראָסן וואָס וואַצעק איז פּלוצלינג געוואָרן זיין עצה־געבער. זאָל ער זיך נישט אַריינמישן אין זיינע ענינים, ווען ער, וואַצעק אַליין, שטופּט אָן זיין זאַק מיט אויפגעקויפטע זאַכן, ווי די באַן וואָלט שוין געוואַרט אים אַהיימצופירן.

ווי אַ קליין קינד האָט באָלעק זיך געפרייט מיט דער אָנקומענדיקער באַפרייונג. וועגן דעם האָט ער גערעדט ביי טאָג און געחלומט ביי נאַכט. אים איז צוליב דעם גרינגער געוואָרן איבערצוטראָגן הונגעריקע שעהען.

דעם ערשטן טאָג נאָך דער באַפרייונג האָט זיך באָלעק אַזוי פאַר־געשטעלט: קודם כל וועט ער זיך גוט אויסשלאָפן; עסן וועט ער אַזוי פיל, ביז ער וועט זאָגן: גענוג, ער איז זאַט! דערנאָך וועט ער אַרויסגיין צום וועג, אויף וועלכן ער איז אַזוי פיל מאָל געגאַנגען צום קוילנגרובן און אויס־שפּייען... און מער וועט ער נישט וועלן זיך דערמאָנען די פינצטערע טעג.

איין מאָל האָט באָלעק זיך איבערגעוועקט פון שלאָף און גענומען זיך אַרומקוקן מיט אַ פּאָר אַרויסגעזעצטע אויגן. ווען ער האָט זיך באַרויקט און דערקענט זיין באַראַק־ווינקל, האָט ער פאַרקריצט די ציין און אויסגעשריגן:

— אין דער מאַמען אַריין! איך בין דאָך איצט געוועזן אין דער היים! וואָס טו איך דאָ אויפן פאַרלייזיקטן בעט?

די שכנים אין די בעטן האָבן זיך צעלאַכט. באָלעק האָט זיך צוריק אויסגעצויגן אויפן בעט און איבערגעדעקט זיין קאָפּ מיטן קאָץ.

אויף צו מאָרגנס האָט באָלעק מיר דערציילט זיין חלום:

— ווי איך בין נאָר איינגעשלאָפן, האָב איך דערזען אונדזער שטוב מיט די שיינע בלומען פאַרן אַריינגאַנג. בוקעט, דער געלער הונט, איז אַרויס־געשפּרונגען אויף מיר, געלעקט מיינע הענט, געדרייט מיטן וויידל און מיך באַגלייט ביז צו דער טיר. אין שטוב איז קיינער פון מיין פאַמיליע נישט געווען. איך בין אַרויס זיי זוכן, אָבער איך האָב זיי נישט געפונען. די שכנים האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר; יעדער האָט מיך גערופן צו זיך אין שטוב, געוואָלט מיט מיר טרינקען וואָדקאַ. אַריין בין איך צו מאַרי־שאַס עלטערן — אונדזערע נאָענטסטע שכנים. מאַרישאַ אַליין איז געווען שיין פאַרקעמט, אויסגעסטראָיעט אין אַ געבלימט קליידל, ווי זי וואָלט אָפּגע־וואַרט מיין אָנקומען. פון די קינדער־יאָרן האָב איך זיך מיט איר געחברט

און שפּעטער זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען אין שול. אָבער די מלחמה האָט אונדז צעשיידט. זי מיט אירע עלטערן זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף מזרח און איך מיטן פאָטער זענען געווען, געדענקסטו דאָך, אין אַנשטאַלט פאַר היימלאָזע. און אָט זענען מיר ווידער צוזאַמען. איך האָב זי גענומען אויף מיין שויס און איינגעגראָבן מיין פּנים צווישן אירע ברוסטן. פּלוצלינג האָט זיך מיין בעט אַ טרייסל געטאָן און איך האָב זיך איבערגעוועקט... איך זאָג דיר, סטאַכו, אַז נאָך אַזאַ חלום קען מען משוגע ווערן...

— האָב געדולד, באָלעק, די מלחמה וועט זיך ענדיקן און דיין חלום וועט מקויים ווערן.

— מיינסט דאָס ערנסט, סטאַכו ? דו פאַרשטייסט דאָך אַ סך מער פון מיר... וויפל מאָל איך האָב דיך נישט געהערט, האָב איך טייער באַצאָלט דערפאַר.

— ערשט איצט דערזעסטו דיינע פעלערן, וואָס האָבן דיך געקאָסט אַזוי פיל געזונט ?

— יאָ, סטאַכו, דאָס לאַגער־לעבן האָט פון מיר געמאַכט אַ תל, אָבער דו ביסט שטענדיק געווען צו מיר אַ גוטער, מיר מוחל געווען...

— איצט וועל איך דיר מער נישט מוחל זיין. דו מוזט אויפהערן פירן אַזאַ צעלאָזן לעבן.

— זעסט דאָך, סטאַכו, איך לויף נישט מער צו די קורוועס. יעדן פאַר־נאַכט גיי איך צו די מאָדליטוועס.

— גוט אַזוי, באָלעק. דאַרפסט וויסן, אַז איצט קומט אָן די שווערסטע צייט פון דער מלחמה. שוין דיין געזונט, היט אָפּ דיין לעבן, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צרות עס דערוואַרטן אונדז מיטן דערנענטערן זיך פון פראָנט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט באָלעק, גייענדיק פון קוילנגרובן, געפונען אויפן וועג אַ דייטשישע צייטונג מיט אַ מאַפּע, וואָס האָט פאָרגע־שטעלט דעם פראָנט אין פראַנקרייך. האָט ער די צייטונג געברענגט אין לאַגער און זי אויסגעלייגט אויפן טיש. שכנים זענען צוגעקומען און אַרומ־גערינגלט באָלעקן. מיט איינגעבויגענע קעפּ איבער דער צייטונג האָבן זיי זיך איינגעקוקט אין הילצערן ציגאַרן־שפּיצל, מיט וועלכן באָלעק האָט געפירט איבער דער מאַפּע און געגעבן אויפקלערונגען. כדי מען זאָל אים בעסער

פּאַרשטיין, האָט ער מיט זיין פינגער אויסגעמאָסטן וויפל שטח עס פעלן נאָך די אַמעריקאַנער אויף צו דערגרייכן די דייטשישע גרענעץ...

— עי, באָלעק — האָט לעאָן זיך געוויצלט — די דייטשן וואָלטן דיר געדאַרפט אָנטאָן אַ גענעראַלסקן מונדיר און שיקן ראַטעווען דעם פראַנ־צויזישן פראָנט...

— איר זעט דאָך — האָט פּיאָטר צוגעגעבן — אַז קיין גענעראַל העלפט שוין אויך נישט. זיי דאַרפן אים מאַכן פאַר אַ פעלדמאַרשאַל.

וויטעק האָט געגעבן אַ קלאַפּ אַ שוך אין אַ שוך און געבליבן שטיין אויף סאַלוט:

— פּאַניע מאַרשאַלקו, זאָג אונדז וויפל פינגער האָבן די דייטשן שוין פאַרלוירן אין פראַנקרייך?

באָלעק, ווי ער וואָלט נישט געהערט דאָס געלעכטער אַרום זיך, איז ווייטער געזעסן מיטן קאָפּ צווישן זיינע האַנטפלאַכן איבער דער צייטונג. זיין קאָנצענטרירטקייט האָט צוגעגעבן די שכנים נאָך מער שטימונג צו שפּאַסן:

— נו, זאָג שוין, ווען וועט די מלחמה זיך ענדיקן...

— לאָזט אים פריער גוט אויסשטודירן די מאַפּע...

— דראַניעס! אפשר וואָלט איר מיט אַ ביסל מער רעספּעקט גערעדט צו אַ מאַרשאַלעק?...

באָלעק איז אויפגעשפּרונגען, אַרויפגעשטעלט זיך אויף דער באַנק מיטן פּנים צו דער וואַנט און אויסגעשריגן:

— נאַט אייך! רעדט צו אים!...

נאָך אַ פּאָר פעסטע קלעפּ אין אַרויסגעשטעקטן הינטן, איז ער אַוועק צו זיין בעט און זיך דאָרט אויסגעצויגן.

איך האָב שוין געוווּסט, אַז ווען באָלעק דערווייטערט זיך פון די שכנים, דאַרף איך זיך צו אים דערנענטערן.

— באָלעק, פאַר וואָס ביסטו אַנטלאָפן ווען די שכנים האָבן געמאַכט אַ שפּאַס? האָסט דאָך געקענט מיטלאַכן און נישט זיך אויפרעגן.

באָלעק האָט אַרונטערגעלייגט זיינע הענט אונטערן קאָפּ און מיר גע־ענטפערט:

— דאָס מאָל האָב איך נישט געקענט. זיצנדיק איבער דער צייטונג האָב איך פּלוצלינג זיך דערמאָנט אין יענעם אָוונט אין וואַרשע ווען מיין פאָטער האָט געפירט מיט זיין לולקע איבער דער מאַפּע פון דער פּוילישער צייטונג, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס לאַנדן פון די אַמעריקאַנער אין אַפריקע. געדענקסט, סטאַניסלאַוו, יענעם אָוונט אין אַנשטאַלט? געדענקסט מיין פאָ־טערס פרייד? ער האָט געמיינט, אַז באַלד וועט ער קענען אַהיימפאָרן. און וואָס איז נאָך דעם געשען? זשאַנדאַרן האָבן אים אַוועקגענומען און ער איז מער נישט צוריקגעקומען. מיין פאָטער מיט דער צייטונג אין אַנשטאַלט פאַר היימלאָזע, און איך מיט דער צייטונג אין דער דייטשישער געפאַנגענ־שאַפט; ער האָט אויסגעקוקט די אַמעריקאַנער אין פּוילן, און איך קוק זיי אויס אין דייטשלאַנד.

— אָבער דיין טאַטע האָט נאָך געהאַט צו וואַרטן ביז דער באַפרייונג יאָרן און דו — נישט מער ווי...

יאַנעק, דער סאַניטאַר אין וויסן כאַלאַט, איז אַריין אין באַראַק און שטיין געבליבן ביי דער טיר:

— לודוויג פּאַוולאָווסקי, באָגדאַן קאָזלאָווסקי, יאַן באַרטשוק, באָלעק רוטקאָווסקי, אַלע פיר אויסגערופענע זאָלן גיך איינפּאַקן זייערע זאַכן און זיך מעלדן אין דער סאַניטאַרן־שטובע!

באָלעק איז אַראָפּ פון בעט און צוגעלאָפן צום סאַניטאַר זיך דערוויסן וועגן דער אומגעריכטער מעלדונג, אָבער יאַנעק האָט צו זיך נישט געלאָזט רעדן. ער האָט געפאָדערט, אַז די אויסגערופענע זאָלן תיכף צונויפנעמען זייערע זאַכן און גיין מיט אים.

אַ פאַרזאָרגטער איז באָלעק צוגעקומען צום בעט. ער האָט נערוועז זיך געקראַצט אין דער טשופּרינע, געקוקט אויף מיר, אויף דער שאַפקע און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

ווען די אַנדערע זענען שוין גרייט געווען צו גיין, האָט באָלעק צעעפנט די שאַפקע, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט זיין הילצערן קעסטל און אָנגעפּאַקט אין דעם די רעשט זאַכן, וואָס זענען געהאַנגען אויף די ווענטלעך פון דער שאַפקע.

איך בין מיטגעגאַנגען מיט באַלעקן, כדי זיך צו דערוויסן וווהין מען נעמט אים. אויפן וועג האָט ער צו מיר געזאָגט:

— פּונקט ווי מיין טאַטע... אים האָט מען אויך אַוועקגענומען צוליב דער ציַיטונג...

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן. די אַנדערע, וואָס גייען מיט דיר, זיי האָבן דאָך אַפילו די צייטונג נישט אָנגעקוקט.

— מיט וואָס ביסטו דאָס אַזוי זיכער?

אין דער סאַניטאַר־שטובע זענען זיך צוזאַמענגעקומען די אַלע, וואָס יאַנעק האָט גערופן. דער סאַניטאַר האָט זיי אויפגעקלערט, אַז נאָך דער רענטגען־אויפנאַמע, וואָס אַלע אין לאַגער זענען אַדורכגעגאַנגען, איז אָנגעקומען אַ רשימה פון די לונגען־קראַנקע. זיי דאַרפן פאַרן זיך קורירן.

באַלעק איז אויפגעשפּרונגען פון פרייד. ער איז צוגעקומען צו מיר מיט אַן אויסגעצויגענע האַנט:

— סטאַכו, ביסט געווען גערעכט! איך ווער שוין פּטור פון קוילנגרובן...

איך בין געשטאַנען ביים לאַגער־טויער און געקוקט ווי דער אויטאָ, וואָס האָט אַוועקגעפירט באַלעקן, איז פאַרשוווּנדן.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מען מיר געבראַכט פון באַלעקן אַ בריוול. ער האָט געשריבן:

„סערוווּס, סטאַניסלאַוו!

שוין איבער אַ וואָך ווי איך, מיט נאָך קראַנקע, זיצן אין באַראַק, טוען גאָרנישט און עסן דאָס ביסל ווייסע זופּ מיט די 200 גראַם ברויט אַ טאָג. מען האָט אונדז פאַרשריבן פאַר לונגען־קראַנקע, אָבער קיין דאָקטער קומט נישט צו אונדז. אַרויסגיין פון לאַגער טאָר מען נישט, ווי מען וואָלט געווען פאַרשפּאַרט אין אַ תפיסה. אַזוי היילט מען קראַנקע? מיר דוכט זיך, אַז מען האָט מיך געשיקט אַהער פאַרענדיקן דאָס לעבן.

סטאַכו, זיי ווייטער אַ גוטער קאָלעגע און קום מיך באַזוכן. דער, וואָס האָט דיר איבערגעגעבן דאָס בריוול, וועט דיר זאָגן דעם וועג און ווי אַזוי זיך צו פאַרשטענדיקן מיט מיר. איך וואַרט אויף דיין קומען. באַלעק רוטקאָווסקי".

מיט די הינטערשטאָטישע גאַסן פֿון געלזענקירכען, וואָס האָבן געפֿירט צום וועג קיין באָכום, בין איך מיט וואַצעקן דערגאַנגען צו אַ שטיק פֿעלד, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען צוויי רייען הילצערנע באַראַקן, אַרומ־געצוימטע מיט אַ הויכן פּאַרקאַן פֿון שטעכעדיקע דראָטן. דער אַריינגאַנגס־טויער איז געווען פֿאַרמאַכט אויף אַ שלאָס.

אָפּגעזונדערט פֿון רוישיקן אַרום זענען געשטאַנען די באַראַקן. אַהער איז דערגאַנגען בלויז דער עכאָ פֿון דער שטאָטישער גאַסן־באַוועגונג. דער רויך פֿון די הויכע פֿאַבריק־קוימענס האָט באַדעקט מיט טונקל גראָע וואָלקנס דאָס שטיק הימל איבער די באַראַקן.

באָלעק האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר וואַרטן אויף אים, איז ער צוגע־קומען צום פּאַרקאַן. מיט די הענט האָבן מיר זיך נישט געקענט באַגריסן. ער האָט זיך צוגערוקט נאָענט צו די דראָטן־לעכער, דורך וואַנען עס האָט אַרויסגעקוקט זיין בלאַס פּנים, ווי דורך אַ פֿערקראַטעוועט תּפֿיסה־פֿענצטער.

— וואָס מאַכסטו, באָלעק? ווי לעבסטו דאָ? — האָבן מירביידע צוזאַ־מען אים געפֿרעגט.

— זאָל זיי אַ דונער דערשלאָגן, די דייטשן, צוזאַמען מיט אונדזערע סאַניטאַרן — האָט באָלעק אַרויסגעפּלאַצט — זיי האָבן מיך דאָ אַריינגעבאַ־קומען, ווי אַ מויז אין אַ קלאַטקע. די ערשטע פּאָר טעג ווען איך האָב גע־קענט אַ סך שלאָפֿן און פֿאַרזוכט די ווייסע געזיסטע זופּ, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מען קען דאָ טאַקע געזונט ווערן, אָבער איצט פֿיל איך זיך אַזוי ווי אַלע דאָ — ווי דערשלאָגענע הינט. אַרויסגיין פֿון טויער טאָר מען נישט, צו רייכערן גיט מען נישט, קיין דאָקטאָר קומט נישט. דאָס איינציקע, וואָס דער וואַכמאַן פֿאַרלאַנגט פֿון מיר, איז, אַז דער קאָץ אויפֿן בעט זאָל זיין גלייך אויסגעלייגט און אין באַראַק זאָל זיין ריין.

מיר האָבן געפּרוּווט באָלעקן באַרויקן, אַז זיין אָפּגעשלאָסנקייט וועט לאַנג נישט דויערן. די אַמעריקאַנער דערנענטערן זיך. אָבער באָלעק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— זאָלן זיך פֿרייען די, וואָס דאַרפֿן נישט זיצן דאָ הינטער די דראָטן. סטאַכו — האָט באָלעק אויפֿגעהויבן צו מיר זיין פּנים — ווען דו זעסט ווי אַזוי מען ענדיקט דאָ דאָס לעבן...

וואַצעק האָט זיך אָנגערופן:

— און ביי אונדז אין לאַגער שטאַרבט מען נישט? אַנדזשעי, פּאַוועל, אַדאַם — האָסט דאָך זיי געקענט?

— דו פערדישער קאָפּ! — האָט באָלעק זיך אַ וואָרף געטאָן — ווי קענסטו פאַרשטיין דעם אונטערשיד צווישן דיביידע טויטן?

— פאַר וואָס זאָל איך נישט קענען פאַרשטיין?

— פאַר וואָס? — ווייל איך שטיי אויף דער זייט, און דו — אויף דער אַנדערער זייט פון די דראָטן! ווייל דו האָסט געהאַט אַ לאבן ברויט אין שאַפקע, און איך נישט...

— באָלעק, ווילנסט צוזאַמען מיט לודוויק, באָגדאַן און יאַן, ווי פילן זיי זיך? — האָב איך געפרעגט מיט אַ כוונה איבערצורייסן זיין צערייצטקייט.

— מיר ווינען נישט צוזאַמען, אָבער מיר קומען זיך צונויף ביי לודוויקן אין באַראַק. שוין אַ פּאָר טעג ווי ער ליגט אין בעט און שפּייט מיט בלוט. דאָס ביסל זופּ וויל ער שוין אויך נישט עסן.

— אַזוי שלעכט פילט ער זיך?

— יאָ. איך מיין, אַז ער וועט שוין לאַנג נישט אָנטרייבן. מען דער־קענט עס אויפן פּנים...

— נאַ און גיב אים — האָט וואַצעק אַרויסגענומען די האַנט פון קע־שענע און זי אַריינגעשטעקט צווישן די דראָטן — לודוויק איז געווען אַ גוטער שכן.

— אָ! — איז באָלעק געוואָרן אויפגעלעבטער — לודוויק וועט זיך זייער פרייען. ווען ער וואָלט יעדן טאָג געהאַט צו רייכערן, וואָלט ער זיך נישט געפילט אַזוי שלעכט.

— רייכערן איז שעדלעך פאַר לונגען־קראַנקע.

— סטאַכו — האָט באָלעק אויסגעקרימט דאָס פּנים — לאָז אָפּ מיט דיינע קענטעניש. ווען דו זעסט ווי לודוויקס אויגן הייבן אָן צו גלאַנצן ווען מיר פאַררויכערן אַ מאָל אַ פּאַפּיראָס.

— נעם באָלעק, די פּאָר שטיקלעך ברויט מיט וווּרשט. דאָס וועט זיין געזינטער פאַר דיר.

— נעם עס צוריק — האָט באָלעק זיך אָפּגערוקט פון מיין אויסגע־

שטרעקטער האַנט — פֿאַר איין פּאַפּיראָס קען איך דאָ באַקומען פֿינף מאָל מערער ברויט.

פֿון הינטער אַ וואַנט איז אַרויסגעקומען אַ וואַכמאַן. ער איז גלייך צו־געגאַנגען צו באַלעקן, אַריינגעשטעקט די האַנט צו אים אין טאַש און פֿון דאָרט אַרויסגענומען די פֿינף פּאַפּיראָסן, וואָס וואַצעק האָט אים געגעבן פֿאַר לודוויקן.

— דומער קערל! ווייסטו נישט דאָס דו לונגען־קראַנק ביזט?! — האָט דער וואַכמאַן געשריגן אויף באַלעקן. אים אין די אויגן האָט דער וואַכ־מאַן צעריבן די פּאַפּיראָסן צווישן די האַנט־פֿלאַכן און עס צעשאָטן איבער די דראָטן.

— פֿערשווינדט! — האָט דעם וואַכמאַנס קול אונדז אַ יאָג געטאָן.

מיט הינטערשטע טריט האָבן מיר זיך אָפּגערוקט פֿון די דראָטן און געוואָלט זיך געזעגענען מיט באַלעקן. אָבער דער וואַכמאַן האָט נישט אַראָפּ־גענומען זיינע אויגן פֿון אונדז און מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט האָט ער נאָך אַ מאָל אויסגעשריגן:

— פֿערשווינדט!

איך האָב זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט און געזען, ווי באַלעק שטייט נאָך מיטן פּנים אין די דראָטן און באַגלייט אונדז מיט זיין בליק.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

אין סוף יוני 1944 האָט ביי די דייטשן ווידער זיך געהויבן דער מוט. די איינציקע טעמע פון זייערע געשפּרעכן צווישן זיך איז געווען דאָס באָמ־באַרדירן ענגלאַנד מיט אַ געהיימען געווער — אַן אַעראָפּלאַן אָן אַ פּילאָט.

מיין האָפענונג צוליב די לעצטע געשעענישן האָט אָנגעהויבן צערונען ווערן ווען איך האָב געזען די צעשמייכלטע פּנימער פון די דייטשישע קוילנ־גרעבערביים איבערגעבן זיך די קריגס־קאָמוניקאַטן וועגן דעם חורבן, וואָס די „געהיימע וואָפע" פאַרשאַפט די ענגלענדער.

— דויטשלאַנד איזט נאָך נישט קאַפּוט — האָט מיר ווילי געענטפערט אויף מיין „גליק־אַוף" צו אים אין מיטן דער אַרבעט.

אין דער ריי צו דער ווינדע האָט זיך היינריך גערייצט:

— וואָס, האָסטו געדאכט, סטאַניס, דאָס דו שאָן נאָך צו האָוזע פאַרסט?...

אַנטאָן, וואָס איז תמיד געווען איינגעהאַלטן אין זיין שנאה צו די אויס־לענדער, האָט רעדנדיק מיט מיר, אַ שפּיי געטאָן אין דער האַנט, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן צום שלאָגן און געזאָגט:

— אָבער די ענגלענדער באַקומען אָם אַרש...

אָבער די אַלע באַרימערישע ווערטער האָב איך אויפגענומען מיט אַ לייכטער געמיט, ווען איך האָב זיך דערוווּסט די נייע גוטע ידיעות, אַז די אַמעריקאַנער האָבן געבראָכן דעם ווידערשטאַנד פון די דייטשן און פאַר־נומען שערבורג, אַז די סאָוויעטן האָבן באַפרייט מינסק און ווילנע, אַז אין נאָרמאַנדיע גייען די ענגלענדער פאָרויס.

אַדאָלף איז נישט געקומען אין קוילנגרובן. בעת דער נעכטיקער שיכט האָט אַ שטיין זיך אָפּגעריסן און אים פאַרווונדעט אין רוקן. אויף דער

צייט פון אַדאָלפס אָפּוועזנהייט האָט דער שטייגער באַשטימט פראַנצן אַלס מייסטער.

פראַנץ איז געווען באַקאַנט מיט זיין אָפענער שנאה צו די אויסלענדער. די גרעסטע פיינטשאַפט האָט ער אַרויסגעוויזן צו די רוסן און פּאָליאַקן. די רוסן האָט ער געהאַלטן פאַר ווילדע און קולטורלאָזע באַשעפענישן, און די פּאָליאַקן — פאַר בלינדע שונאים פון דייטשלאַנד.

באַלד פון אָנהייב שיכט האָט פראַנץ מיך באַלאָדן מיט כלערליי אויפ־גאַבן, אַז איך זאָל נישט קאָנען אָפּעטעמען. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פראַנץ האָט מער הנאה פון זיינע באַפעלן ווי פון מיין אויספירן די אַרבעט.

פראַנץ האָט אַלס מייסטער געהאַט צו ווייניק דערפאַרונג פאַר אַזאַ גרויסער שטרייב. זענען דעריבער געווען כסדרדיקע שטערונגען ביי דער אַרבעט: די קייט האָט זיך אָפט צעריסן צוליב איר נישט רעגלמעסיקן גאַנג אויפן דעק פון דער רוטשע; די גומי־באַנד איז טיילווייז געלאָפן פוסט, און ערטערווייז — צו פיל באַלאָדן מיט קוילן. דאָס האָט דערפירט צו אַ פאַרשטאָפּונג אינעם דורכגאַנג צו די טראַנספּאָרט־וואַגאָנדלעך און צום פּלאַצן פון די נעט אין דער לויפנדיקער גומי־באַנד.

דער שטייגער איז געקומען צו לויפן מיט ווילדע געשרייען פאַר וואָס די אַרבעט ווערט אָפט איבערגעריסן: פראַנץ האָט געפּרוווט אַרויפוואַרפן די שולד אויף די מאָטאָרן־באַדינער, וואָס האָבן נישט דערהערט צו דער צייט זיינע איבערגעשיקטע סיגנאַלן דורך דער לופט־רער, און אויף מיר — פאַר מיין נישט געהעריקער אויפמערקזאַמקייט ווען די אַרבעט איז געווען אין פולן גאַנג. דער שטייגער איז אָבער געווען אַ מבין אויף פראַנצס אומ־באַהאָלפנקייט, האָט ער זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אָנפירן מיט דער אַרבעט, ביז די שטערונגען זענען באַזייטיקט געוואָרן און די מאָטאָרן האָבן ווידער אָנגעהויבן רוישן.

פראַנץ האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם צולים דער אָבסערוואַציע פונעם שטייגער איבער אונדזערע ביידנס טעכנישע אַרבעטן. ער האָט נישט גע־האַט קיין דרייסטקייט מיר צו געבן באַפעלן. מיט די קענטענישן, וואָס איך האָב געלערנט פון אַדאָלפן, האָב איך אַליין פאָרגעזעצט די אַרבעט. ווען דער שטייגער איז אַוועק, האָט פראַנץ מיר אַריינגעשריגן אין אויער:

— ביזטו מייסטער היער, אָדער איך?

איך האָב פאַרשטאַנען זיין כעס און אים גאָרנישט געענטפערט. מיין פלייסיקע אַרבעט אין קעגנוואָרט פון שטייגער האָט געדאַרפט זיין אַן אָפּ־לייקענונג פון זיין מסירה אויף מיר, און דאָס האָט פראַנצן אויפגערעגט. ער איז ווידער געוואָרן מיין באַפעלגעבער:

— היער! היער! קערל!

— מאַך מאַל דאָס שנעלער!

די קוילנגרעבער האָבן איבערגעשיקט רופן, אַז עס פעלט זיי האָלץ צום אונטערבויען. פראַנץ האָט מיך באַפוילן שנעל אַרויפקריכן צו דעם אָרט, ווו פון דער פריערדיקער שיכט זענען געלעגן קלעצער און זיי איבער־טראַנספּאָרטירן מיט דער לויפנדיקער רוטשע צו די אַרבעטס־פּונקטן.

ווי אויף שפּיציקע פעלדזן בין איך געקראָכן איבער ברייטע שפּאַלטן באַרג־אַרויף אין חושכדיקן תהום, צווישן פּירקאַנטיקע בערגער שטיינער, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם אַראָפּגענידערטן סופיט איבער די איינ־געבויגענע און צעבראָכענע קלעצער. פון דער טיפער פינצטערניש האָבן זיך געהערט טעמפּע אָפּהילכן פון אַראָפּפאַלנדיקע שטיינער. אַ פּחד האָט מיך אַרומגענומען דערזעענדיק אין שיין פון מיין לאָמפּ די בערג שטיינערנע רוינעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דאָ וואָלט פאָרגעקומען אַן ערד־ציטער־ניש. די הילצערנע קלעצער אין די שוואַרץ־גראָע לעכער האָבן אויסגעזען ווי אויסגעטריקנטע מתים אין אָפענע קברים.

ביים אַרויסשלעפּן די קלעצער האָט מען געהערט בלויז מיינע שווערע ראַציקע טריט אין די געקאָוועטע שיך, וואָס האָבן איבערגעלאָזן די לעצטע סימנים פון אַ לעבעדיקער באַוועגונג אויף די פאַרלאָזענע בערג שטיינער.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק זענען אויף דעם אָרט נאָך געשטאַנען פאַר־שטויבטע קוילנגרעבער ביי אַ שוואַרץ־גלאַנציקער וואַנט, געריסן פון איר שטיקער און אָנגעפּילט דעם אונטערערדישן רוים מיט וואָלקנס שטויב און פאַרטויבנדיקן רעש.

נעכטן איז אויף דעם אָרט אומגעקומען דער דייטש פּיליפּס. איבער צוואַנציק יאָר האָט ער געאַרבעט ביים אויספּילן מיט שטיינער די ליידיקע רוימען נאָך די אויסגעגראָבענע קוילן־שיכטן. בעת האַלבער שיכט האָט ער

זיך אַוועקגעזעצט מיט זיינע ברויט־שניטן. אין מיטן עסן האָט זיך איינ־געבראָכן דער סופיט איבער אים און ער איז געבליבן ליגן אַ טויטער אונטערן באַרג שטיינער.

דער אָפּהילך פון די רוישיקע מאַשינען האָט מיך דערמאָנט, אַז די קוילנגרעבער וואַרטן אויף די קלעצער צום אונטערבויען. איך האָב גענומען אין איילעניש זיי צונויפזאַמלען נענטער צו דער לויפנדיקער רוטשע.

פּלוצלינג האָט פּאַר מיינע אויגן אַ שווינדל געטאָן דער בליציקער אָפּשיין פון שווערן קלאַפּ, וואָס איך האָב באַקומען אין קאָפּ. דער העלם האָט זיך מיר אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. איך האָב אויסגעשטרעקט די הענט, געזוכט אין עפּעס זיך אָנצוהאַלטן און כ׳בין אומגעפאַלן.

— — — — — — — — — —

צום באַוואוסטזיין בין איך געקומען ווען איך האָב דערפילט אַ שווי־דערנדיקע קעלט אין מיין גוף, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אין דער אַרויספאָרנדיקער ווינדע. איך האָב אָנגעכאַפּט אַ פּוס, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיין פּנים. וואַצעק האָט זיך ראַפּטעם אַראָפּגעבויגן און געזאָגט צו מיר מיט אַ דערשראָקענער שטים:

— סטאַכו, זשיעש (לעבסט)? איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין טויט!

אין דער גיכע־הילף־סטאַציע האָט דער סאַניטאַר, נאָכן איינשמירן מיט יאָד מיין צעראַצטן שטערן, געשריבן אַ פּראָטאָקאָל. וואַצעק האָט אים דער־ציילט, אַז מען האָט מיך געפונען ליגן באַוווסטלאָז צוליב אַ שטיק שטיין וואָס איז מיר געפאַלן אין קאָפּ. דער דאָקטער האָט מיר אויסגעשריבן אַ קראַנקן־שיין: דריי טעג ליגן אין בעט און נישט באַוועגן מיטן קאָפּ.

מיין קראַנקן־צעטל האָט דעם סאַניטאַר פאַרשאַפט איבעריקע זאָרג. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר. דער דאָקטער האָט זיך אָפּ־געזאָגט מיך צו שיקן אין שטאָטישן שפּיטאָל, און אין לאַגער־שפּיטאָל איז נישט געווען קיין פריי בעט צוליב די כסדרדיקע פאַרפאַלן ביי דער אַרבעט. דער סאַניטאַר האָט מיך געהייסן גיין זיך לייגן אין מיין בעט אויף די דריי טעג.

אויפֿן צווייטן טאָג איז יאַנעק געקומען אין באַראַק כּדי זיך צו דער־וויסן וועגן מיין געזונט־צושטאַנד. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך דאָך אַריינגעמען אין לאַגער־שפּיטאָל, ווייל מיר איז שווער צו פֿאַרטראָגן דעם רעש אין באַראַק. דער סאַניטאַר האָט אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער אויף אַ פּאַפּירל און דאָס אויפֿגעקלעפּט אויפֿן ווענטל פֿון מיין בעט.

— איצט וועלן דיינע שכנים דיך לאָזן ליגן רויק — האָט יאַנעק מיר פֿאַרזיכערט און איז אַרויס פֿון באַראַק.

פּיאָטר האָט דער ערשטער דערזען דאָס צעטל אויף מיין בעט. ער איז צוגעקומען, געגלאָצט מיט די אויגן און ער האָט צוגערופֿן וואָזשניאַקן:

— אפֿשר וועסט דו קענען איבערלייענען וואָס דער סאַניטאַר האָט דאָ אָנגעמאַזשעט?

וואָזשניאַק האָט גענומען לייענען אויפֿן קול:

איך בעט אַלע שכנים נישט צו מאַכן קיין טומל אַרום סטאַניסלאַווס בעט, ווייל ער מוז רויק ליגן דריי טעג נאָכן פֿאָרפֿאַל ביי דער אַרבעט. צוליב דער גרויסער צאָל פֿאַרוווּנדעטע איז אין לאַגער־שפּיטאָל נישט גע־ווען פֿאַר אים קיין אָרט — סאַניטאַר יאַנעק.

בעת וואָזשניאַקס לייענען זענען צוגעקומען נאָך שכנים. יעדער איינער האָט, אָנקוקנדיק דאָס צעטל, געכאַפּט אַ בליק אויף מיין בעט.

— יאַנעק האָט זיך אויסגעלערנט די דייטשישע שטיק. ער האָט אים געדאַרפֿט בעסער אַוועקלייגן אין קאָרידאָר פֿון שפּיטאָל איידער דאָ אין באַראַק.

— אין קאָרידאָר? דאָס וואָלט אים געשטערט צו זיין ברייטן גאַנג מיטן ווייסן כאַלאַט.

— און וואָס וועט זיין, אַז עס וועלן צוקומען נאָך פֿאַרוווּנדעטע? וועט מען זיי אויסלייגן אין די באַראַקן?

— ברודערקע! אַז דו טויגסט נישט צו דער אַרבעט, גייסטו אויף שמעלץ און מען מעג דיך וואַרפֿן ווו עס לאָזט זיך.

— כלאָפּאַקי! — האָט פּיאָטר אַ געשריי געטאָן — איר זענט טאַקע גערעכט, אָבער סטאַניסלאַוון לאָזט ליגן רויק, ער איז דאָך קראַנק.

וואָזשניאַק איז צוגעגאַנגען צו פּיאָטערן און אים געוויזן מיטן פינגער צו דער טיר.

— גיי מעלדן יאַנעקן דעם סאַניטאַר, אַז ער זאָל פאַרשליסן אונדזערע מיילער, באַקלאַפּן די שיך מיט גומענע זוילן, אויסלייגן אַ ווייכן דיוואַן אויף דער פּאָדלאָגע און מען זאָל אונדז געבן געדיכטע קאַשע־זופּ, כּדי מען זאָל נישט דאַרפן אַלע פּאָר מינוט לויפן אין קלאָזעט...

וואַצעק איז אַריין אין באַראַק מיט אַ שיסל זופּ. ער האָט מיך איבער־געוועקט מיט אַ טרייסל ביים אַקסל, אַז דאָס בעט האָט זיך אַ וויג געטאָן:

— נעם, סטאַניסלאַוו, עס דיין מיטאָג!

אין דעם מאָמענט האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו באַלעקן.

סטאַניסלאַוו באַיאַרסקי, אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, האָט געשטאַמט פון זאַגלעמביע. פאַר דער מלחמה האָט ער מיט זיין פאָטער צוזאַמען געאַרבעט אין אַ נאַפט־גרובן. אין לאַגער האָט מען אים געקענט מיט זיין נישט סימפּאַטישן אויסזען און צעקראָכענעם גאַנג. ער האָט געהאַט אַן אויסגעצויגן פּנים מיט אַ שפּיציקער גאָמבע און די גראָבע נאָז מיט די אַרויסגעזעצטע אויגן האָט ער תּמיד געהאַלטן אַראָפּ צו דער ערד, ווי אַ פערד אין שפּאַן. אין לאַגער האָט מען אים פיינט געהאַט, זיינע שכנים האָבן אים נישט געקענט פאַרטראָגן און אויסגעדריקט זייער אַנטיפּאַטיע צו אים מיט רופן אים „גאַרבאַטי זשיד".

באַיאַרסקי האָט פון דעם שטאַרק געליטן. ער האָט זיך איבערגעצויגן פון איין באַראַק אין צווייטן, און אין ערגעץ נישט געקענט זיך איינלעבן מיט זיינע שכנים.

אין לאַגער האָט מען געוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ האָט געפאָרשט באַ־יאַרסקיס דאָקומענטן און פעסטגעשטעלט, אַז ער איז אַ ריינער אַריער. אויך די אַלע, וואָס האָבן זיך מיט אים געבאָדן, האָבן געוווּסט, אַז ער איז נישט קיין ייִד, און דאָך איז די באַציִונג צו אים נישט בעסער געוואָרן.

פון אָנהייב האָט באַיאַרסקי פאַרטיידיקט זיין כּבוד מיט אָפּענטפערן שאַרף. ווען דאָס האָט נישט געווירקט, האָט ער ביים אָנרופן אים „גאַר־

באַטי זשיד״ געגעבן קלעפּ. דאָס לעצטע מאָל איז צוליב דעם אויסגעבראָכן אַ קריגעריי מיט אַ געשלעג צווישן אים און זיינע שכנים. אַ וואַכמאַן האָט באַיאַרסקין געבערענגט צו פירן מיט זיינע זאַכן צו אונדז אין באַראַק און געהייסן אים פאַרנעמען דאָס בעט, אויף וועלכן באַלעק איז פריער גע־שלאָפן. דערביי האָט דער וואַכמאַן געוואָרנט, אַז די, וואָס וועלן שטערן זיין רו, וועלן באַשטראָפט ווערן.

וואַצעק און איך זענען אַזוי אַרום געוואָרן באַיאַרסקיס נאָענטסטע שכנים. וואַצעק האָט תיכף געוואָרפן אויף אים אַן אומחן און פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל זיך מיט אים נישט חברן און נישט רעדן צו אים. און באַיאַרסקי האָט זיך גראָד גוט דערפילט אויף באַלעקס בעט; ער איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ מער היימישער און ער האָט געזוכט מיין שכנישע פריינדשאַפט מיט אַ געשענקטן פּאַפּיראָס און מיט אַ גוט וואָרט.

וואַצעק האָט דערפאַר אָנגעהויבן צו קוקן קרום אויף מיר. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן וואָס איך ענטפער באַיאַרסקין אויף אַלע זיינע שאלות און איך רויכער מיט אים צוזאַמען. מיך האָט אָנגעהויבן פאַרדריסן וואַצעקס חוצפּה, זיין אינטריגירן די שכנים קעגן מיר מיט באַיאַרסקין. איין מאָל, גייענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך אים געפרעגט פאַר וואָס ער שיקאַנירט באַיאַרסקין. וואַצעק האָט זיך אויפגערעגט. ער האָט איינגעהאַלטן זיין גאַנג און מיך געמוסרט:

— דו, סטאַניסלאַוו, קענסט נישט פאַרטראָגן דעם נאָמען „זשיד״, און אים, דעם עקלדיקן ייד, האַלסטו פאַרן בעסטן שכן. פון אַלע באַראַקן האָט מען אים פאַריאָגט, ווי אַ קרעציקן הונט...

— וואַצעק — האָב איך אים געפּרוווט איבערצייגן — זעסט דאָך, אַז ער איז באמת אַ גוטער שכן. ער וויל לעבן בשלום מיט אַלע שכנים, ער איז אָרנטלעך און דערצו אַ פרומער קאַטאָליק. וואָס איז ער שולדיק אויב ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַזאַ אויסזען?

— זאָל ער גיין צום טייוול! — האָט וואַצעק אָנגעהויבן גיין מיט האַסטיקע טריט — איך קען נישט פאַרטראָגן זיין געפּאַלנקייט. ער איז נישט אַזאַ גוטער, ווי דו מיינסט. ער איז נאָר אונטערטעניק און נאָכגי־ביק ווי אַ ייד, ווייל ער האָט מורא, אַז מיר זאָלן זיך נישט טשעפּען צו אים.

— צי מוזסטו, וואַצעק, זיין פֿאַר אים דער ערגסטער פֿון אַלע שכנים?
— סטאַניסלאַוו, לערן מיך נישט! איך קען נישט פֿאַרטראָגן זיין הויקער, זיין פֿערדיש אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אויב ער איז אַליין נישט קיין ייד, שטאַמט ער זיכער פֿון יידן!
— ווען באַיאַרסקי וואָלט געשטאַמט פֿון יידן, וואָלט ער איצט געווען ערגעץ אַנדערש...
— מיך גייט דאָס נישט אָן. מיך אינטערעסירט נאָר איינס — איך וויל אים נישט האָבן פֿאַר קיין שכן.
— טאָ וואַרף אים אַרויס! איך לאָז דיך נישט?
— ער וועט טאַקע לאַנג נישט וווינען מיט אונדז צוזאַמען. איך פֿאַרזיכער דיר!

איין מאָל איז באַיאַרסקי צוריקגעקומען פֿון קוילנגרובן און דערזען אויף זיין בעט אַ פֿרעמדן קאָץ. זיינער איז געווען ריין אין גאַנץ, און דער פֿאַרטוישטער קאָץ — געלעכערט און מיט אַ שלעכטן ריח. פֿאַר וועלכן שכן אין באַראַק ער האָט זיך פֿאַרקלאָגט, האָט יענער אים אויסגעלאַכט אָדער באַפֿאַלן מיט זידלווערטער. באַיאַרסקי איז דאַן אַוועק אין דער וואַך־שטובע זיך פֿאַרקלאָגן אויף זיינע שכנים.

אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי וואַכלייט איז באַיאַרסקי צוריקגעקומען און אָנגעהויבן גיין פֿון בעט צו בעט זוכן זיין קאָץ. די שכנים זענען נאָכגעגאַנגען אויפֿגערעגטע און צוגעוואָרפֿן אים שטעכווערטלעך. פֿון איין בעט האָט באַיאַרסקי אַראָפּגעשלעפּט דעם קאָץ און אויסגערופֿן, אַז ער איז זיינער.
— מיט וואָס דערקענסטו, אַז דער קאָץ איז דיינער? — האָט געוואָלט וויסן דער וואַכמאַן.
— אין דעם אָ סימן — האָט באַיאַרסקי אָנגעשטעלט אַ פֿינגער אויפֿן עק פֿון קאָץ.
— ווילסט קריגן אין מאָרדע אַריין? — האָט זיגמונט זיך פֿאַרמאָסטן קעגן באַיאַרסקין — דער קאָץ איז מיינער, דו פֿערדישער קאָפּ!
די צוויי וואַכלייט האָבן זיך גוט איינגעקוקט אין עק פֿון קאָץ ווו מיט רויטן פֿאָדעם איז געווען אויסגענייט אַ "S".
זיגמונט האָט געציטערט פֿון אויפֿרעגונג:

— דעם צייכן האָב איך דאָך געמאַכט פאַר זיך!

באַיאַרסקי האָט געצויגן דעם קאָץ פון זיגמונטס הענט און זיך גע־בייזערט:

— מיט כוח ווילסטו אַוועקנעמען מיין קאָץ?

— דיין קאָץ?

— יאָ, מיינער!

זיגמונט האָט אויסגעצויגן אַנטקעגן באַיאַרסקיס פּנים זיין האַנט מיט צוויי שטייפע פינגער ווי דורכצושטעכן זיינע אויגן. אַ וואַכמאַן האָט אַראָפּ־געקלאַפּט זיגמונטס האַנט און געוואָלט דערגיין פאַר וואָס ביידע פאַררופן זיך אויפן זעלבן צייכן.

— ווייל דער S — האָט באַיאַרסקי געגעבן צו פאַרשטיין דעם וואַכ־מאַן — מיינט מיין נאָמען סטאַניסלאַוו.

— אַ ליגן! דער S באַדייט סטאַשינסקי, מיין פאַמיליע־נאָמען.

די וואַכלייט האָבן געלאַכט.

— פּאַניע וואַכמאַן — האָט באַיאַרסקי זיך דערמאָנט — איך האָב נאָך אַ סימן: אין דער מיט פון קאָץ דאַרף זיין אַן אויסגעברענט לאָך פון פּאַפּיראָס.

זיגמונט האָט אַרויסגעריסן דעם קאָץ פון באַיאַרסקיס הענט און זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן הינטן:

— אָט האָסטו דעם אויסגעברענטן לאָך...

די אַרומיקע האָבן באַיאַרסקין אויסגעלאַכט:

— יידישע נאָז...

— טראָג זיך אַרויס פון דאַנען.

די וואַכלייט האָבן באַפוילן זיך איינצושטילן. אַ פאַרשעמטער איז באַיאַרסקי אַרויפגעקראָכן אויף זיין אויבערשטן בעט און קיינעם נישט געוואָלט אָנקוקן.

דער אַלטער פּיאָטר איז צוריקגעקומען פון מיטאָג און אויסגעשריגן צו אַלע אין באַראַק:

— כלאָפּצי, סענסאַציאַ! מיר פאָרן קיין פראַנקרייך!

די שכנים האָבן אַרומגערינגלט פּיאָטרן און געוואָלט פון אים דערגיין ווו ער ער האָט זיך דערוווּסט אַזאַ וויכטיקע נייעס.

— יאַק באָגאַ קאָכאַם — האָט פּיאָטר זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער ברוסט — זבישעק האָט אויפגעהאָנגען אַ גרויסן פּלאַקאַט אויף דער וואַנט. גייט און זעט, צי איך זאָג אייך אַ ליגן.

ביים אַריינגאַנג אין עס־באַראַק איז געשטאַנען אַ צונויפגעדריקטע מאַסע לאַגעריסטן מיט פּאַרריסענע פּנימער צו דער וואַנט. דאָרט איז געהאָנגען אַ נייער פּלאַקאַט מיט גרויסע פּוילישע אותיות:

„צו אַלע לאַגער־איינוווינער אויף לייטען־שטראַסע נומער 2.

יעדער איינער פון אייך, וואָס וועט פרייוויליק זיך מעלדן צו פאָרן קיין פראַנקרייך גראָבן אָקאָפּעס, וועט גלייך באַפרייט פון דער אַרבעט אין קוילנגרובן. גוטע לעבנס־באַדינגונגען זענען געזיכערט. איינשרייבן זיך קען מען אין ביוראָ־צימער פון לאַגער־פירער".

אין באַראַק האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע, צי לוינט זיך צו גיין איינמעלדן אָדער נישט. אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז וואָס נעענטער צום פראָנט, אַלץ בעסערע זענען די אויסזיכטן שנעלער באַפרייט צו ווערן. אַנדערע ווידער האָבן אויסגעדריקט זייער חשד צו די דייטשישע כוונות. די מער רייפערע זענען געווען קעגן, זיי האָבן נישט געוואָלט זיין קיין קרבנות פאַר די דייטשישע קריגס־צילן. זייער מיינונג האָט אַלעמען באַאיינפלוסט און קיינער איז נישט געגאַנגען זיך מעלדן.

באַיאַרסקי האָט מיך פאַרהאַלטן ביי זיין בעט און געפרעגט:

— סטאַניסלאַוו, דיין מיינונג האָב איך נישט געהערט. צי איז גלייכער פאָרן גראָבן אָקאָפּעס, ווי צו אַרבעטן אין קוילנגרובן?

— זאָל יעדער טאָן לויט זיין פאַרשטאַנד. איך קען קיינעם נישט געבן קיין עצה.

— איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן. דאָרט, הינטערן פראָנט, וועט מיר זיין בעסער, ווי דאָ צווישן די כאַמעס.

— טאָ נאָך וואָס פרעגסטו מיך?

— סטאַניסלאַוו, לאָמיר ביידע צוזאַמען גיין זיך מעלדן.

— איך נישט.

— סטאַניסלאַוו, באַקלער זיך גוט. דאָרט וועט דיר נישט זיין ערגער ווי אין קוילנגרובן.

— מיך לאָז געמאַך. נאָכן קלאַפּ אין קאָפּ האָב איך פאַרלוירן אַ סך כוח און געזונט.

צו מאָרגנס, נאָכן אומקערן זיך פון קוילנגרובן, האָב איך געטראָפן באַיאַרסקיס בעט ליידיק, מיט אַ נאַקעטן שטרויזאַק. אויך זיין שאַפקע איז געווען אָפן און לער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז באַיאַרסקי איז אַוועקגעפאָרן קיין פראַנקרייך.

אַן אָפּגענוצטע ווינטערדיקע קורטקע, וואָס באַיאַרסקי האָט איבער־געלאָזט אונטער זיין שטרויזאַק, האָט וואַצעק צוגענומען פאַר זיך און זי אַריינגעלייגט אין זיין שאַפקע. די שכנים האָט דאָס פאַרדראָסן און זיי האָבן אָנגעהויבן מורמלען צווישן זיך פאַר וואָס וואַצעק האָט צוגענומען אַ מלבוש, וואָס געהער נישט צו אים. זיי האָבן אים אָנגערופן שמאַטע־קלויבער. וואַצעק האָט זיך באַליידיקט. ער האָט אַרויסגענומען די קורטקע און זי אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד. אַ שכן האָט די קורטקע אויפגעהויבן, צעלייגט אויפן טיש און געזאָגט, אַז די שמאַטע איז נישט ווערט מען זאָל וועגן איר רעדן.

וואָזשניאַק האָט געפונען אַן עצה וואָס צו טאָן מיט דער קורטקע. ער האָט פאָרגעלייגט זי צו צעטרענען און יעדער זאָל זיך נעמען אַ שטיק אויף צום פּוצן די שיך. אַלע האָבן מסכים געווען.

וואָזשניאַק האָט אַ טרען־אויף געטאָן דעם אונטערשלאַק און אַרויס־געלאָזט אַ ווילדן געשריי. אַלע זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַרום טיש און מיט גרויס פאַרוווּנדערונג געקוקט אויף וואָזשניאַקן. ער האָט געהאַלטן פאַרן עק אַ פוטערן קעלנערל, וואָס האָט אויסגעזען מיט די פיר פּיסלעך און די גלעזערנע אייגעלעך, ווי אַ לעבעדיק חיהלע.

מיט זיין טאַשן־מעסערל האָט וואָזשניאַק איבערגעשניטן די פעדעם, מיט וועלכע דאָס קעלנערל איז געווען צוגענייט צו דער וואַטע און מיט פרייד אויסגערופן, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן אַהיים, וועט ער דאָס קעלנערל שענקען אַ מתנה זיין ווייב.

וואָזשניאַק האָט געמאַכט פאַרשידענע קונצן מיטן פוטערנעם קעלנערל.

ער איז געשפרונגען דערמיט, פארלייגט עס אויפן האַלדז און זיך געדרייט ווי אַ שפּאַצירנדיקע דאַמע, פאַרשטעקט עס אונטערן העמד און געלאָזט אונטער דער גאָמבע דאָס קעפּל מיט די צוויי פּאָדערשטע פיסלעך. אַלע האָבן געהירזשעט. בלויז דער רויטער יאַן איז געשטאַנען ערנסט. אים איז עפּעס דאָ נישט קלאָר געווען:

— כלאָפּצי, זאָגט מיר, פון וואַנען דערנעמט זיך אונטערן אונטערשלאַק אַזאַ פוטערן קעלנערל?

— די יידן האָבן אויסבאַהאַלטן אין זייערע מלבושים גאָלד און דאָ־לאַרן — האָט אים באַגדאַן געענטפערט.

— דאָס פאַרשטיי איך, אָבער אַ פוטערן קעלנערל? דער ייִד האָט געמוזט זיין אַ משוגענער.

— איך וויים פאַר וואָס דו ווונדערסט זיך — האָט וואָזשניאַק זיך אָנ־גערופן — אין דיין פויזנער שטעטל האָסטו נישט געזען ווי אַזוי די דייטשן האָבן ביי די יידן צוגענומען אַלע פוטערנע מלבושים און פעלצן. דער ייִד איז שוין דווקא נישט געווען קיין משוגענער, אויב ער האָט אַזוי קונציק געקענט אויסבאַהאַלטן דאָס קעלנערל, אַז עס זאָל בלייבן ביי מיר, און נישט ביי די דייטשן.

— ווער האָט געזאָגט, אַז דאָס קעלנערל געהערט צו דיר? — האָט זיך דערהערט וואַצעקס קול.

— צו וועמען דען געהערט עס? — האָט וואָזשניאַק פאַרריסן זיין פּנים.

— די קורטקע איז געלעגן אין מיין שאַפקע.

— דו האָסט זי דאָך פריער אַרויסגעוואָרפן!

— וויל איך זי צוריק — האָט וואַצעק געשריגן און דורכגעשטופּט זיך נענטער צום טיש.

— מיינסט דאָך דאָס קעלנערל, נישט די צעריסענע קורטקע — האָט לעאָן געזאָגט און אַ ווינק געטאָן צו וואָזשניאַקן.

— זיכער! — האָט וואַצעק אויסגערופן.

וואָזשניאַק האָט שנעל אָפּגעריסן פון דער קורטקע אַ שטיק וואַטע און אויספּאָרמירט דערפון אַ חיהלע מיט אַ קעפּל, פיסלעך און אַ ווידל. ער

האָט עס אַוועקגעלייגט אויף זיין האַנטפלאַך און דאָס דערלאַנגט וואַצעקן:

— נאַ דיר דאָס קעלנערל...

אַלע האָבן זיך געבויגן פון געלעכטער און וואַצעק האָט מיט כעס אָפּגעשטופּט וואָזשניאַקס האַנט.

— ווילסט נישט דאָס קעלנערל?

וואָזשניאַק האָט אַ כאַפּ געטאָן די צעטרענטע קורטקע און זי אָנגעטאָן אויף וואַצעקס קאָפּ. אַ פאַרשעמטער און בייזער איז וואַצעק אַרויס פון באַראַק.

קיינעם האָט נישט געאַרט וואַצעקס אַוועקגיין. וואָזשניאַק גופא האָט געקריגן נאָך מער מוט און אַלעמען געוויילט מיט זיינע פריילעכע שטיק־לעך. ער האָט געפּירט דאָס קעלנערל איבערן טיש און איבער זיין ברוסט, ווי עס וואָלט געווען אַ לעבעדיק חיהלע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז וואָזשניאַק געבליבן שטיין ביי זיין צע־עפנטער שאַפקע און זיך גענומען וואָרפן פון אויפרעגונג. דאָס קעלנערל איז געלעגן ווי אַ דערהרגעט חיהלע מיט אַ צעעפנט בייכל, אָן דעם קעפל און מיט אָפּגעשניטענע פיסלעך. ער האָט נישט געוווסט צו וועמען אויס־צולאָזן דעם כעס, איז ער ברוגז געוואָרן מיט אַלע שכנים און זיך איבער־געקליבן אין אַן אַנדערן באַראַק. אין זיין אויסגעליידיקטער שאַפקע האָט וואָזשניאַק געלאָזט ליגן די שטיקלעך פוטער פון צעריסענעם קעלנערל. די שכנים האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביי דער שאַפקע.

— דאָס איז זיכער וואַצעקס אַרבעט — האָט לעאָן געזאָגט — אין זיין מאַמען אַריין! ער האָט אים פאַרטריבן פון אונדזער באַראַק.

— און וואָס מיינט איר — האָט זיך אָנגערופן באַגדאַן — אַז באַיאַרסקי איז נישט אַנטלאָפן פון דאַנען און געהרגעט געוואָרן אויפן פראָנט נאָר צוליב וואַצעקן?

— נאַראָנים — האָט זיך אַריינגעמישט דער אַלטער פּיאָטר — וואַצעק איז נישט שולדיק. מלחמה איז מלחמה. די דייטשן האָבן דערהר־געט דעם ייד פון דער קורטקע, פּאָליאַקן האָבן דערהרגעט דאָס חיהלע, די אַמעריקאַנער האָבן דערהרגעט באַיאַרסקין, און וואָזשניאַק וויל אונדז אַלע דערהרגענען... „יאַק וואָינאַ, טאָ וואָינאַ“...

אויפֿן בעט ווו באַלעק איז אַ מאָל געשלאָפֿן, האָב איך ווידער דערזען אַ גלייך אויסגעשפּרייטן קאָץ אָן קנייטשן; אויפֿן טירל פֿון דער שאַפֿקע איז געהאָנגען אַ שלעסל. ווער עס איז מיין נייער שכן האָב איך נאָך נישט געוווּסט צוליב די פֿאַרשידענע אַרבעטס־שיכטן. ערשט אין אַ זונטיק, ווען אַלע זענען געבליבן אין באַראַק, האָב איך זיך באַקענט מיט זיגמונטן — אַ הויכוווּקסיקער בחור פֿון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ העל־בלאָנדן קאָפּ האָר, טונקל־בלויע אויגן און אַ מילד לענגלעך פּנים. גערעדט האָט ער אַנשטענדיק און געלאַסן.

מיט זיין שטילער אויפֿפֿירונג האָט זיגמונט מיך געמאַכט נייגעריק אים נענטער צו דערקענען. זיגמונט האָט גערן אויפֿגענומען מיין דער־נענטערן זיך צו אים, און ער האָט אין מיר געפֿונען אַ גוטן שכן. דער אונ־טערשיד אין אונדזער עלטער האָט נישט געשטערט, אַז מיר זאָלן ווערן צווישן זיך גלייכע חברים.

זיגמונטן איז שווער געווען זיך צוצוגעוווינען צום לאַגער־לעבן און צו די אַרבעטס־באַדינגונגען אין קוילנגרובן און דערפֿאַר האָט ער געהאַט אַ באַדערפֿעניש צו פֿאַרהיימישן זיך מיט עמעצן און זיך אויסרעדן פֿאַר אים.

ביי זיין יונגן עלטער האָט זיגמונט שוין געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ סך שווערע איבערלעבונגען. ער איז נאָך געווען אַ גימנאַזיסט ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. זיין פֿאָטער, אַן אָפֿיציר פֿון פּוילישן לופֿט־פֿלאָט, איז נאָך דער מפּלה אין 1939 אַנטלאָפֿן קיין ענגלאַנד. זיגמונט איז געבליבן מיט זיין מוטער, אַ געוועזענע לערערין. ווי אַ סך אַנדערע פּאָליאַקן האָט מען אים אַרויסגעפֿירט קיין דייטשלאַנד און ער האָט געאַרבעט אַלס פֿאַראַבעק ביי אַ פּויער אין ריינלאַנד.

זיגמונט, דער שלאַנקער בלאָנדער בחור, האָט געפֿונען חן אין די אויגן פֿון פּויערס טאָכטער. איין מאָל האָט דער דייטש געטראָפֿן זיגמונטן ביים פֿאַרברענגען מיט זיין טאָכטער. זיגמונט איז דערפֿאַר איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ.

אויפֿן פּראָצעס קעגן אים האָט זיגמונט געלייקנט, אַז ער זאָל האָבן געהאַט וועלכע עס איז אינטימע באַציונגען מיטן פּויערס טאָכטער. ער

האָט איבערגעטראָגן אַלע פּייניקונגען און זיך נישט מודה געווען אין דער שולד.

די יונגע דייטשקע האָט געוווּסט, אַז זיגמונטן דראָט די תּליה און אַז איר אַליין דערוואַרט אויך אַ שטראָף, האָט זי געלייקנט. און אַזוי האָט זי זיגמונטן אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

נאָכן באַפרייט ווערן, איז זיגמונט איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ קליין וועסטפּאַליש שטעטל, ווו ער איז אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ בעקע־ריי. דאָרט האָט שוין פון פריער געאַרבעט נאָך אַ פּאָליאַק.ביידע האָבן אָפּט צווישן זיך געפירט שטילע געשפּרעכן, וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין פאַרדעכטיקט ביים דייטשישן בעקער־אייגנטימער. אין איינעם אַ טאָג איז צו דער בעקעריי פאַרפאָרן אַ פּאָליצייאיש קעטשל און ביידע פּאָליאַקן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער זשאַנדאַרמעריע.

דאָס מאָל איז זיגמונט צוזאַמען מיט זיין חבר באַשולדיקט געוואָרן אין ווען פאַרסמען דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן געבאַקן. דער דייטש זאָל האָבן אונטערגעהערט דעם צוגעגרייטן פּלאַן. ביידע פּאָליאַקן האָבן עקשנותדיק אָפּגעלייקנט די באַשולדיקונג קעגן זיי, אָבער דאָס דייטשישע געריכט האָט זיי אָנערקענט פאַר שולדיק אין צוגרייטן אַ מאַסנמאָרד־פּלאַן. זיגמונט מיט זיין חבר זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען.

נאָך עטלעכע טעג זיצן פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערן קאַרצער, האָבן זשאַנדאַרן אַרויסגעפירט ביידע פּאָליאַקן אויף אַ ספּאָרט־פּלאַץ. דער פּאָליצייאישער אויטאָ איז געבליבן שטיין ביי אַ תּליה מיט אַ נאָכהענ־גענדיקער שטריק. דאָס שוואַרצע טיכל איבערן פּנים האָט פאַר זיגמונטס אויגן איבערגעריסן דאָס גרויליקע בילד פון אָנקומענדיקן טויט. ער האָט נאָר געפילט, ווי דער אויטאָ האָט זיך אַ שאָקל געטאָן ביים עפענען די קלאַפּע און זיין חבר איז געוואָרן אָפּגעטיילט פון די קייטן וואָס האָט זיי ביידע געהאַלטן צוזאַמענגעשלאָסן.

מיט געבראָכענע טריט איז זיגמונט געגאַנגען ווען מען האָט אים גענומען אונטער די הענט. אין דעם מאָמענט האָט ער גאָרנישט געקענט טראַכטן. ער האָט דערשפּירט די פּעטליע אַרום זיין האַלדז. באַלד וועט

דער אויטאָ אַ ריר טאָן און ער וועט בלייבן הענגען אויף דער שטריק. אָבער דער טויט איז נישט געקומען. זיגמונט איז נאָך אַלץ אַזוי געשטאַנען אויפן ראַנד פון אויטאָ מיט אַ לויזער שטריק אַרום זיין האַלדז. פּלוצלינג האָט ער דערפילט ווי פון זיינע הענט און פיס נעמט מען אַראָפּ די קייטן. זיין האַלדז איז פריי געוואָרן פון דער פּעטליע און פון זיינע אויגן איז אַראָפּגעפאַלן דאָס שוואַרצע טיכל. ביידע פּאַליאַקן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט משוגענע בליקן...

ווי לאַנג די שפּיל מיטן טויט האָט געדויערט, האָט זיגמונט נישט געדענקט. אין דער זשאַנדאַרמעריע, ווו דער אויטאָ האָט זיי צוריקגע־בראַכט, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אין דער לעצטער רגע איז אָנגעקו־מען אַ באַפעל נישט אויסצופירן דעם טויט־אורטייל.

אויפן צווייטן טאָג נאָך אָט דער איבערלעבונג איז זיגמונט שוין געשלאָפן אויף באַלעקס בעט.

די אַרבעט אין קוילנגרובן איז זיגמונטן אָנגעקומען שווער. יעדן טאָג איז ער צוריקגעקומען מיט וווּנדן אויף די הענט און פיס. דאָס ערשטע מאָל האָט ער פאַרזוכט דעם ווייטיקלעכן טעם פון הונגער. צום מיינסטן האָט זיגמונט געליטן ווען דער דייטש, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געאַרבעט, האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיינע ברויט־שניטן און זיגמונט איז געזעסן און געקוקט ווי יענער עסט.

— זאָג מיר, סטאַניסלאַוו, ווי אַזוי קענסטו אויסהאַלטן מיט דעם עסן, וואָס דו קריגסט אין לאַגער?

— זעסט דאָך, זיגמונט, אַזוי לעב איך שוין באַלד צוויי יאָר.

זיגמונט איז געבליבן זיצן אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט געמיינט, אַז איך וועל אים אַנטדעקן אַ סוד ווי אַזוי מען קאָן מיט ווייניק עסן נישט זיין הונגעריק.

איין מאָל איז זיגמונט געקומען פון דער אַרבעט מיט אַ געשוואָלענער נאָז און אַ צעהאַקטער ליפּ פון די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען פון אַ דייטש. ער האָט דערציילט די מעשה, ווי אַזוי דאָס איז געשען. ביים שעפּן די קוילן איז אים די לאָפּאַטע צעבראָכן געוואָרן און ער איז געגאַנגען

זוכן אַ צווייטע. אויפן וועג האָט ער דערזען ליגן אַ רעקל. זיגמונט האָט דעם בגד גענומען אין די הענט און פון אַ טאַש אַרויסגעצויגן אַ פּעקל. נישט זעענדיק קיינעם אַרום זיך, האָט ער אויסגעלאָשן די לאָמפּ און גענומען שלינגען. פּלוצלינג האָט אויף אים אַ שיין געטאָן ליכט. זיג־מונט האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן מיטן ביסן אין מויל. עמעצער איז אים נאָכגעלאָפן און געכאַפּט.

— פערפלוכטער פּאָלע! וואַרום האַסטו געשטאָלן מיין בראָט,

— איך האַבע הונגער — האָט זיגמונט קוים אַרויסגערעדט מיטן פאַרשטיקטן ביסן אין האַלדז.

— היר האַסטו! ווּעסטו מער נישט בראָוכען פרעסען!

דער דייטש איז צוריקגעקראָכן אויף זיין אָרט. זיגמונט האָט זיך אָפּגעווישט דאָס בלוט פון מויל און אויפגעגעסן דאָס לעצטע שטיקל ברויט, וואָס איז געבליבן שטעקן אין זיין פאַרקוועטשטער האַנט.

— זיי פאָרזיכטיק, זיגמונט — האָב איך אים געוואָרנט — אַז דו זאָלסט ווידער נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

— אָבער מיר איז דאָך שווער אַרומצוגיין כסדר אַ הונגעריקער — איז זיגמונט ביים געוואָרן אויף זיך אַליין.

ווי לאַנג וועט ער נאָך אַזוי ליידן? אָן ענטפער אויף דער פראַגע האָט זיגמונט געזוכט אין די פאַרשטויבטע צייטונגען, וואָס די דייטשן האָבן אַוועקגעוואָרפן נאָכן עסן. ער האָט זיי אָפּגערייניקט און געלייענט נאָך דער אַרבעט. אַזוי אַרום האָט זיגמונט געפונען אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט און זיך גוט אָריענטירט אין גאַנג פון דער מלחמה. פון אים האָבן זיך די שכנים דערוווּסט די טאָג־נייעסן פון די פראָנטן. זיגמונט איז געווען דער ערשטער אָנזאָגער, אַז פאַריז איז געפאַלן. פון אונדזער באַראַק איז די דאָזיקע נייעס זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבערן גאַנצן לאַגער.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

אין מיטן נאַכט האָט מיך געוועקט אַ וואַכמאַן. ער האָט מיר געהייסן זיך שנעל אָנטאָן און גיין צו דער אַרבעט. האַנס איז געשטאַנען און געוואַרט ביז איך האָב זיך אָנגעטאָן. ער האָט גאָרנישט געוווּסט מיר צו זאָגן פאַר וואָס מען וועקט מיך צוויי שעה פאַר דער מאָרגן־שיכט.

ביים אַריינגאַנג צו דער שאַכט האָב איך געטראָפן אַדאָלפן. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז בעת דער נאַכט־שיכט איז אין אונדזער שטרייב געשען אַן איינברוך. ער איז אַלאַרמירט געוואָרן דורכן שטייגער גלייך צו קומען אין קוילנגרובן, און ער, אַדאָלף, האָט דורכן טעלעפאָן מיך אַרויסגעפאָדערט פון לאַגער. דער שטייגער, האָט ער מיר געזאָגט, איז שוין אַראָפּגעפאָרן מיט דער ווינדע. אַדאָלף האָט מיר געגעבן צייט ביז ער וועט אויסרויכערן זיין סיגאַרעט. דאַן דאַרף איך שוין זיין איבער־געטאָן אין די אַרבעטס־קליידער.

ביי די ערשטע טריט צו דער ווינדע האָב איך שוין דערפילט דעם סכנותפולן וועג. איך האָב אָבער נישט געטאָרט אַרויסווייזן קיין שפּור פון פּחד, זעענדיק אַדאָלפס אומגעדולדיקייט וואָס שנעלער אָנצוקומען אויפן אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע.

ביים אַרויסגיין פון דער ווינדע איז פון די פינצטערע קאָרידאָרן אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ צוג. אַדאָלף האָט געוואַרט ביז דער לאָקאָ־מאָטיוו האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון די פּאָר ליידיקע וואַגאָנדלעך האָבן אַרויסגעקוקט שוואַרצע פּנימער מיט באַנדאַזשירטע קעפּ. אין וואַגאָנדל, ווו עס זענען געלעגן צוויי טויטע, איז שנעל געוואָרן איבערגעוועקסלט אויף אַנדערע רעלסן, וואָס האָבן געפירט גלייך צו דער ווינדע.

אַדאָלף איז צוגעגאַנגען צו איינעם פון די פאַרווונדעטע אָפּנעמען

דעם ערשטן באַריכט וועגן דער קאַטאַסטראָפע. יענער האָט אָנגעוויזן אויפן וואַגאָנדל מיט די טויטע און געזאָגט:

— קוק מאָל, צו דער נאַכט־שיכט איזט איוואַן געפאָרן בעזונדער אונד קאַרל בעזונדער. יעצט פאָרן די צוזאַמען...

צווישן צעשאָטענע בערגער שטיינער זענען געשטאַנען שטייגערס מיט בליצלאָמפּן און אויסגעשריגן באַפעלן. האַלב נאַקעטע שוואַרצע לייבער מיט אָנגעדראָלענע מוסקולירטע הענט האָבן זיך אימפּעטפול באַוועגט, געקלאַפּט, געשרויפט און פאַרפעסטיקט די זיילן אונטער איי־זערנע שטאַנגען. די גראָע פנימער, באַדעקט מיט שטויב און שוויס, זענען געווען אונטערגעהויבן ביים אונטערבויען די שטיינערנע שפּאַלטן; יעדער לאָך אין סופיט האָט געדראָאַט צו עפענען זיך און איינצושלינגען די שוואַרץ־פאַרשטויבטע גופים.

דער שטייגער האָט אונדז אָנגעוויזן אויף די אויסגעקרימטע קלעצער אונטערן סופיט איבער דער רוטשע. אַדאָלף האָט מיר אַלע מאָל דערלאַנגט אַ שמעק טאַבאַק אויסצורייניקן די נאָז פון בייסיקן שטויב, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענער זייט, ווו די טומלדיקע רעטונגס־אַרבעט איז אָנגע־גאַנגען.

אַדאָלף האָט גענומען זיך צואיילן מיט דער אַרבעט. ער האָט געוואָלט, אַז די מאָרגן־שיכט זאָל שוין קענען אָנהייבן אַרבעטן מיט אַ לויפנדיקער רוטשע, אָן שטערונגען צוליב איינברוך.

איך האָב שוין געהאַלטן ביים אָפּרייניקן די לעצטע רעשטלעך אָנגע־וואָרפענע שטיינער ביי די זייטן פון דער רוטשע, ווען אַדאָלף האָט מיך גע־שיקט קאָנטראָלירן די קייט. אויב זי איז נישט געריסן, זאָל איך פּרווון לאַנגזאַם לאָזן אין גאַנג דעם מאָטאָר. איך האָב אָנגעהאנגען די לאָמפּ אויפן האַלדז־פאַסיק און גענומען קריכן באַרג־אַרויף. יעדע פּאָר טריט בין איך געבליבן שטיין און אַריינגעלויכטן אין דער רוטשע. אויף איין אָרט איז די קייט נישט געווען געגוג געשפּאַנט, און דאָס איז מיר געווען פאַר־דעכטיקט. אַ ביסל העכער איז טאַקע די קייט געווען פון איין זייט געריסן. ביים אָנהאַלטן זיך אין אַ קלאָץ אין ווייטערדיקן גאַנג, האָב איך זיך אַראָפּ־געגליטשט צוזאַמען מיט דעם אומגעפאַלענעם קלאָץ. אַ פאַרטויבנדיקער

קלאַפּ איז געבליבן שטעקן אין מיינע אויערן. איך האָב זיך גענומען ווערגן פון געדיכטן שטויב און דערפילט אַ שווערע מאַסע איבער זיך. איך בין געבליבן ליגן אויף שאַרפע שפּיציקע שטיינדלעך.

וואָס איז מיט מיר געשען? ווו איז מיין לאָמפּ? ווו געפין איך זיך? איך האָב אָנגעהויבן שרייען ווי אַ פאַרווונדעטע חיה. צי וועט אַדאָלף דער־הערן מיינע פאַרצווייפלטע הילפסרופן פון אונטערן שטיין, אָדער איך וועל דאָ דערשטיקט ווערן ביז עס וועט מיך ווער אָפּגעפינען?

אַ שיין האָט זיך אַריינגעריסן אונטערן שטיין. עמעצער האָט אָנגע־קלאַפּט איבער מיר און איז פאַרשוווּנדן. באַלד נאָך דעם האָב איך דער־הערט דעם שטייגערס קול און אַ סך טריט אַרום מיר.

— איינס—צוויי! איינס—צוויי! האַ־אַ־אַ — האָפּ!

אַ גרויסער שטיין האָט זיך איבערגעדרייט און געפאַלן מיט אַ שווערן טעמפּן קלאַפּ. איך האָב זיך דערפילט באַפרייט פון קלעם און אָנגעהויבן גיך עטעמען. פאַר מיינע אויגן האָט אַ בלענד געטאָן דאָס ליכט פון די אָנגעשטעלטע לאָמפּן. אויפהייבנדיק זיך האָב איך ערשט דערפילט די שטאַרקע ווייטיקן אין דער רעכטער האַנט און אין לינקן פוס.

די קוילנגרעבער זענען צוריק אַוועק צו זייער אַרבעט. דער שטייגער און אַדאָלף זענען נאָך געבליבן לעבן מיר. זיי האָבן באַטראַכט דעם איינ־ברוך און גערעדט צווישן זיך וועגן ווונדערלעכן צופאַל, וואָס דער שטיין איז געפאַלן מיט איין עק אויף דער פּרעסלופט־רער און צוליב דעם בין איך ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

ביים באַנדאַזשירן מיין צעקוועטשטן פינגער און פאַרבלוטיקטן פוס האָט מיר אַדאָלף געזאָגט, אַז נישט בלויז די לופט־רער האָט מיך אָפּגע־ראַטעוועט פון טויט, נאָר אויך דער הונגער. וואָלט איך געווען דיקער, וואָלט איך דערדריקט געוואָרן אין אַזאַ ענג אָרט צווישן דער רוטשע און דעם שטיין. אַדאָלף האָט מיר געהייסן אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די קוילנ־גרעבער פון דער נאַכט־שיכט.

ווען איך בין אַרויס פון דער ווינדע, האָט מיך באַגעגנט מיין באַראַק־שכן לעאָן. ער האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און געהאָלפן מיר גיין צו דער גיכער־הילף.

דער סאַניטאַר האָט פּראַטאָקאָלירט מיין אַרבעטס־פּאַרפאַל און באַ־שטימט מיך צו שיקן אין שפּיטאָל פאַר די דייטשישע קוילנגרעבער אין געלזענקירכען. דער סאַניטאַר האָט מיך אָבער געהייסן פריער זיך גיין וואַשן און מיט די זויבערע קליידער זאָל איך קומען אָפּנעמען די אויס־געשריבענע פּאַפּירן.

לעאָן האָט די גאַנצע צייט געוואַרט אויף מיר. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער קאָן שוין גיין, אָבער ער האָט נישט געוואָלט מיך לאָזן אַליין.

— סטאַניסלאַוו, אין שפּיטאָל מוזסטו אָנקומען אַ ריינער. בלויז מיט דיין לינקער האַנט וועסטו נישט קאָנען זיך גוט אַרומוואַשן.

— לעאָן, דו ביסט מיד נאָך דער נאַכט־שיכט. איך האָב איצט גע־נוג צייט. דו גיי זיך וואַשן און איך וועל נאָך צוּוואַרטן. אַז די ווייטיקן וועלן אַ ביסל קלענער ווערן, וועל איך גיין אונטערן וואַסער...

— זע, סטאַניסלאַוו — האָט מיר לעאָן געוויזן זיין האַנט מיטן אָפּ־געהאַקטן פינגער — מיט מיר איז דאָס זעלבע געשען. די ווייטיקן וועלן פון זיך אַליין נישט איבערגיין, דאַרפסט וואָס גיכער אָנקומען צום דאָקטער.

איך האָב אָנגעשטעלט אַ פרייער פּנים און געזאָגט:

— איך דאַנק דיר זייער פאַר דיין גוטן ווילן, איך פיל פּאַרט, אַז די ווייטיקן הייבן אָן נאָכלאָזן...

— סטאַניסלאַוו, ביסט אַ מאָדנער — האָט זיך לעאָן געוווּנדערט — דאָס ערשטע מאָל זע איך אַ פאַרוווּנדעטן, וואָס זאָל נישט וועלן, אַז מען זאָל אים העלפן...

אַ קראַנקן־שוועסטער האָט מיך אויף אַ וועגעלע אַריינגעפירט אין אַ גרויס ליכטיק צימער. איך בין געבליבן ליגן אין אַ ווייס זויבער בעט מיט אַ באַנדאַזשירטער האַנט נאָכן אַמפּוטירן דעם פינגער, און מיט אַ בלעכענעם שטיוול ביז צו דער קני אויפן לינקן פוס. די קראַנקן־שוועס־טער, וואָס האָט מיר געהאָלפן זיך אויסלייגן, האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל וואָס ווייניקער אַראָפּגיין פון בעט און נישט אָנשטרענגען דעם פאַר־וווּנדעטן פוס מיטן געפּלאַצטן שינביין. זי איז אַוועק און באַלד צוריק־געקומען מיטן נומער פון מיינע זאַכן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן

צום דעזינפעקציאָנירן און מיר אויפמערקזאַם געמאַכט מיט אַ נישט פריינד־לעכן טאָן, אַז ביים איינוויקלען מיינע מלבושים האָט זי זיך שוואַרץ גע־מאַכט אירע פינגער מיט קוילן־שטויב. איך האָב געקוקט אויף איר און געשוויגן. זי האָט מיר דערלאַנגט אין מויל אַריין צוויי פילן, אַוועקגע־שטעלט ביים צוקאָפּנס פון בעט אַ שטעקן און זי איז אַרויס פון צימער.

אַ סאַניטאַר האָט מיך געוועקט פון שלאָף און אָנגעוויזן אויף דער טאַץ מיט עסן, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טישל לעבן מיין בעט. איך האָב אים געדאַנקט.

— פּאָלע? רוסע? — האָט ער געפרעגט.

— פּאָלע — האָב איך אים געענטפערט.

— פינגער קאַפּוט? פיל שמערצן? יאַ?

— יאַ, יאַ — האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— פיל עסן, ניקס שמערצן... — האָט ער מיר ווידער אָנגעוויזן אויף דער טאַץ און פריינדלעך צוגעשמייכלט ביים אַוועקגיין פון מיין בעט.

איך האָב נאָכגעקוקט דעם שוואַרץ־חנעוודיקן סאַניטאַר מיט די גע־קרייזלטע האָר, מיט די דיקע שוואַרצע ברעמען איבער זיינע טונקל־ברוינע אויגן — אַזעלכע, וואָס איך האָב שוין לאַנג, לאַנג נישט געהאַט באַגעגנט.

— זשאַק! זשאַק! — האָט מען אים פון די בעטן גערופן צו זיך.

דער סאַניטאַר האָט דערלאַנגט מיט אַ שמייכל יעדן איינעם דאָס עסן, וואָס ער האָט געבראַנגט צו פירן אויף אַ שמאָל וועגעלע.

— רוסע? פּאָלע? — האָב איך אים אין שפּאַס געפרעגט ווען ער איז צוגעקומען צו מיין בעט אַוועקצונעמען פון מיר אַ טאַץ.

— כאַ, כאַ, כאַ, — האָט ער זיך צעלאַכט — איך רוסע? פּאָלע? זשאַק פראַנצאָזע... קריגס־געפאַנגענער... סאַניטאַר...

יעדעס מאָל ווען זשאַק איז אַריינגעקומען אין צימער האָב איך בכיוון אים פאַרהאַלטן לעבן בעט, כדי סתם זיך עפּעס צו פרעגן אָדער בעטן ביי אים, אַז ער זאָל מיר עפּעס דערלאַנגען. זשאַק האָט אַרויסגעוויזן געדולד צו אַלע מיינע בקשות, אַפילו צו אַזעלכע, וואָס האָבן אים אויסגעזען איבער־ריק און אַ ביסל משונהדיק. מיר זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ מער

היימישער צווישן זיך, ביז זשאַק אַליין האָט אָנגעהויבן צוקומען צו מיין בעט נישט בלויז אין דער צייט פון זיין אַרבעט ביי אונדז אין צימער.

זשאַק האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער האָט מיך צום ערשטן מאָל דערזען, האָט ער געמיינט, אַז איך בין אַ פראַנצויז אָדער אַן איטאַליענער. ביז איצט איז ער געווויִנט געווען צו באַדינען קראַנקע מיט בלאָנדע טשו־פּרינעס אויף די ווייסע קישנס. מיין שוואַרצער קאָפּ האָר מיט די שפּי־ציקע וואָנסעס אויפן טונקלהויטיקן פּנים האָט אים געמאַכט נייגעריק אַ קוק צו טאָן אויפן קראַנקן־טאָוול וואָס איז געהאָנגען צופוסנס פון מיין בעט. דער נאָמען סטאַניסלאַוו האָט אים איבערצייגט, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. און דאָך האָט ער אַרויסגעוויזן צו מיר אַ גרעסערע פאַראינטערע־סירונג ווי צו אַנדערע קראַנקע. איך האָב אים אָפּגעדאַנקט מיט פאַרשי־דענע מעשיות, וואָס האָבן אים געמאַכט פריילעך און לאַכנדיק, און אָפט — אַפילו נייגעריק, ביז ווילן אויסהערן נאָך אַ מאָל דאָס זעלבע.

זשאַק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון מיינע געשיכטעס וועגן פויערישן לעבן אין פּוילישן דאָרף. אים איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן וועגן די פּרימיטיווע פויערישע מוידן, וועגן זייער אויסזען און לעבן.

— דאָס איזט שען... דאַס איזט שען... — האָט זשאַק זיך געהוידעט פון געלעכטער אויפן קאַנט פון מיין בעט.

פון טאָג צו טאָג איז די פריינדשאַפט צווישן אונדז שטאַרקער גע־וואָרן. זשאַק האָט אָנגעהויבן זאָרגן פאַר מיין געזונט און פאַר מיינע באַק־וועמלעכקייטן ביים ליגן אין בעט. ער האָט מיר אָנגעהויבן צו ברענגען עסן איבער דער נאָרמע. זשאַק האָט דאָס געמאַכט אַזוי אָפן און דרייסט, אַז איך האָב מורא געקריגן מיר זאָלן ביידע נישט ווערן פאַרדעכטיקט, אָבער זשאַק האָט זיך אויסגעלאַכט פון מיין איבערגעטריבענער פאָרזיכ־טיקייט.

זשאַק האָט אָנגעהויבן צו שמועסן מיט מיר וועגן דער מלחמה. ווי דרייסט ער איז געווען לגבי מיר אַלס סאַניטאַר, אַזוי פאָרזיכטיק איז ער געווען ביים קאָמענטירן די מלחמה־באַריכטן אין דער דייטשישער פרעסע און ראַדיאָ.

איין מאָל אין אַן אָוונט, ווען אַלע קראַנקע אין צימער זענען שוין גע־

שלאָפן, איז זשאַק צוגעקומען צו מיין בעט און מיר איבערגעגעבן, אַז בריסל און אַנטווערפּן זענען געפאַלן. בעתן אָנזאָגן מיר די נייעס האָט ער פון אונטערן ווייסן כאַלאַט אַרויסגענומען צוויי טרייבלעך און זיי אָנגעטאָן אויף מיינע אויערן. איך האָב אָנגעהויבן הערן ראַדיאָ־נייעס אין דער דייטשישער שפּראַך. דעם טאָג האָבן די דייטשן אַליין געמוזט באַריכטן וועגן זייער צוריקטריט אויף אַלע פראָנטן.

זשאַק האָט אָפט אַ לייכט געטאָן אויף מיין פּנים מיט זיין נאַכטלעמפּל. זעענדיק מיינע פרייד־אויסדריקן, האָט זשאַק זיך אַראָפּגעבויגן צו מיר און געזאָגט:

— פלאַנמעסיקע ריקצוגן ביז געלזענקירכען...

ווען זשאַק איז אַרויס פון צימער האָבן אין מיינע אויערן נאָך געקלונגען די נייעסן, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהאַט געהערט:

— בריסל און אַנטווערפּן ביי די ענגלענדער...

— די רוסן זענען אַריין אין בוקאַרעשט...

— אַמעריקאַנער גענומען די הויפּטשטאָט פון לוקסענבורג...

די אויבער־שוועסטער פון דער אָפּטיילונג, ווו כ׳בין געלעגן, האָט געהייסן וואַנדאַ. ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל צוגעקומען צו מיין בעט און גענומען אין אירע הענט דעם קראַנקן־טאָוול, איז פאַר מיינע אויגן געשטאַנען אַ העל בלאָנדע פרויען־געשטאַלט, וואָס האָט מיט אירע שאַרפע בליקן, דאָ אויף מיר, דאָ אויפן טאָוול, געמאַכט קלאַפּן מיין האַרץ...

בעת זי פלעגט אַריינקומען אין צימער, האָב איך נאָכגעקוקט אירע שטייפע טריט פון בעט צו בעט. זי האָט נאָטירט און געוואָרנט מיט אַ דראָענדיקן פינגער אויב עפּעס איז איר נישט געפעלן געוואָרן.

וואַנדאַ האָט נישט איבעריק ליב געהאַט אַריינצוקומען אין די צימערן, ווו עס זענען געלעגן צוזאַמען רוסן מיט פּאָליאַקן. דאָס האָט מען דערקענט אין אירע שאַרפע בליקן און אין אירע דינע צוזאַמענגעצויגענע ליפּן, ווען די קראַנקע האָבן נישט געשענקט גענוג אויפמערקזאַמקייט איר אומגעריכט באַווייזן זיך אין צימער.

איין מאָל איז וואַנדאַ אַריינגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַ הויכ־

וווּקסיקן מאַן.ביידע זענען זיי געבליבן שטיין ביי דער טיר. די קראַנקע זענען געזעסן אַרום דעם טיש. דערפילנדיק אויף זיך די שטעכיקע בליקן, האָבן אַלע אויפגעהערט עסן.

— פערפלוכט! — האָט דער מאַן אַ טופּע געטאָן מיט אַ פוס.

וואַנדאַ האָט געמאַכט אַ פּאָר האַסטיקע שפּרייז צום טיש, אָנגענומען אַ קראַנקן ביים אַקסל, אים צוגעפירט צום עק פון זיין בעט און זיך צעשריגן:

— וואָן דער אָבער־אַרצט איזט היער, מוזען אַלע ביי דען בעטן שטייען, פאַרשטאַנדען?

נאָך וואַנדאַס אַרויסגיין פון צימער האָט איינער פון די קראַנקע זיך אָנגערופן:

— וואַנדאַ דאַרף אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם ווייסן פאַרטעך און אָנטאָן אַ מיליטערישן מונדיר...

זשאַק איז אַריינגעקומען צו מיר אין צימער, און מיט אים — אַ קראַנקן־שוועסטער.

— דאָס איז דער קראַנקער — האָט זשאַק איר אָנגעוויזן אויף מיין בעט.

די שוועסטער האָט מיר געהייסן ווייזן דעם פאַרוווּנדעטן פוס. ביידע האָבן באַטראַכט די וווּנד און צום סוף האָט זי צוגעזאָגט צו באַראַטן זיך מיטן דאָקטער אויב איך מעג אויף עטלעכע שעה אין טאָג באַפרייען דעם פוס פון שטיוול, כדי די וווּנד זאָל זיך בעסער היילן. זי האָט גענומען מיין קראַנקן־טאָוול אין אירע הענט און פלוצלינג צוריקגעצויגן די פעדער, וואָס זי האָט אָנגעשטעלט צום שרייבן. זי האָט אויסגעדריקט איר פאַר־וווּנדערונג: ווי קומט עס צו אַ פּאָליאַק אַזאַ ריין דייטשישער נאָמען פריבעל? איך האָב איר געענטפערט, אַז איך אַרבעט מיט קוילנגרעבער, וואָס רופן זיך מיט פּוילישע נעמען און זיי זענען עכטע דייטשן. די שוועסטער האָט איינגעשטימט: זי אַליין האָט געהאַט אַזעלכע באַקאַנטע, אָבער אַ נאָמען, האָט זי געזאָגט, באַווייזט דאָך די אָפּשטאַמונג.

— ווו זינד זי געבאָרן, פריבעל?

— אין פּאָזען.

— און דער נאָמען פון פאָטער?

— קאַרל.

— יאָ! — האָט די שוועסטער מיט סאַטיספאַקציע אויסגערופן — זינד זי דאך דויטשע!...

איך האָב געענטפערט דער שוועסטער מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. זשאַק איז געוואָרן ערנסטער און איך האָב אויף זיין פּנים באַמערקט אַ רעזערווירטקייט.

שפּעטער, ווען זשאַק איז אויף ס'ניי אַריינגעקומען צו מיר, האָב איך פון זיינע רייד פאַרשטאַנען, אַז אים איז עפּעס נישט אין גאַנצן קלאָר מיט וועמען ער האָט אויף אַן אמת צו טאָן: איז סטאַניסלאַוו פּריבעל — ווי די שוועסטער האָט עס געוואָלט — אַ דייטש, אָדער אַ פּאָליאַק, ווי איך האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט.

— ווי פאַרשטייסטו, זשאַק — האָב איך זיך באַמיט אים איבערצייגן — ווען איך בין פון דייטשישער אָפּשטאַמונג, וואָלט איך אויף מיין רעקל געטראָגן אַ „פּע״? וואָלט איך געהאַט דאָקומענטן אַלס פּאָליאַק? וואָלטן מיך די דייטשן נישט מאָביליזירט אין מיליטער?

זשאַק האָט אויפגענומען מיט צוטרוי מיינע רייד און ער האָט ווידער אָנגעהויבן זיין פריינדלעך צו מיר, ווי פריער.

אין צימער בין איך געווען דער איינציקער פּאָליאַק צווישן זיבן רוסן. נישט קענענדיק זיך צונויפרעדן מיט זיי אין דער רוסישער שפּראַך, האָב איך זיך געפילט איזאָלירט און אָפּגעזונדערט. מיקאָלאַיעץ, וואָס איז געווען מיין נאָענטסטער שכן, האָב איך נישט געקענט מאַכן היימישער און פריינדלעכער צו מיר. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אויך פאַר די רוסישע קראַנקע איז מיין דייטשישער נאָמען פאַרדעכטיקט. זשאַק האָט געוווּסט, אַז איך פיל זיך פאַראיינזאַמט צווישן די רוסן און ער איז שוין גרייט געווען צו רעדן מיט דער אויבער־שוועסטער וואַנדאַ וועגן איבערפירן מיך אין אַ צווייטן צימער, וווּ עס זענען געלעגן מער פּאָליאַקן. איך האָב אָבער נישט מסכים געווען דערויף, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך.

ווען אין צימער איז ליידיק געוואָרן אַ בעט, האָט זשאַק איבערגעפירט מיקאָלאַיעץ אין דער אַנטקעגנאיבערדיקער ריי, און פון דאָרט איבערגע־

רוקט דאָס ליידיקע בעט צו מיר. דעם זעלבן טאָג האָט ער אויף אַ וועגעלע געבראַכט צו פירן אַ קראַנקן מיט באַנדאַזשירטע פיס און אים אַריינגעלייגט אין ליידיקן בעט. זשאַק האָט מיר געזאָגט, אַז איצט וועט מיר שוין זיין היימלעכער, איך וועל מיט דעם קראַנקן קענען רעדן פּויליש.

מיין נייער שכן האָט נאָכן אויסלייגן זיינע פיס אין בעט, כדי צו זיין אויסגעדרייט מיטן פּנים צו מיר — איבערגעריסן די ערשטע ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגערעדט און אָנגעהויבן טיפער אַריינקוקן אין מיין פּנים.

— וואָס איז אייך אויף די פיס? — האָב איך אים געפרעגט און דער־פילט אונטערן קאַץ ווי אַ ציטער לויפט דורך מיין לייב.

— אַ לייכטע אָפּעראַציע — האָט דער קראַנקער געענטפערט נישט אַראָפּנעמענדיק זיינע אויגן פון מיין פּנים.

— פאַרוווּנדעט אין קוילנגרובן?

— נאָך צוויי יאָר אַרבעט אין קוילנגרובן האָב איך באַקומען קראַנקע פיס מיט אָנגעדראָלענע אָדערן — האָב איך זיך איינגעהערט אין זיין אַ ביסל הייזעריק קול, וואָס האָט מיר אָנגעהויבן ווערן באַקאַנט.

— פאַרדרייט — איך האָב אים דערלאַנגט מיין בלעכן טאַבאַק־פּוש־קעלע און אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט מיין קאָפּ.

דער קראַנקער האָט פאַרדרייט צוויי פּאַפּיראָסן און מיר האָבן ביידע פאַררויכערט.

— וואָס איז אייך? — האָט ער אַראָפּגעלאָזט נידעריקער זיין בליק אויף מיר.

— אָפּגעהאַקט אַ שטיק פינגער און געשפּאָלטן דעם פוס.

— אין קוילנגרובן?

— יאָ.

— איר ליגט שוין לאַנג אין שפּיטאָל?

— די דריטע וואָך. און איר? דעם ערשטן טאָג?

— יאָ. פון היינט אין דער פרי. איר קענט מיך רופן ביי מיין נאָמען: אַלעקסאַנדער...

— זייער אָנגענעם. מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוו.

— פון וואַנען שטאַמט איר, פּאַניע סטאַניסלאַוו? — האָט ער נאָך אַ מאָל אָנגעשטעלט זיין בליק אויף מיין פּנים.

— פון פּויזנער שעדלעץ — און איר, פּאַניע אַלעקסאַנדער?

— פון לאָדזש.

אַלעקסאַנדער האָט זיך אויסגעגלייכט אויפן רוקן. ער האָט טיף איינ־געצויגן זיינע באַקן און אַרויסגעלאָזט פון מויל אַ לאַנגן רויך־שנור.

מיין אונטערגעשפּאַרטע האַנט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן קישן. אין מוח האָבן זיך געכומען אַרומ־יאָגן די צוויי ווערטער: אַלעקסאַנדער, לאָדזש...

— פּאַניע סטאַניסלאַוויע — האָט מיין נייער שכן אויסגעדרייט זיין פּנים צו מיר — מיט וואָס האָט איר זיך באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה?

— מיין פאָטער האָט געאַרבעט אַלס בוי־מייסטער און איך בין געווען זיין געהילף... און איר, פּאַניע אַלעקסאַנדער, ביי וואָס האָט איר געאַרבעט?

— איך בין געווען אַ מייסטער אין אַ יידישער פאַרבערײַ.

איך האָב טיף פאַרצויגן דעם רויך אין זיך און זיך שטאַרק צעהוסט. זאָל נאָר אַלעקסאַנדער נישט באַמערקן מיין בלייך געוואָרן פּנים.

— דאָ כאָלערי! סאַראַ פאַרשטונקענער טאַבאַק — האָב איך אויס־שפּייענדיק געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקט קול.

איך האָב אַ זופּ געטאָן פון טעפּל וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אויף מיין טישל און אָפּגעאָטעמט. אַלעקסאַנדער האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט מיטן פּנים צום סופיט און געשוויגן.

איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין פּראָפיל און מיט אַ מאָל האָב איך זיך דערמאָנט: יאָ! דאָס איז ער! דאָס זעלבע שפּיציקע פּנים מיט דער פאַר־ריסענער נאָז. און דער אויסטאַטווירטער פרויען־קאָפּ אויף זיין לינ־קער האַנט האָט מיך שוין גאָרנישט געלאָזט מער צווייפלען, אַז דאָס איז דער זעלבער פּוילישער פאַרבן־מייסטער פון לאָדזש. צי דערפאַר האָט ער מיך אַזוי שטאַרק אָנגעקוקט? האָט ער דערקענט אין מיר יענעם ייד, וואָס האָט אים געגעבן די רויע זאַקן צום פאַרבן? און אפשר האָבן מיינע גע־דרייטע וואָנסעס פאַרשטעלט פאַר זיינע אויגן יענעם ייד? פאַר וואָס ליגט ער אַזוי פאַרטראַכט? פאַר וואָס שווייגט ער?

זשאַק איז אַריינגעקומען שטופּנדיק פאַר זיך אַ וועגעלע מיט עסן. ער איז געבליבן שטיין צווישן מיר און אַלעקסאַנדערן מיט צוויי טאַצן און געזאָגט:

— סטאַניסלאַוו אונד אַלעקסאַנדער, צוויי פּאָלע. גוט, יאָ?

— גוט... גוט... — האָב איך אַ שמייכל געטאָן צו זשאַקן. אויך אַלעק־סאַנדער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַ צופרידענער.

ביים עסן האָב איך אַלעקסאַנדערן דערציילט וועגן זשאַקן, וואָס באַ־ציט זיך אַזוי מענטשלעך צו די קראַנקע, באַזונדערס צו פּאָליאַקן. אַלעק־סאַנדער האָט אויפגעהויבן זיין פּנים פון דער טאַץ און געזאָגט:

— ווען איך טרעף דעם פראַנצויזישן סאַניטאַר ערגעץ אויף דער גאַס, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס האָט אַ פּוילישער ייד פאַרבלאָנדזשעט קיין דייטשלאַנד...

— פאַר וואָס? — האָב איך זיך געמאַכט נישט פאַרשטייק.

— אים פעלט בלויז די קאַפּאָטע — האָט זיך אַלעקסאַנדער צעלאַכט — קוקט אָן זיין טונקל פּנים, די שוואַרצע אויגן, און די געקרייזלטע האָר... איר האָט שוין פאַרגעסן, ווי די יידן אין פּוילן האָבן אויסגעזען?

— ביי אונדז אין דער פּויזנער געגנט האָב איך זיי ווייניק געזען.

— אָבער איך — האָב זיי גוט געקענט אין לאָדזש. די גאַנצע שטאָט האָט געהערט צו די יידן און מיר האָבן פאַר זיי געאַרבעט.

נאָכן עסן האָבן מיר פאַררויכערט און זיך אויסגעצויגן אין די בעטן. אַלעקסאַנדער האָט ווייטער דערציילט זיינע מעשיות וועגן די לאָדזשער יידן...

אין דער נאַכט האָט מיר אַלעקסאַנדער אַוועקגענומען דעם שלאָף. זיינע אויגן האָבן מיך פאַרפּאָלגט אַפילו ווען ער האָט געכראָפּעט. אים האָבן נישט געשטערט די קרעכצן און געשרייען פון די קראַנקע; אַלעקסאַנדער איז גוט געשלאָפן.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען איך האָב פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל און זיך געזעגנט מיט אַלעקסאַנדערן, האָט ער מיר געזאָגט:

— פּאַניע סטאַניסלאַוו, איר זענט מיר דאָך פון ערגעץ ווו באַקאַנט...

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

איך בין צוריק אין באַראַק. די שכנים האָבן זיך מיט מיר פריינדלעך באַגריסט. זיגמונט האָט מיך חבריש אַרומגענומען און אַנטקעגנגעטראָגן די פּאָר איינגעוויקלטע פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט מיר געוואָלט ברענגען אַ מתנה, אָבער מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט אין שפּיטאָל.

וואַצעק האָט מיך מקנא געווען. שוין דאָס דריטע מאָל, האָט ער געזאָגט, בין איך אין שפּיטאָל, און ער איז נאָך קיין איין מאָל דאָרט נישט געווען. צוליב דריי וואָכן גוט עסן און שלאָפן און נישט דאַרפן גיין אין קוילנגרובן, איז כדאי זיך צו לאָזן אָפּהאַקן אַ שטיקל פינגער.

מיין שאַפקע האָב איך געפונען מיט אַן אַראָפּגעריסן שלעסל. די זאַכן זענען געווען איבערגעדרייט און צעוואָרפן. די שכנים האָבן מיר דערציילט, אַז זשאַנדאַרן זענען אומגעריכט געקומען אין מיטן דער נאַכט און אַלעמען באַפוילן אַראָפּצוגיין פון די בעטן און עפענען די שאַפקעס. ביי וועמען זיי האָבן געפונען אַ גרעסער מעסער האָבן זיי עס צוגענומען. דאָס ספּרונזשי־נאָווע טאַשן־מעסער, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון פוילן, האָב איך אין מיין שאַפקע נישט געפונען.

די שכנים האָבן מיר דערציילט וועגן די געשפּאַנטע טעג און שלאָפ־לאָזע נעכט צוליב די כסדרדיקע לופט־אַלאַרמען. דאָס לויפן מיט די זאַכן אין בונקער אַריין אַ פּאָר מאָל אין דער נאַכט האָט זיי פאַרביטערט דאָס לעבן. בלויז זיגמונט האָט דאָס אויפגענומען לייכטער. וואָס מער מיר לויפן אין בונקער, האָט ער געזאָגט, אַלץ מער דערנענטערט מען זיך צום סוף פון דער מלחמה.

אַלע אין באַראַק האָבן שוין געוווסט, אַז די רוסן זענען אַריין אין מזרח־פּרייסן. זיגמונט האָט מיר פאָרגעלייענט אַ דייטשישע צייטונג מיט באַריכטן וואָס האָבן באַשטעטיקט דעם פאָרויסגאַנג פון דער רויטער אַרמיי

אויף דער דייטשער ערד. איך האָב געמוזט איינהאַלטן אין זיך מיינע פרייד־געפילן: דייטשלאַנד איז גענומען אין קלעם פוןביידע זייטן! די אַמעריקאַנער און ענגלענדער גייען פון מערב, די סאָוויעטן — פון מזרח. פון אַלע עקן ווערט מיט פייער געצייכנט דער וועג צום דייטשישן אונטערגאַנג!

אין לאַגער האָט אַלץ בולטער אָנגעהויבן זיך פילן דער אָנקומענדיקער סוף פון דער מלחמה. בריוו און שפּייז־פּעקלעך האָבן אויפגעהערט צו דערגיין. דער האַנדל מיט ברויט און טאַבאַק האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַלע אין לאַגער האָבן אָנגעהויבן לעבן בלויז פון דעם, וואָס מען האָט באַקומען צוגעטיילט פון דער קיך.

אין אַ לעצטן בריוו, וואָס דער וואַרשעווער וואָזשניאַק האָט באַקומען, איז אין אַ זייט געווען צוגעשריבן אַ פּאָר ווערטער, וועלכע מען האָט קוים געקענט איבערלייענען: „קוק אויף וואַרשע"... וואָזשניאַק האָט זיך דערמאָנט אין די פּאָר ווערטער, ווען מען האָט זיך דערוווּסט אין לאַגער, אַז אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. שפּעטער האָט וואָזשניאַק ווידער איבערגעחזרט די עטלעכע ווערטער פון זיין לעצטן בריוו. דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען אין לאַגער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען די נייעס, אַז די דייטשן זענען פאַרטריבן געוואָרן פון וואַרשע.

— „קוק אויף וואַרשע"! — האָט וואָזשניאַק אָנגעשטעלט אַ פינגער אויף דעם קוים באַמערקבאַרן שורהלע — דאָס איז אויך צו דיר געשריבן, סטאַניסלאַוו, און צו אַלע פּאָליאַקן אין לאַגער...

וואָזשניאַק האָט אַן אויפגעלעבטער אַרומשפּאַצירט אין באַראַק און איך האָב די נייעס אויפגענומען מיט פאַרשטערטער פרייד. וואָזשניאַק האָט זיך געמעגט פרייען. זיין וואַרשע איז באַפרייט געוואָרן, מיין וואַרשע איז געווען טויט. ער האָט נאָך געקאָנט האָפן, אַז עמעצער וועט אים אויפנעמען מיט פרייד ביים אומקערן זיך אַהיים, איך האָב שוין נישט געהאַט ווער עס זאָל מיך באַגעגענען אַפילו מיט אַ געוויין...

ס'איז געווען אַ נאַכט פון אָנאויפהערלעכע אַלאַרמען. וואַצעק האָט אָפּגעציילט, אַז ער איז צען מאָל געלאָפן פון באַראַק אין בונקער. ביים דריטן מאָל לויפן האָב איך זיגמונטן געראָטן, אַז מיר זאָלן צוזאַמען פאַרבלייבן

אַ גאַנצע נאַכט אין בונקער. אין דער פרי האָט ער מודה געווען, אַז עס איז בעסער אויפצושטיין מיט צעבראָכענע אברים, איידער כסדר צו לויפן ווי אַ משוגענער מיטן פעקל שמאַטעס אין די הענט.

אין קוילנגרובן איז די רוטשע אַלע מאָל געבליבן שטיין: ס'איז נישט געווען קיין פּרעסלופט אויף צו טרייבן די מאָטאָרן. אויבן, אויף דער ערד, זענען פאָרגעקומען שווערע לופט־אָנגריפן. דער שטייגער און אַדאָלף זענען געווען הילפלאָז. אין שטרייב איז געוואָרן שטיל. די קוילנגרעבער האָבן זיך אַוועקגעזעצט רוען אין די פינצטערע לעכער.

אַדאָלף איז צוריקגעקומען פון טעלעפאָן און איבערגעגעבן, אַז איבער געלזענקירכען קומט פאָר אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג פון הונדערטער אַעראָ־פּלאַנען. ,,י אַרבעט אין קוילנגרובן איז פּאַראַליזירט. די ווינדעס שטייען. די איינציקע פאַרבינדונג מיט דער ערד זענען די טעלעפאָן־דראָטן.

אַדאָלף און קאַרל זענען געזעסן אָפּגערוקטע פון מיר. ביידע האָבן זיי געשמעקט טאַבאַק און געשוויגן. אַדאָלף איז געווען אומרויק. קאַרל האָט אַרויסגעוויזן מער געדולד. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטיין און געפּרוווט איינדרימלען. אַדאָלף האָט זיך יעדעס מאָל אַ טרייסל געטאָן, אויסגעדרייט צו מיר דאָס פּנים, אָנגעשטעלט די אויגן צום מאָטאָר, אַרויס־געצויגן פון טאָרבעלע זיין טאַשן־זייגער און נערוועז געמרוקעט. פון זייערע געציילטע ווערטער, וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַדאָלף איז אומרויק צוליב זיין ווייב און קינדער וואָס געפינען זיך אין געלזענקירכען.

איך האָב געקוקט אויף אַדאָלפן און געטראַכט, אַז דאָס איז די גליק־לעכע מינוט אויף וועלכער איך האָב געהאָפט, געחלומט און געבעטן נאָך אין יענע טעג אין באַלאַגערטן וואַרשע, ווען איך בין צוזאַמען מיט נאָך יידן געשטאַנען צווישן די ווענט, וואָס האָבן זיך געטרייסלט פון די דייי־טשישע באָמבע־אויפרייסן. זאָלן אויך זיין ווייב און קינדער איבערלעבן די זעלבע מינוטן פון טויטשרעק, זאָלן זיי וויסן, אַז אויך זיי קענען שטאַרבן!

ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון קוילנגרובן, איז דער הימל איבער געלזענקירכען געווען באַדעקט מיט געדיכטע רויך־וואָלקנס. מעכטיקע פייערזיילן האָבן זיך געצויגן פון די ברענענדיקע געביידעס. נאַקעטע פאַ־

בריק־קוימענס זענע געבליבן שטיין צווישן פאַרסמאַליעטע ווענט פון די חרוב געוואָרענע שטאָל־ און אייזן־גיסערייען.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו וועסטפאַליע. די אַמעריקאַנער אַרמייען האָבן דערגרייכט דעם ריין. וועגן דעם האָבן די דייטשן שוין שטיל גערעדט צווישן זיך, הגם זיי האָבן זיך געטרייסט, אַז פאַר די אַמע־ריקאַנער וועט זיין שווער צו פאָרסירן דעם ריין, צוליב דער נאַטירלעכער שוץ־וואַנט און דער מעכטיק־באַפעסטיקטער ליניע. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די זעלבע דייטשן שוין געוווּסט, אַז זייער אילוזיע איז צע־רונען געוואָרן: די אַמעריקאַנער זענען אַריבער דעם ריין.

וואָס האָט אין יענער צייט געטראַכט דער דייטשישער קוילנגרעבער? וואָס האָט ער געטראַכט אין יענע טעג, ווען דייטשלאַנדס מפּלה איז שוין געווען נאָענט און זיכער?

אַרויספאָרנדיק פון קוילנגרובן נאָך אַ מאָרגן־שיכט, האָב איך באַ־מערקט, אַז די דייטשן, אין די אַרבעטס־מלבושים נאָך, ווערן גערופן צו אַ מאַסן־מיטינג. איך האָב זיך אויסגעמישט צוזאַמען מיט זיי.

אין ריזיקן אַריינגאַנגס־זאַל פון דער שאַכט־געביידע האָט זיך פאַר־זאַמלט אַ גרויסע מאַסע קוילנגרעבער. איינער, אין אַ ברוינעם מונדיר, איז געשטאַנען אויף אַ טריבונע און גערעדט. — דאָס יודענטום אונד דער באָלשעוויזמוס, האָט ער מיט אַ געביילטער פויסט געשריגן, קומען ווידער פאַרשקלאַפן אייראָפּע. מיט ציפערן, אַרויסגעלייענטע פון אַ פּאַפּיר, האָט דער רעדנער אויסגעשריגן די מיליאַרדן־סומעס, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אויסגעגעבן אויף איבערצוקויפן גאַנצע פעלקער כדי צו באַזיגן דייטשלאַנד. אָבער דאָס דייטשישע פאָלק, האָט ער אויסגערופן, וועט זיך נישט לאָזן שטעלן אויף די קני. מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן סאָל־דאַט און נישט קאַפּיטולירן פאַרן וועלט־יידנטום.

— הייל—זיג, הייל—זיג — האָבן מיט אויפגעהויבענע הענט געענט־פערט די פאַרזאַמלטע קוילנגרעבער.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך זע איצט פאַר זיך יענע דייטשן פון אָנהייב מלחמה, ווי זיי מאַרשירן אין די האַרטע שטיוול מיט אויסגע־שטרעקטע הענט כדי איינצונעמען לענדער און קאָנטינענטן. דאָס זענען די

זעלבע דייטשן — מיט צעעפנטע מיילער פולע מיט שנאה און האַס. אָבער די צייט איז שוין געווען אַן אַנדערע.

דער נאַכט־אַלאַרם האָט אָנגעהאַלטן לאַנג. ווער עס האָט נישט מורא געהאַט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ פון בונקער, האָט געזען, ווי רויטע פּאַסן האָבן געשניטן די הימלען. די ערד האָט געציטערט פון די מעכטיקע אויפֿרייסן. הימל און ערד האָבן געברענט. די מאָרגן־שיכט איז אַרויס פון לאַגער מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

דער גרויסער אַריינגאַנגס־זאַל צו דער ווינדע איז געווען פול מיט קוילנגרעבער. אַ הילכער האָט געמאָלדן, אַז די מאָרגן־שיכט דאַרף בלייבן נישט איבערגעטאָן און אַז יעדע אַרבעטס־גרופּע זאָל זיך זאַמלען אַרום זייערע מייסטערס.

אדאָלף האָט אַוועקגעפירט אונדזער אַרבעטס־גרופּע צום מאַגאַזין, ווו מיר האָבן באַקומען שפּאַדלעס און האַקעס. מיט די אַרבעטס־כלים אויף די אַקסלען האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן צו די רייען, וואָס זענען אַרויס אויפן וועג אין דער ריכטונג ווו דער הימל איז געווען פאַררויכערט. נאָך אַ לאַנגן מאַרש זענען מיר אָנגעקומען צו איינגעפאַלענע און פאַרברענטע ווענט. פון די איבערגעבליבענע הייזער־חורבות מיט די נאָכהענגענדיקע דעכער, האָט מען דערקענט, אַז אויף דעם אָרט איז געווען אַ שטאָט, וואָס איז אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט אונטערגעגאַנגען, ווי פון אַן ערד־ציטערניש. רויכזיילן האָבן זיך געוויקלט פון די נאָך ברענענדיקע רוינעס און אָנגעפילט די לופט מיט אַ שטיקנדיקן ריח.

דורך בערג פון שטיינער און ציגל האָבן מחנות קוילנגרעבער דורכגעשניטן וועגן צו די באָמבאַרדירטע באַן־ליניעס, ווו עס זענען געלעגן צעשטערטע וואַגאָנען איבערגעדרייטע מיט די רעדער אויף אַרויף. צווישן די געלעכערטע וואַגאָנען־ווענט האָט מען געזען די אויפגעריסענע קאַסטנס מיט צעשאָטענע וואורשטן, קעזן און לאַבנס ברויט.

עטלעכע רוסישע קריגס־געפאַנגענע האָבן זיך אַריינבאַקומען צווישן די וואַגאָנען, געכאַפּט עפּעס אין מויל און זיך צוריקגעצויגן צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער. צוויי דייטשישע סאָלדאַטן זענען אַראָפּגעשפּרונגען

פון וואַגאָן, אַוועקגענומען אין אַ זייט די רוסישע קריגס־געפאַנגענע און אַ סעריע פון אויטאָמאַטיש געווער האָט דורכגעלעכערט זייערע לייבער.

אויף דער מערב־זייט איז דער הימל־ראַנד ביי נאַכט געווען רויט פון די ווייטע שריפות. די באַראַקן־ווענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן פון האַר־מאַטן־שאָסן. נאָך יעדן פאַרגאַנגענעם טאָג האָבן זיי זיך דערהערט מיט שטאַרקערע אָפּהילכן.

אין באַראַק ביים טיש האָט מען גערעדט צווישן זיך, ווי אַזוי עס וועט אויסזען דער טאָג פון סוף־מלחמה. לעאָן האָט זיך באַטייליקט אין דער פויליש־דייטשישער מלחמה און ער האָט פאַרגעזען אַ שווערן קאַמף, וואָס וועט אַרומנעמען אויך אונדזער לאַגער־שטח. די דייטשן, האָט ער געמיינט, וועלן קעמפן פאַר יעדן שפאַן ערד.

פיליפּ, אַ געוועזענער לייטענאַנט אין דער פוילישער אַרמיי, האָט געהאַלטן לעאָנס פאָרויסזאָגונגען פאַר נאַרישע און נישט צוגעפּאַסטע צו די אופנים, מיט וועלכע די אַמעריקאַנער און ענגלענדער האָבן געפירט זייער מלחמה קעגן דייטשלאַנד. זיין מיינונג איז געווען, אַז די דייטשן וועלן נישט אויסהאַלטן אַזאַ מעכטיקן דרוק פון ביידע זייטן און זיי וועלן מוזן קאַפּיטולירן נאָך איידער דער פראָנט וועט דערגיין צו אונדז.

וואָזשניאַק האָט אויסגעדריקט זיין אומרויקייט צוליב דער שכנות־דיקער שטאָט עסן, ווו די קרופּ־פאַבריקן האָבן זיך געפונען אונטער דער ערד. ער האָט פאָרגעפילט שווערע און ביטערע קאַמפן ביים איינגעמען די שטאָט. ער האָט יעדן איינעם געראָטן אָפּצושפּאָרן אַ פּענעצל פון דער טעגלעכער פּאָרציע ברויט און דאָס אויסבאַהאַלטן אויף דער צייט, ווען מען וועט דאַרפן זיצן אין בונקער.

וואַצעק האָט ביי יעדנס אַרויסגעזאָגטע מיינונג צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זיגמונט האָט איינגעשטימט מיט וואָזשניאַקן, אַז מען דאַרף טאַקע אָפּשפּאָרן אַ ביסל ברויט, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער בעת די קאַמפן וועלן פאָרקומען אַרום אונדז.

אין באַראַק האָבן אַ סך שכנים אָנגעהויבן טריקענען דינע פּענעצלעך ברויט און זיי זאַמלען אין טאָרבעס. וואַצעק איז שווער געווען אַראָפּצו־

נעמען אַ שטיקל פֿון זיין טעגלעכער פּאָרציע ברויט. ער האָט מער געַ־זאָרגט פֿאַר די מלבושים ווי פֿאַר זיך אַליין. אַלע זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט הענגען אין דער שאַפֿקע, האָט ער אַנגעשטאָפּט אין אַ זאַק, פֿאַר־שנורעוועט אים מיט שטריק און דעם פּולן זאַק אַריינגעשטעלט אין זיין שאַפֿקע.

אַדאַם, בראָנעק און קאַזשיק — די רייכסטע איינוווינער אין באַראַק, וואָס האָבן פֿאַר זייער איבעריק ברויט און טאַבאַק־בלעטער איינגעהאַנדלט די בעסטע מלבושים „פּאָ זשידאַך" — האָבן געהאַט קלאָפּאָטן מיט די בערג אָנצוגן און הויזנס, וואָס זיי האָבן די גאַנצע צייט געהאַלטן פֿאַרשלאָסן אויף צוויי שלעסער. אַדאַם האָט געפּרוווט פֿאַרפּאַקן אַלע זיינע זאַכן, אָבער איין זאַק איז געווען צו ווייניק אויף אַריינצונעמען זיין גאַנצן פֿאַרמעגן. האָט ער אויססאָרטירט די מלבושים. די בעסערע האָט ער געשטופּט אין זאַק אַריין, און דאָס איבעריקע האָט ער צעטרענט, אויסגעמישט צוזאַמען און באַשלאָסן עס איבערצולאָזן אויף הפקר אין דער שאַפֿקע מיט אַזאַ אויסזען, אַז קיינער זאָל נישט האָבן קיין חשק עס אַוועקצונעמען.

בראָנעקן און קאַזשיקן איז אָבער שווער געווען אויף עפּעס מוותר צו זיין. אַפֿילו די שוואַרצע קאַפּאָטעס וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן איבער־צומאַכן אויף הויזן, האָבן זיי אויך אָנגעשטאָפּט אין די זעק, וואָס זענען געבליבן שטיין, ווי אין מיטן פֿעלד ביים גראָבן קאַרטאָפֿל.

אַדאַם האָט אויסגעפּרוווט זיינע פֿעיקייטן, ווי אַזוי אַ כאַפּ צו טאָן מיט איין האַנט דעם זאַק אויפֿן אַקסל, און דאָס הילצערנע קעסטל — אין דער צווייטער האַנט. אויך בראָנעק און קאַזשיק האָבן אויסגעפּרוווט זייער גאַנג ווען זיי זענען באַלאָדן מיט די זעק. זיי האָבן עטלעכע מאָל אַ לויף געטאָן איבער דער לענג פֿון באַראַק און שפּעטער געקוקט מיט צופֿרידנקייט אויף די אַראָפּגעלאָזטע זעק. דער קרעפּטיקער בראָנעק האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געקענט אַזוי לויפֿן ביז זיין דאָרף אין לוּוויטשער געגנט.

דער אַלטער פּיאָטר האָט זיך צעלאַכט:

— נאָך אַ ביסל, וועט מען זען ווער עס וועט שנעלער קענען אַנט־לויפֿן פֿון די באָמבעס: איר, מיט די שווערע זעק אויף די אַקסלען, אָדער איך, מיטן טאָרבעלע אויסגעטריקנטע ברויט־שטיקלעך...

# קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

האַנס איז אַריינגעקומען אין באַראַק. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש מיטן קורצן שטעקעלע — אַ סימן, אַז ער האָט צו מעלדן עפּעס.

— אַלע זאָלן זיך צוגרייטן צום מאָרגנדיקן אָפּמאַרש!

אין באַראַק איז געוואָרן אַ צערודערונג. שכנים זענען אַרויס כדי זיך צו דערוויסן גענויערע פּרטים און זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט אַ קלאָרער אינפאָרמאַציע, אַז מאָרגן דאַרפן אַלע פאַרלאָזן דעם לאַגער. עס בלייבן איבער בלויז די באַאַמטע.

אויף צו מאָרגנס זענען אַלע שאַפקעס געוואָרן אויסגעליידיקט. יעדער איינער האָט באַקומען אַ שפּייז־צוטיילונג אויף דריי טעג. מיט די פּעק אויף די רוקנס האָבן די מענטשן זיך אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי. מיר האָבן אַרויסמאַרשירט פון לאַגער־טויער אין דער ריכטונג צו מזרח־זייט.

איך בין געגאַנגען צווישן וואַצעקן און זיגמונטן. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך באַוועגט אַ ים פון באַלאָדענע רוקנס און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. שווערע טריט פון באַטשוועקעטע שיך האָבן שאַרף און ראַציק אָפּגעהילכט אויפן אַספאַלטירטן שאָסיי.

ביי די זייטן פון מענטשן־צוג זענען געגאַנגען די וואַכלייט. זיי האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די רייען זאָלן מאַרשירן גלייך מיט דעם זעלבן פוס־טראָט און קיינער זאָל נישט אַרויס פון זיין פינפטל.

— איינס—צוויי, איינס—צוויי!

פריץ האָט געציילט דעם טאַקט מיט דעם זעלבן ריטעם און באַפע־לערישן טאָן, ווי ווען ער האָט אונדז געפירט צו דער אַרבעט נאָך אונדזער אָנקומען קיין דייטשלאַנד. אויף אים, פריצן, איז לחלוטין נישט געווען צו דערקענען, אַז ער גייט מיט אונדז אין אַן עוואַקואַציע־מאַרש.

נאָכן אָפּמאַרשירן עטלעכע קילאָמעטער האָט וואַצעק אָנגעהויבן

איבערצולייגן זיין זאַק מיט די מלבושים פון איין אַקסל אויפן צווייטן. זיין פּנים איז באַנעצט געוואָרן מיט פּאַסן שווייס, וואָס זענען גערונען פון צעשויבערטן קאָפּ האָר.

נאָך די ערשטע פּאָר שעה גאַנג האָט די מענטשן־מאַסע זיך אַוועקגעזעצט רוען ביים ראַנד פון שאָסיי.

פריץ האָט מיט אַ שמאַטקע אָפּגעווישט דעם שטויב פון זיינע שטיוול און פאַררויכערט די לולקע. מיר האָבן פון אים געוואָלט זיך דערוויסן וווהין מען פירט אונדז. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער זייט צו מזרח.

— נאָך פיל צום גיין — האָט ער געענטפערט מיט אַ האַלב מויל, בלאָזנדיק דעם רויך צווישן די ציין.

זיגמונט האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו וואַצעקן, וואָס איז געלעגן מיט אַן אָנגעשפּאַרטן קאָפּ אויפן זאַק און אים געזאָגט:

— האָסט געהערט, וואַצעק? נאָך ווייט צו גיין...

— איז וואָס ווילסטו? זאָל זיין...

— בעסער צעטייל די זאַכן — זיגמונט האָט צו אונדז אַ ווינק געטאָן — איידער דו פּאַלסט מיטן זאַק צוזאַמען...

— צעטיילן?! — האָט זיך וואַצעק אָנגעצונדן — אין דיין מאַמען אַריין! ס'איז דיינס?...

— אַופשטיין! מאַרש!

מיט עטלעכע רייען ווייטער זענען געגאַנגען אַדאַם און קאַזשיק. זיי האָבן געטראָגן די זעק, פאַרגאַרטלטע מיט שטריק צו די רוקנס. די פולע זעק האָבן פאַרשטעלט זייערע קעפּ און עס האָט אויסגעזען, ווי זעק וואָלטן אַליין געגאַנגען אין דער ריי מיט די מאַרשירנדיקע.

וואַצעקס אויגן זענען געוואָרן אָנגעדראָלן פון דער שווערער משא און זיי האָבן כסדר געקוקט פאָרויס צו יענע צוויי רונדע זעק, וואָס האָבן זיך געהוידעט אין גאַנג. ער האָט ווי נישט געזען די מענטשן אַרום זיך, נישט געהערט דאָס קלאַפּן פון די טויזנטער פּאָר שיך אויפן אַספאַלט. פאַר אים זענען געגאַנגען די צוויי זעק, און ער מיט דעם אויסגעקרימטן קאָפּ — נאָך זיי...

די נאַכט איז צוגעפּאַלן. די מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט ביים ראַנד פון וועג, געגעסן ברויט מיט מאַרמעלאַד און פּאַרטרונקען שוואַרצע קאַווע פון די באַנקעס.

וואַצעק האָט נישט געפילט קיין הונגער, ער איז נאָר געווען זייער דורשטיק. מיט איין אָטעם האָט ער אויסגעזופּט די גאַנצע קאַווע פון זיין באַנקע, דערנאָך האָט ער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן זאַק און אָנגעהויבן כראָפּען.

— אָופשטיין!

מיט מידע און שווערע באַוועגונגען האָט וואַצעק אַרויפגעלייגט דעם זאַק אויפן אַקסל און אָנגעהויבן שטעלן פיס אין ווייטערדיקן מאַרש, צווישן דער געדיכטער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער שוואַרצער נאַכט אויף פרעמדע אומבאַקאַנטע וועגן.

אין די פינצטערע הימלען האָבן געדרוישט עראָפּלאַנען. ווייט פאַר אונדזערע אויגן האָבן רויטע פאַסן אַרומגעזוימט די הימל־ראַנדן. פריץ איז געלאָפן אַהין און צוריק און אַריינגעשריגן אין די רייען, אַז מען זאָל פאַרלעשן די פּאַפּיראָסן — עס איז אַן אָנפלי פון פיינטלעכע עראָפּלאַנען. מען זאָל אויך נישט רעדן צווישן זיך, נאָר מאַרשירן, מאַרשירן.

טראַפּ־טראַפּ, טראַפּ־טראַפּ. אַ שוואַרץ פעלד מיט קעפּ, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף. אַרויף און אַראָפּ, איבער קרומע און באַרגיקע וועגן — אויסגעבויגענע רוקנס. און די דייטשישע וועכטער ווערן נישט מיד צו ציילן: איינס־צוויי, איינס־צוויי!

וווהין גייען מיר? וווהין פירן אונדז די וואַכלייט מיט די געפלאָכטענע בייטשן? צי טראַכטן וועגן דעם זיגמונט, פראַנעק און באַגדאַן? זאָל איך פאַר זיי אַנטפּלעקן דעם חשד, וואָס דער מאַרש רופט אַרויס אין מיר? זיגמונט האָט דאָך שוין אַזוי פיל געליטן פון די דייטשן — זאָל איך אים כאָטש זאָגן עפּעס וועגן מיין פאַרדאַכט? ניין, איך טאָר נישט רעאַגירן אַנדערש, ווי די מיט וועמען איך מאַרשיר אין איין ריי.

די שטערן האָבן זיך גענומען לעשן; דער שוואַרצער הימל האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל־בלאָ. דאָס גראָע פרימאָרגן־ליכט האָט אָפּגעדעקט פאַר אונדזערע אויגן אַן אומבאַקאַנטע פרעמדע לאַנדשאַפט מיט

פֿאַרנעפּלטע בערג און גרינע טאָלן. אין אַ טיפֿן ראָוו ביים ראַנד פֿון וועג האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט רוען נאָכן לאַנגן נאַכט־מאַרש.

אויפֿן פֿייכטן גראָז האָט וואַצעק אָנגעהויבן ציטערן פֿון קעלט. ער האָט אויפֿגעבונדן דעם זאַק, אַרויסגעצויגן פֿון דאָרט עטלעכע מלבושים און זיי אויסגעשפּרייט אויפֿן גראָז. דערנאָך האָט ער זיך צוגעדעקט ביז איבער די אַקסלען מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפֿן זאַק.

אַ שוידער איז מיר אַדורך איבערן לייב ווען איך האָב געזען וואַצעקס קאָפּ, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פֿון אונטער דער גראָער טוכענער קאַ־פּאָטע מיטן סאַמעטענעם קעלנערל. איך בין געלעגן איינגעקורטשעט און נישט געקענט איינדרימלען.

באַגדאַן האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ פֿון זיין רוקזאַק און געזאָגט צו וואַצעקן:

— דאָ כאָלערי, שלעפּסט אַ זאַק מיט שמאַטעס... גיב מיר אַ פּאָר שטי־קלעך אויסצושפּרייטן אויף די גראָזן.

— ס'האָט געפֿעלט שמאַטעס „פּאָ זשידאַך"? ווען דו נעמסט, וואָלסטו אויך געהאַט וואָס אונטערצולייגן און מיט וואָס זיך איבערצודעקן — האָט אים וואַצעק געענטפֿערט אַרויסשטעקנדיק דאָס פּנים פֿון אונטערן סאַמע־טענעם קעלנערל.

— אין דיין מאַמען אַריין — האָט באַגדאַן אַרויסגעסיקעט פֿון צווישן די ציין — טראָגסט זיך מיטן זאַק, ווי די „זשידעס" פֿון די קליידער וואָלטן דיך געשטיקט ביים גאָרגל. איר האָט געזען זיינע אַרויסגעזעצטע אויגן מיטן זאַק אויפֿן קאַרק?

וואַצעק האָט אויפֿגעהויבן זיין צעשויבערטן קאָפּ:

— מיין הינטן איז אונטער דער קאַפּאָטע. ווילסט? קען איך זיך אויפֿהייבן און קוש אים...

באַגדאַן איז שטיל געבליבן. מיך האָט געוווּנדערט זיין שווייגן; איך האָב אים געקענט פֿאַר אַ הייסבלוטיקן. פֿון אונטער דער קורטקע האָב איך געכאַפּט אַ בליק און געזען ווי באַגדאַן דרייט זיך און הייבט אַלע מאָל אויף דעם קאָפּ.

— יעזו! יעזו! — האָט זיך דערהערט אַ ווילד געשריי. וואַצעק איז אויפגעשפּרונגען און גענומען קאָלערן דעם ברענענדיקן זאַק מלבושים אויפן נאַסן גראָז.

פאַרשלאָפענע פּנימער האָבן געקוקט אויף וואַצעקן. ער איז געשטאַנען אַ טויט־בלאַסער און געשאָקלט זיינע הענט מיט די אָפּגעבריטע פינגער.

פריץ איז צוגעלאָפן צו וואַצעקן און אים אָפּגעשטופּט פון ברענענדיקן זאַק. מען האָט גענומען וואַרפן אויפן ברענענדיקן זאַק אָפּגעבראָכענע צווייגן און וואַרעמען זיך ביים פייער. פריץ האָט געלאַכט, וואַצעק איז געשטאַנען אין אַ זייט מיט פאַרביסענע ליפּן און באַגדאַן האָט געריבן זיינע הענט ביים פייער...

— אָופּשטיין! — מאַרש!

מיר זענען געגאַנגען פאַרביי חרובע שטעט און פאַרלאָזענע דערפער. ביי די זייטן פון וועג זענען געלעגן אַוועקגעוואָרפענע קעסטלעך, וואַליזקעס און רוקזעק. די קעפּ פון אַדאַמען און קאַזשיקן האָט מען שוין אַרויסגעזען; זייערע זעק זענען איבער נאַכט קלענער געוואָרן אויף אַ העלפט. פון די צעבראָכענע און פאַרברענטע אויטאָס און געפּאַנצערטע מאַשינען, וואָס זענען געלעגן אין די ראָוועס און אויף די זייטיקע פעלדער, האָט מען זיך געקענט משער זיין, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַן אָפּשניט פון פראָנט.

דער מענטשן־צוג איז געבליבן שטיין. אויפן הימל האָבן זיך באַוויזן אַעראָפּלאַנען. פריץ האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. ער האָט געקוקט צו די פאָדערשטע רייען, פאַרריסן דאָס פּנים צום הימל און געהויבן מיט די אַקסלען. דאָס בלייבן שטיין אָן אַ באַפעל האָט אים אויסגעזען נישט פאַרשטענדלעך און פאַרדעכטיקט.

דאָס רוישן איז געוואָרן שטאַרקער. די אַעראָפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן פליען אין אַ רונדן קרייז, נידעריקער און נידעריקער, ביז מען האָט דייטלעך געקענט זען די אַמעריקאַנער אָפּצייכענונג. טויזנטער הענט האָבן זיך ספּאָנטאַן אויפגעהויבן און באַגריסט די פליער מיט ווייסע טיכלעך און אַראָפּגעצויגענע העמדער פון די לייבער. די אַעראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך נידעריקער און געפלויגן לענג־אויס דער מאַסע מענטשן.

## טעג אָן ליכט

פון דער פּאַרנטדיקער קאָלאָנע איז צוגעקומען האַנס און געזאָגט צו פּריצן:

— יאַ, פּריץ, U. S. A.

פּריץ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאַ, U.S.A. — אונזערע זינד אַלע...*

אַ דייטשישער וואַכמאַן, וואָס איז אָנגעלאָפן אויף אַ מאָטאָציקל, האָט געמאָלדן די ביידע וואַכלייט, אַז מען הייבט אָן מאַרשירן אויף צוריק; מיט צען קילאָמעטער פאָרויס האָבן די ענגלענדער אַראָפּגעלאָזט אַ דעסאַנט און אָפּגעשניטן דעם וועג.

די צוזאַמענגעשלאָסענע רייען מענטשן, מיט די הענט איבער די אַק־סלען, האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן צוריק אויף מערב. מידע און צעבראָכענע, מיט וווּנדן אויף די פיס, זענען מיר אָנגעקומען צוריק אין אונדזער לאַגער...

* דאָס מיינט: מיר האָבן שוין נישט מער...

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

די אַמעריקאַנער אַרמיי איז געבליבן שטיין ביי אַ קאַנאַל, אויף אַ צען קילאָמעטער פון וואַטענשייד. אין לאַגער האָט מען דערציילט, אַז די אַמעריקאַנער האָבן געשיקט אַן אולטימאַטום קיין באָכום, דער הויפּט־שטאָט פון וועסטפאַליע, און געוואַרט פון דאָרט אויף אַ באַשלוס פון קאַ־פּיטולאַציע.

נאָך עטלעכע טעג פייער־איבעררייס, האָט ביים צופאַלן פון דער נאַכט זיך באַנייט דער קאַמף מיטן דונערן פון אַן אומאויפהערלעכער קאַנאָנאַדע.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט דער קאַמף. דאָס קנאַלן פון די האַרמאַטן־שאָסן האָט זיך איינגעשטילט אין דער פרי, ווען די אַמעריקאַנער האָבן פאָרסירט דעם קאַנאַל.

פון געלזענקירכען און וואַטענשייד זענען פאַרשוווּנדן אַלע מיליטע־ריש־מונדירטע דייטשן. די אויפגעשטעלטע באַריקאַדן אין די גאַסן זענען געבליבן נישט באַוואַכט. באַוואָפנטע גרופּעס ציווילע דייטשן מיט ווייסע לענטעס אויף די אָרעמס האָבן אָנגעהויבן פּאַטרולירן איבער די גאַסן פון דער שטאָט.

אין לאַגער זענען די ביוראָ־צימערן געווען געשלאָסן. דער קאָמענ־דאַנט מיט אַלע זיינע געהילפן זענען אַוועק. געבליבן זענען די סאַניטאַרן און די קראַנקע אין שפּיטאָל.

ביי אונדז אין באַראַק האָט עס אויסגעזען ווי אויף אַ וואָקזאַל, מיט די אָנגעוואָרפענע פּעק, וואַליזקעס און רוקזעק. יאַן מיטן גרויסן קאָפּ האָט זיך דערמאָנט אין זיין גראַמאָפאָן. ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס רויטע קעסטל מיט דער גרינע טרובע אויף אַ טיש אין עק באַראַק, אַ דריי געטאָן דאָס קאָלבעלע און עס האָבן זיך דערהערט די גרילצנדיקע

טענער פון אַ מאַזורקע. יאַן האָט אָנגעהויבן אונטערשפּרונגען און טופּען מיט די שווערע האַרטע שטיוול.

— הו־האַ, הו־האַ! — האָבן די שכנים קלאַפּנדיק מיט די פויסטן איבן טיש צוגעגעבן יאַנען מוט.

— הוליעט, כלאָפּצי! מיר פאָרן אַהיים! — האָט יאַן געהאָפּקעט און געדרייט זיך אין דער מיט פון באַראַק.

פראַנעק איז געקומען צו לויפן און דערציילט, אַז באַגינען זענען אַוועק פון לאַגער גאַנצע מחנות קיין געלזענקירכען, דאָרט אויפגעריסן מאַגאַזינען מיט שפּייז און צוריקגעקומען מיט פולע זעק. פראַנעק האָט גערופן די שכנים, אַז זיי זאָלן גיין מיט אים אין שטאָט אַריין.

יאַן איז צוגעלאָפן צום גראַמאָפאָן און אויפגעהויבן די שפּילקע פון דער פּליטע. דערנאָך האָט ער אויסגעשאָטן פון זאַק זיינע זאַכן און זיך צעשריגן:

— כלאָפּצי, קומט ראַבירן!

וואַצעק האָט געכאַפּט זיין טאָרבע און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן מיר און זיגמונטן.

— איילט אייך צו, ייִנגלעך — האָט וואַצעק מיט אומגעדולד גערופן.

— איך גיי נישט!

— איך אויך נישט — האָט זיגמונט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— פּחדנים — האָט יאַן זיך גראָב צעלאַכט און אַ שלעפּ געטאָן וואַצעקן.

לויפנדיק, האָבן זיי דעריאָגט פראַנעקן מיט דער גרופּע, וואָס איז אַרויס פון באַראַק מיט זעק אונטער די אָרעמס.

קאַצפּער איז אַריין אין באַראַק אַ צעהיצטער און אין איין אָטעם האָט ער געשריגן:

— קומט, לאָמיר לויפן קיין וואַטענשייד! ייִנגלעך האָבן געפונען אַ קעלער מיט בראָנפן!

— גיי נישט! — האָב איך געזאָגט זיגמונטן און אים איינגעהאַלטן פאַרן אַקסל.

אין באַראַק איז געוואָרן האַלב ליידיק. אַ מחנה שכנים איז נאָכגעגאַנגען קאַצפּערן און געשריגן:

— „אידזשעמי נאַ ווודקען״ (מיר גייען אויף בראָנפן) !...

באַגדאַן, לעאָן און פּיעטשאַק זענען צוריקגעקומען פון געלזענקירכען מיט ליידיקע הענט. זיי האָבן אויסגעזען בלאַס און נערוועז. נאָך זיי זענען געקומען אַנדערע פון דער גרופּע, סאַפּענדיק שווער און מיט צעשראָקענע אויגן. איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן:

— פראַנעק איז דערשאָסן געוואָרן דורך די ציווילע דייטשן ווי נאָר ער איז אַרויס פון מאַגאַזין.

— וואַצעק איז געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער אין מיטן לויפן. ער האָט געשריגן, אַז מען זאָל אים ראַטעווען.

— יאַן איז געבליבן ליגן אַ טויטער...

קוויעק, וואָזשניאַק און סטעפאַן זענען אַריינגעפאַלן אין באַראַק מיט שיכורע קולות און געבליבן ליגן ביי דער טיר. טאַדעוש, וואָס איז געקומען אַ ביסל שפּעטער, האָט געציטערט פון אויפרעגונג און דערציילט וועגן די אַנגעטרונקענע אין דעם קעלער, ווו עס איז אויסגעבראָכן אַ שרפה. אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען אומגעקומען אין די אויפרייסן.

בראָנעק און אַנטעק זענען געקומען פון גאַס מיט שפּאַצירנדיקע טריט און געפירט ביי די טאַליעס צוויי פרויען, וואָס האָבן אָן אויפהער געלאַכט.

אין אַנדערן עק באַראַק איז נאָך געשטאַנען יאַנס גראַמאָפאָן מיט דער פּליטע פון דער נישט-פאַרענדיקטער מאַזורקע.

די נאַכט איז אַריבער רויק. באַגינען, ווען מען איז אַרויס פון בונקער, האָבן ווייסע פענער געפלאַטערט אויף די הייזער. פון די וועגן האָט מען געהערט דאָס שווערע קלאַפּן פון די אַמעריקאַנישע פאַנצער-וואָגנס, וואָס האָבן אין לאַנגע קאָלאָנעס זיך געצויגן אויף מזרח.

אין באַראַק זענען געווען אָפן טיר און פענצטער. בראָנעק און אַנטעק זענען געשלאָפן אין זייערע בעטן מיט די פרויען, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון גאַס. קוויעק, וואָזשניאַק און סטעפאַן זענען געלעגן מיט צעוואָרפענע הענט און פיס. זייערע פּנימער זענען געווען שוואַרץ און פון זייערע מיילער איז גערונען אַ ווייסער שוים.

הינטער דער וואַנט פון באַראַק האָבן לודוויג און יוזעף געהאַקט די ערד ביים גראָבן אַ קבר.

אויף מזרח־זייט האָט זיך דער הימל אָנגעצונדן אין די ליכט־פּאַסן פון דער אויפגייענדיקער זון. צוזאַמען מיט זיגמונטן האָב איך פאַרלאָזט דעם לאַגער.

אין קאָטענבערג האָט געהערשט אַ כאַאָס צוליב די מאַסן אַנגעלאָפענע פּליטים. מיר ביידע, איך און זיגמונט, האָבן גענומען טראַכטן וואָס ווייטער צו טאָן.

— וואָס מיינסטו, סטאַניסלאַוו?

— איך האָב באַשלאָסן צו זוכן אַ וועג קיין פראַנקרייך — האָב איך אים געענטפערט.

— גוט — האָט זיגמונט תיכף מסכים געווען — מיר פאָרן צוזאַמען קיין פראַנקרייך.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען מיר אָנגעקומען אין אַ צווייטן לאַגער, וווּ מיר האָבן געפונען בעסערע לעבנס־באַדינגונגען און אויך מעדיצינישע הילף. דער דאָקטער האָט אונדז ביידע באַטראַכט און פאַר מיר האָט ער אויסגעשריבן פּאַפּירן אין שפּיטאָל אַריין, אַז מען זאָל דאָרט אונטערזוכן מיינע לונגען.

דער וועג צום שפּיטאָל איז געווען אַ לאַנגער. איך האָב זיך דערוווּסט פון זיגמונטן אויף אַ מהלך איבער 150 קילאָמעטער, אויף דער אַנדערער זייט פונעם ריין.

נאָך צוויי וואָכן ליגן אין בעט האָב איך אָנגעהויבן אַרומגיין אין די קאָרידאָרן פון שפּיטאָל. איך האָב געזוכט צווישן די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן כאָטש איינעם מיט אַ יידישן פּנים, און נישט געפונען.

דעם אַמעריקאַנער סאַניטאַר, וואָס האָט גערעדט אַ ביסל דייטש, האָב איך געבעטן, אַז ער זאָל מיר שאַפן אַ מעגלעכקייט אויפגענומען צו ווערן דורכן מיליטערישן גלח פון שפּיטאָל. דעם זעלבן טאָג האָט מיר דער סאַניטאַר איבערגעגעבן אַ צעטעלע מיטן נומער פון גלחס צימער און די שעה ווען איך וועל קענען צו אים אַריינגיין.

ביי דער טיר פון גלחס צימער האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן. די האַנט האָט געציטערט ביים באַרירן די קליאַמקע.

אַ יונגער סאָלדאַט האָט מיך אַדורכגעלאָזט אין אַ גרויס ליכטיק צימער, וואָס איז געווען אַרומגעשטעלט מיט ביכער אויף די ווענט. איך האָב זיך גלייך אָנגעטראָפן מיטן בליק פון אַ מאַן אין ברילן, מיט אַ ווייס העמדל איבער די מיליטערישע קליידער. איך האָב זיך טיף פאַרנייגט און געבליבן שטיין אין מיטן צימער.

אַ מינוט פון געשפּאַנטער שטילקייט. איך האָב געפילט אויף זיך שאַר־פע בליקן. דער גלח האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט אויף צוריק. דער זעלנער האָט זיך אויפגעשטעלט אנטקעגן מיר און מיט אַ שטראָפנדיקער שטים געפרעגט מיך אויף פויליש:

— אַ פּאָליאַק? אַ קאַטאָליק? און דו ווייסט נישט, אַז פאַר אַ גלח אין זיינע גייסטלעכע קליידער דאַרפסטו קניען? נאָך וואָס ביסטו דאָ אַריינגעקומען? ווער ביסטו?

— יעסטעם זשידעם (איך בין אַ ייד)! — האָב איך אויסגערופן, ווי נישט מיט מיין קול, און כ׳בין געבליבן שטיין ווי איך וואָלט פּלוצלינג פאַרלוירן דאָס לשון.

דער גלח האָט גענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און איך האָב גע־הערט, ווי ער האָט דערין אַריינגערעדט: „דאָקטאָר שטיינבערג, דאָקטאָר שטיינבערג".

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן איינער אין אַ ווייסן פאַרטעך. דער גלח איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט. ביידע האָבן זיך פריינדלעך באַגריסט און אָנגעהויבן רעדן קוקנדיק אויף מיר.

— דו ביסט אַ ייד? — האָט דער אין ווייסן פאַרטעך מיר געפרעגט אויף יידיש און דערביי אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל.

איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. מיר איז נאָך אַלץ שווער געווען אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

— פאַר וואָס ציטערסטו? פילסט זיך שלעכט? איך בין אַ יידישער דאָקטער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

איך האָב אָנגעהויבן רעדן, אָבער איך האָב נישט געקענט אַרויס־ברענגען קיין גאַנץ וואָרט.

— קום מיט מיר — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און מיך אָנגענומען ביי דער האַנט.

דער גלח האָט מיט אַ האַנט־צייכן מיך פאַרהאַלטן און אַרויסגענומען פון זיין שרייבטיש אַ ספרל מיט גרינע צעראַטענע טאָוועלעך. ער האָט דאָרט עפּעס אָנגעשריבן און מיר עס דערלאַנגט. דער דאָקטער האָט פאַר מיר איבערגעזעצט אויף יידיש דעם גלחס ווערטער:

— דאָס סידורל גיט דיר דער גלח א מתנה. ווען דו וועסט צוריק אַריין אין נאָרמאַלן לעבן, בעט ער דיך, אַז דו זאָלסט אים אָנשרייבן אַ בריוו אויף דעם אַדרעס.

ווען מיר זענען אַרויס פון גלחס צימער האָט דאָקטאָר שטיינבערג געזאָגט:

— ביסט אַריין אַ גוי און אַרויס אַ ייד...

צווישן די טויזנטער פּליטים אין דעם גרויסן פוילישן לאַגער האָב איך זיך געפילט איינזאַם און עלנט.

איין מאָל איז איינער אַריינגעקומען און געבראַכט אַ קעסל מיט עסן. די שכנים פון דער „שטובע" זענען צוגעקומען צום טיש און דער זעלבער האָט זיי מיט אַ שעפּלעפל אָנגעפילט די שיסלען מיט זופּ. איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו דעם יונגנמאַן, צו זיינע באַוועגונגען, און מיך האָט אַרומ־געכאַפּט אַ פרייד פון אויפגעקומענעם געדאַנק, אַז דער אָ שאַטינער בחור מיט די שוואַרצע אויגן און מיט די שטילע נישט דרייסטע טריט איז אַ ייד. ווען מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט די בליקן, האָב איך אים געגעבן אַ ווונק, אַז ער זאָל מיר נאָכגיין. אין דרויסן האָב איך צו אים אויס־געצויגן די האַנט און געזאָגט:

— איך בין אַ ייד...

— איך האָב גלייך פאַרשטאַנען...

— ווער ביסטו און פון וואַנען שטאַמסטו? — האָב איך אים געפרעגט.

— מיין נאָמען — האָט ער מיר געזאָגט זיך אַרומקוקנדיק — איז יצחק ליבזאָן. איך בין אַ זון פון אַ העברעישן לערער אין וואָלקאָוויסק.*

מיר זענען אַוועקגעגאַנגען אין אַ ווינקל פון לאַגער, מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין פון אַ חורבה און דאָרט האָבן מיר זיך ביידע געגעבן צו דערקענען.

יצחק האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון זיינע איבערלעבונגען אויפן פראָנט אַלס סאָלדאַט אין דער רויטער אַרמיי, דערנאָך אין דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט, ווו ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה אַלס אַ טאָטער...

צווישן די טויזנטער פליטים אין לאַגער איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער וויכוח. שליחים פון דער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאָנדאָן האָבן אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען אַגיטירט נישט צוריקצופאָרן קיין פוילן. אַנדערע האָבן געפירט אַ פראָפּאַגאַנדע פאַר יאָ צוריקפאָרן קיין פוילן. אין איין עק לאַגער זענען געשטאַנען רייען מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אַהיימצופאָרן; אין צווייטן עק לאַגער האָבן אַנדערע זיך פאַרשריבן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַלס וועכטער פון דייטשישע קריגס־געפאַנגענע.

צוזאמען מיט יצחקן האָב איך זיך פרייוויליק מאָביליזירט אין דער אַרמיי קיין פראַנקרייך. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט אונדז אַ לאַנגער פראַכט־צוג אַוועקגעפירט פון דער דייטשער ערד.

אין מיליטערישן לאַגער אין פראַנקרייך האָבן אַמעריקאַנער אָפיצירן איינגעגלידערט און אָרגאַניזירט די מאַסן אָנקומענדיקע פוילישע רעקרוטן. נאָכן ערשטן אַפּעל בין איך צוגעגאַנגען צו איינעם פון די פויליש־רעדנ־דיקע אָפיצירן און געזאָגט מיט זייער אַ פאַרזיכטיקער, אָבער געריטער שטים:

— איך האָף, אַז מיין געפיל האָט מיר נישט גענאַרט. איר זענט אַ ייד?

דער אָפיציר האָט לכתחילה אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט פאַרוווּנ־דערונג. נאָך אַ פּאָר מאָל אויסמעסטן מיין גוף מיט זיין שאַרפן דורכדרינג־

* י. ליבזאָן געפינט זיך איצט אין ישראל, קיבוץ ניר־דוד.

לעכן בליק, האָט ער אין אַ ליטווישן יידיש, שטיל אָבער מיט אַ געשפּאַנ־טער נייגעריקייט, געפרעגט:

— אַ ייד? פון וואַנען?

— פון פּוילן.

דער אָפיציר האָט אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ:

— קום מיט מיר.

איך בין נאָכגעגאַנגען זיין פעסט געבויטן גוף מיט די שטאָלצע מילי־טערישע טריט, ביז ער האָט געעפנט אַ טיר און מיר ביידע זענען געבליבן אין זיין ביוראָ־צימער. דאָרט האָב איך אים דערציילט וועגן מיינע איבער־לעבונגען. דער יידישער אָפיציר האָט תיכף טעלעפאָניש אַרויסגערופן אַ מיליטערישן ראַבינער און ביידע צוזאַמען האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו באַפרייען מיך מיט יצחקן פון מיליטער.

איבערגעטזועגע אין נייע גרינע מונדירן האָב איך שפּאַצירט מיט יצחקן און גערעדט וועגן דער זעלטענער באַגעגעניש מיט די ביידע אַמעריקאַנער יידן. פּלוצלינג האָב איך דערפילט, ווי עמעצער כאַפּט מיך אַרום:

— סטאַניסלאַוו?!

— זיגמונט!

מיט אַן אומגעהויערער פרייד האָבן מיר זיך געדריקט די הענט צוליבן אומגעריכטן צוזאַמענטרעף. יצחק האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט און אָבסערווירט ווי איך מיט זיגמונטן זעצן זיך אַוועק אויפן גראָז, נאָך אַלץ פאַרטיפט אין די דערציילונגען וועגן די טעג נאָך אונדזער צעשיידן זיך.

— נו, סטאַניסלאַוו, ווי לאַנג מיינסטו וועלן מיר דאָ בלייבן היטן די געפאַנגענע שוואַבעס? — האָט זיגמונט מיר געפרעגט.

— זיגמונט, איך קען דיר אויף דער פראַגע נישט ענטפערן. איך פאַרלאָז דעם מיליטערישן לאַגער...

— וואָס זאָגסטו, סטאַניסלאַוו — האָט זיגמונט אויסגערופן זיך אויפ־זעצנדיק — וווּהין פאָרסטו? אַליין? אָן מיר?...

איך האָב זיגמונטן מכבד געווען מיט אַן אַמעריקאַנער פּאַפּיראָס און אים געענטפערט:

— יאָ, זיגמונט, איצט צעגייען זיך אונדזערע וועגן.

— צום טייוול! דו מאַכסט מיר נייגעריק, סטאַניסלאַוו. וואָס איז געשען? פאַר וואָס? — זיגמונט האָט מיט איבערראַשונג געקוקט אויף מיין פנים און אויפן פאַפּיראָס, וואָס האָט זיך געטרייסלט צווישן מיינע פינגער...

— ווייסט פאַר וואָס, זיגמונט? ווייל דער סטאַניסלאַוו, וואָס זיצט דאָ מיט דיר, איז אַ ייד...

זיגמונט איז בלאָס געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן. מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט ער זיך געבעטן:

— אָבער... סטאַניסלאַוו... איך האָב דאָך דיר קיין שום שלעכטס נישט געטאָן.

איך האָב אָנגעכאַפּט זיינע ציטערנדיקע הענט און געזאָגט:

— זיגמונט, באַרויק זיך. איך האָב צו דיר גאָרנישט... איך האָב דיר בלויז דערציילט דעם סוד, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געמוזט באַהאַלטן...

זיגמונטן האָט געיאָגט פון דעם אָרט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון גראָז, און איך — נאָך אים. מיר זענען זיך שטילשווייגנדיק פונאַנדערגעגאַנגען.

אַ ביסל שפּעטער איז ער צוגעקומען צו מיר מיט זיינעם אַ חבר און געזאָגט אַ באַרויקטער:

— נעם, סטאַניסלאַוו, מיין בילד אַלס אָנדענק...

מיט אָט די ווערטער האָט ער זיך געזעגנט.

אויף צו מאָרגנס באַגינען האָט דער יידישער אָפיציר אַוועקגעפירט מיך מיט יצחקן אין זיין מיליטערישן וואָגן צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע, אויסגעקויפט פאַר אונדז בילעטן קיין פּאַריז און אונדז געווונטשן:

— זייט מצליח אויף אייער נייעם וועג...

אין פענצטער פון לויפנדיקן צוג האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ נייע לאַנדשאַפט. און אין וואַגאָן האָב איך דערהערט רעדן אַ נייע שפּראַך — די שפּראַך פון גוטע און פרידלעכע מענטשן.